עריך מאַריאַ רעמאַרק

# אויפֿן מערב־פֿראָנט קיין נייעס

איינציקע אויטאָריזירטע
יידישע איבערזעצונג

פֿאַרלאַג ב. קלעצקין, וואַרשע
1929

איינציקע אויטאָריזירטע
איבערזעצונג פון דייטש
י. באַשעוויס

---

אונטער דער רעדאַקציע פון
מיכאל ווייכערט



*PRINTED IN POLAND*

---

E. M. Remarque
OJFN MAREW-FRONT KEIN NEIS

---

Wyd. B. Kleckin, Warszawa, 1929.

---

Druk. B-ci Wójcikiewicz, Pawia 10, tel. 265-82.

# עריך מאַריאַ רעמאַרק

## וועגן זיך און וועגן זיין בוך

אָנהויב היינטיקן יאָר האָבן זיך אין בערלינער טאָגבלאַט „פאָסישע צייטונג" געדרוקט אין המשכים מלחמה־נאָטיצן אונטער דעם קעפּל: „אויפן מערב־פראָנט קיין נייעס". דער מחבר פון די דאָזיקע נאָטיצן, עריך מאַריאַ רעמאַרק, איז אין דער דייטשער ליטעראַטור געווען אַ פּנים חדשות. נישט געקוקט דערויף, איז די פאַרינטערעסירונג מיט די נאָטיצן אין דער „פאָסישער צייטונג" געווען זייער אַ שטאַרקע. די פאַרינטערעסירונג איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען זיי זענען אַרויס אין בוך־פאָרם. רעמאַרקס ווערק איז געוואָרן דאָס פארשפּרייטסטע בוך אין דייטשלאַנד פאַר דער לעצטער צייט, אין די ערשטע דריי חדשים איז עס זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין אַ האַלבן מיליאָן עקזעמפּלאַרן, און ווייטערדיקע הונדערטער טויזנטער ווערן פאַרשפּרייט. אַחוץ דער ענגלישער און אַמעריקאַנישער אויסגאַבע, וואָס זענען אַרויס אייניצייטיק מיט דער דייטשער, איז דאָס בוך שוין איבערגעזעצט געוואָרן אויף פראַנצויזיש, האָלענדיש, שוועדיש, דעניש, נאָרוועגיש, אונגאַריש, שפּאַניש, טשעכיש, פּויליש, איטאַליעניש, רוסיש, לעטיש, פיניש, יידיש. עס איז געוואָרן דאָס פּאָפּולערסטע מלחמה־בוך אין גאָר דער וועלט.

אָט־די אויסערגעוויינלעכע פאַרשפּרייטונג איז דער בעסטער באַווייז, ווי אַזוי דאָס בוך האָט געטראָפן צום האַרצן פון די לעזער, סיי פון

יענע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין קריג, און איצט האָבן זיי געפונען אין בוך זייער אייגן פּיין און לייד, סיי פון אַזעלכע, וואָס זענען אַליין נישט געלעגן אין די שוץ־גרובנס און וואָס זיי האָט דאָס בוך געעפנט די אויגן אויף דעם אמתן פּרצוף פון דער מלחמה.

נישט אַזוי איינהייטלעך איז געווען דער קבלת פּנים מצד דער קריטיק. טייל קריטיקער האָבן געפונען גרויסע ליטעראַרישע און נאָך גרעסערע מענטשלעכע מעלות אין ווערק, אַנדערע האָבן אַרויסגערוקט אַסך באַוואָרענישן, און נאָך אַנדערע האָבן אינגאַנצן אַוועקגעמאַכט דאָס בוך. וואָס מער עס איז געוואַקסן דער טיראַזש פון בוך, וואָס מער די באַרימט־קייט פון מחבר — זי איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז מען האָט אים אַרויסגערוקט פאַר אַ קאַנדידאַט צו דער נאָבעל־פּרעמיע פאַר שלום — אַלץ אָפטער האָבן זיך געלאָזט הערן די שטימען פון קעגנער. ווי אומעטום, איז אויך אין דער ליטעראַטור־בראַנזשע קנאה אַן ענין.

הגם דער מחבר האָט זיך אין זיין קורצינקער הקדמה בפירוש באַ־וואָרנט, אַז זיין בוך האָט נישט קיין שום פּאָליטישע טענדענצן, האָט מען גאָר גיך — ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פאַלן — דעם שווערפּונקט פון די דיסקוסיעס אַריבערגעטראָגן אויפן פּאָליטישן באָדן. מען האָט גע־נומען קוקן אויפן בוך, ווי אויף אַ מיטל פון פּראָפּאַגאַנדע. האָט אַ טייל געזען אין אים פּאַציפיסטישע טענדענצן, אַנדערע — מיליטאַריסטישע. אַ גאַנצע פּאָלעמיק האָט זיך צעפלאַקערט אין צייטונגען און זשורנאַלן אַרום בוך און מחבר, און ווי די טבע איז פון פּאָלעמיקער, האָט מען באַלד אַריינגעצויגן אויך דאָס פּערזענלעכע לעבן און די פריערדיקע טע־טיקייט פון מחבר אין דעם שטרייט.

עס זענען געשאַפן געוואָרן לעגענדעס, אויסגעטראַכט געוואָרן בבאַ־מעשיות, פאַרשפּרייט געוואָרן כלערליי רכילותן. דער איינציקער פּועל־יוצא פון דער גאַנצער העצע איז געווען, וואָס דער טיראַזש פון בוך איז נאָך מער געוואַקסן, דער נאָמען פון מחבר איז נאָך פּאָפּולערער געוואָרן.

מיר האַלטן זיך אָפּ צו ברענגען דאָ וועלכע נישט איז קריטישע אָפּהאַנדלונגען און מיינונגען וועגן ווערט פון בוך. מיר געפינען אָבער, אַז עס וועט זיין אינטערעסאַנט פאַר דעם לעזער צו באַקענען זיך מיט די פּאָר געדאַנקען, וואָס עריך מאַריאַ רעמאַרק האָט אַרויסגעזאָגט אין שמועסן וועגן זיך און זיין ווערק.

אין די אַלע דיסקוסיעס אַרום דעם בוך האָט רעמאַרק נישט געהאַלטן פאר נויטיק צו נעמען אַליין אַ וואָרט עפנטלעך. ער געפינט, אַז ווען אַ קינסטלעריש ווערק איז פארטיק, האָט דער מחבר גאָרנישט מער צוצוגעבן צו דעם, אַפילו דעמאָלט, ווען מען פארשטייט עס נישט ריכטיק. אויב דאָס ווערק איז נישט קיין געראַטנס, דאַן האָט דאָס רעדן מצד דעם מחבר וועגן דעם ווערק קיין שום צוועק נישט. וואָס שייך זיין בוך, האַלט רעמאַרק, אַז פאַלש פארשטאַנען האָבן עס נאָר יענע, וואָס זענען לכתחילה אויסן געווען, עס פאלש צו פאַרשטיין.

„דאָס בוך איז אומפּאָליטיש. און תחילת איז טאַקע דער איינדרוק געווען אינגאַנצן אַן אומפּאָליטישער. ערשט צוליב דעם ערפאָלג, האָט מען עס אַריינגעצויגן אין פּאָליטישע דעבאַטעס. דערביי — מיין איך — ווערט מער אַטאַקירט די גרויסע אויפלאַגע, איידער דאָס בוך גופא. מען געפינט אויך דעריבער אין די דאָזיקע אַטאַקעס וויניק זאַכלעכע קריטיק, און אַסך וויסטע זידלערייען און פּערזענלעכע אָנפאַלן. אַן אַלט מיטל: ווען מען קאָן נישט באַקעמפן אַ ווערק, פּרוּווט מען דיסקרעדיטירן דעם מחבר. דערביי טרעפן זיך ביז גאָר קאָמישע סיטואַציעס. למשל: די אייגענע צייטונגען, וואָס האָבן תחילת געבראַכט באַגייסטערטע רעצענזיעס, דרוקן מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער פּונקט דעם היפך דערפון. אָבער אָט דער גאַנצער טאַראַראַם איז דער בעסטער באַווייז, אַז דאָס בוך איז נישט טענדענציעז".

„מען וואָלט נאָך געקאָנט באַטראַכטן דאָס בוך פון דער פּאָליטישער זייט, ווען עס וואָלט געגעבן אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג און אַן אַלגעמיינע באַשרייבונג פון דער מלחמה, אָבער קוקט נאָר אָן מיין בוך אָן פּניות. עס באַגרענעצט זיך בכיוון בלויז אויף אַ גאַנץ קליינעם אויסשניט פון קריג. ווען איך וואָלט אויסן געווען אָנצושרייבן אַ „בוך וועגן דער מלחמה" — וואָלט איך דען אַליין נישט געמוזט מודה זיין, אַז מיין איצטיק בוך איז זייער נישט פולשטענדיק? פּשוט דערפאַר, ווייל עס שילדערט בלויז די איבערלעבונגען פון עטלעכע יונגע שילער־זעלנער און זייערע פריינט. בעת מענטשן פון אַנדערע פּראָפעסיעס און פון פארשידענע יאָרן האָבן געהאַט פּונקט אַזוינע שווערע אָדער נאָך שווערערע איבערלעבונגען; עס דערציילט בלויז וועגן איין טייל פון מיליטער: אינפאַנטעריע און בלויז וועגן איין פראָנט; עס נעמט אַרום אינגאַנצן אַ צייט פון עטלעכע

חדשים פון די צוויי לעצטע מלחמה־יאָרן, בעת די ערשטע מלחמה־יאָרן זענען אָן ספק געווען רייכער אין איבערלעבונגען; עס זעט די געשעענישן בלויז פון דער ענגער פּערספּעקטיוו פון פּשוטן זעלנער אין שוץ־גרובן. מיליטערישע, סטראַטעגישע, פּאָליטישע, סאָציאַלע, רעליגיעזע קוק־ווינקלען ווערן נישט גענומען אין אַכט. עס קומען נישט פֿאַר קיין אָפּענזיוועס, קיין פּאַרמאַרש, קיין באַוועגונג־קריג, בלויז עטלעכע וואָכן פון מיטעלער קאַמף־טעטיקייט. דאָס דרינגט שוין אַרויס פון טיטל גופא".

„דער עיקר איז געווען די שילדערונג פון דער ווירקונג, וואָס די מלחמה האָט געהאַט אויף די יונגע מענטשן. אונזער דור איז אויפגע־וואַקסן אַנדערש, ווי אַלע דורות פאר אים און נאָך אים. די שטאַרקסטע איבערלעבונג פון אונזערע מענטשן איז געווען די מלחמה, אַלץ איינס, צי זיי האָבן געהאַט צו איר אַ פּאָזיטיווע באַציונג, צי אַ נעגאַטיווע, צי זיי האָבן זי באַנומען נאַציאָנאַליסטיש, פּאַציפיסטיש, אַוואַנטוריסטיש, רעליגיעז אָדער סטאָיש. מען האָט געזען בלוט, גרויל, אומקום, קאַמף און טויט — דאָס איז געווען די אַלגעמיינע מענטשלעכע איבערלעבונג פון אַלעמען. און אויף אָט דער איינער איבערלעבונג האָב איך מיך באַוווסט־זיניק באַגרענעצט. די וויכטיקע רעפלעקסיעס, וואָס זענען פאַראַן אין בוך, פאַרנעמען זיך בלויז מיט אָט דער ריין־מענטשלעכער איבערלעבונג פון דער מלחמה. זיי מיידן אויס יעדע פּאָליטישע, סאָציאַלע, רעליגיעזע אָדער וועלכע ס'איז אַנדערע שטעלונג. דערצו האַלט איך מיך פּונקט אַזוי ווייניק באַרופן, ווי אָנצושרייבן אַ געשיכטע פון קריג. איך האָב גערעדט בלויז וועגן שוידער, וואָס אַלע האָבן איבערגעלעבט, וועגן גרויל, וועגן דעם פאַרצווייפלטן, אָפט רויען דראַנג צו דערהאַלטן דאָס לעבן קעגן טויט און פאַרלענדונג". „די סיטואַציעס אין בוך זענען אמתדיק און איבער־געלעבט, זיי זענען נישט איבערגעטריבן, נישט אין איין זייט און נישט אין דער צווייטער".

„פאַר הונדערטער טויזנטער מענטשן איז די איבערלעבונג פון דער מלחמה אַריבער, ווי אַ טוש פון וואַסער. אַנדערע זענען לכל־הפּחות אַרויס נישט צעבראָכענע. נאָך אַנדערע האָבן זיך אַפילו אַזוי צוגעוווינט צו איר, אַז זיי האָבן שפּעטער נישט געקענט לעבן אָן מלחמה. אָבער וויכטיק זענען די איבעריקע, די אומגעציילטע צעריסענע, געטראָפענע, וואָס זענען מסוגל געווען איבערצולעבן די מלחמה און וואָס זענען דערנאָך געוואָרן קרבנות

פון זייערע איבערלעבונגען. אַט די האָבן ערשט איצט אָנגעהויבן צו געפינען דעם וועג צו זיך. דער בעסטער באַווייז, אַז דער יחיד האָט נאָך נישט גובר געווען ביז איצט די איבערלעבונגען פון קריג, איז דאָס, וואָס אין משך פון כמעט צען יאָר האָט קיינער נישט געוואָלט אַפילו הערן עפּעס דערפון. עס איז נישט געווען מעגלעך, נישט געוואונטשן, נישט דרינגלעך, צו שרייבן וועגן דער מלחמה. ווי אַ מאָמענט פון פּאָליטישע דיסקוסיעס האָט מען די מלחמה פאַרמשפּט אָדער פאַרהייליקט, אָבער די *פּערזענלעכע* איבערלעבונג האָט דער יונגער מענטש פון אונזער דור ווייט נישט גובר געווען. זי האָט אין אים ווייטער געווירקט, געדריקט אים ווי אַ קאָשמאַר, אַרויסגערופן אַ מצב פון אומרויקייט, סקעפּסיס, הארטקייט און וואקלדיקער ציללאָזיקייט".

„מיט מיר איז אויך געשען דאָס אייגענע. נישט די בילדער, די וויזיעס פון די מלחמה־איבערלעבונגען האָבן מיך געדריקט, נאָר דער אַלגעמיינער מצב פון פוסטקייט, סקעפּסיס, אומרו. עס איז מיר פריער קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו שרייבן וועגן קריג. איך בין דעמאָלט, פאַראַיאָרן פרילינג געווען פאַרנומען מיט גאַנץ־אנדערע ארבעטן. איך בין געווען אָנגעשטעלט ווי אַ בילדער־רעדאַקטאָר ביי אַ זשורנאַל. אין די אָוונטן האָב איך מיך אָפּגעגעבן מיט פארשידענע זאַכן. אזוי האָב איך, למשל, געמאַכט פאַרשידענע פּרוון אָנצושרייבן אַ פּיעסע, אָבער דערפון איז ווייניק־וואָס אַרויסגעקומען. איך האָב געליטן פון שווערע אָנפאַלן פון יאוש. ווענדיק זיי בייקומען, האָב איך פּאַמעלעך, באַוווסטזיניק און סיסטעמאַטיש גענומען זוכן די סיבה פון מיין מרה־שחורה. אַ דאַנק אַט דעם באַוווסטזיניקן אַנאַליז, בין איך צוריקגעקומען צו מיין מלחמה־איבערלעבונג. אַן ענלעכן צושטאנד האָב איך באַמערקט ביי אַסך פון מיינע פריינט און באַקאַנטע. מיר אַלע זענען געווען — און אָפּט זענען מיר נאָך — אומרויק, אָן אַ ציל, אָט עקזאַלטירט, און אָט גלייכגילטיק, אָבער אין אונזער טיפסטער טיפעניש — טרויעריק. דער שאָטן פון קריג האָט געהאַנגען איבער אונז און דווקא דעמאָלט, ווען מיר האָבן אַפילו וועגן דעם נישט געטראַכט. אין דעם אייגענעם טאָג, ווען דער דאָזיקער געדאַנק איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר, האָב איך גענומען שרייבן, אָן אַ לאַנגן ישוב־הדעת. יעדן אָוונט, ווען איך בין געקומען פון ביוראָ,

האָב איך געשריבן, דאָס האָט געדויערט זעקס וואָכן און דאָס בוך איז געווען פאַרטיק".

„איך האָב געפילט, ווי וויכטיק עס איז געווען, אויסצוגעפינען די סיבות פון מיין מצב. קענען אַ צושטאַנד — איז דאָס בעסטע מיטל, צו באַפרייען זיך פון אים. דאָס האָבן שפּעטער אויך באַשטעטיקט אין די בריוו צו מיר אַסך מענטשן פון מיין עלטער. זיי אַלע האָבן אַרויסגעפילט פון דעם בוך נישט פּעסימיזם, נאָר באַפרייונג".

„אין ריין־ליטעראַרישן זין האָב איך תחילת נישט געהאַט קיין שום צוטרוי צו מיין אַרבעט, ווייל איך האָב צום ערשטן מאָל געשריבן אויף אַזאַ שטייגער. פריער פלעג איך גאַנץ אַנדערש אַרבעטן, איך האָב געמאכט עקספּערימענטן, האָב מיך געפּייניקט צו געפינען אַ סטיל, אָבער אַלץ איז געבליבן בלייך און אָן פאַרב, און קיינמאָל בין איך נישט געווען צופרידן. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס איך בין פריער געגאַנגען אינגאַנצן אויף אַ פאַלשן וועג".

„דער כתב־יד איז געלעגן כמעט אַ האַלב יאָר אין מיין שרייבטיש און איך האָב נישט געפּרוווט פאַרצולייגן אים ווּעמען ס'איז. מיינע פריינט האָבן אָבער נישט אויפגעהערט מיך צוצורעדן, און איך האָב זיי געפאָלגט. דאָס איבעריקע איז צוגעגאַנגען גיך. און דער ערפאָלג איז געווען פאַר מיר אַן אמתער סורפּריז".

„די באַקאַנטע מלחמה־ווערק פון אַנרי באַרבּיס און פריץ אונרו האָב איך נישט געלייענט".

„עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן לעגענדעס איבער מיין בוך און איבער מיר, מען האָט געזאָגט, אַז איך הייס קראַמער און מען האָט געהאַלטן דעם פּסעוודאָנים פאַר אַ געוואַלטיקן חטא, גלייך ווי מען וואָלט קיינמאָל נישט באַנוצט קיין פּסעוודאָנימען אין דער דייטשער ליטעראַטור. איך האָב קיינמאָל נישט געהייסן קראַמער. אַנדערע, וואָס דער נאָמען רעמאַרק האָט זיי שוין יאָ געשמעקט, האָבן אָן שום צערעמאָניעס געטענהט, אַז איך בין אַ פראַנצויזישער ייד. ווידער אַנדערע האָבן געגוי געוווּסט, אַז איך האָב אָנגעשריבן מיין בוך תחילת ווי אַ נאַציאָנאַליסטישן טענדענץ־ראָמאַן, און כ'האָב עס פאָרגעלייענט אַ „רעכטן" פאַרלעגער און ערשט ווען ער האָט עס אָפּגעוואָרפן, האָב איך עס איבערגעאַרבעט פּאַציפיסטיש פאַר אולשטיינען. און אַזוי אַלץ־ווייטער. אַמאָל זענען דאָס געווען טעותים

אָן בייזע כוונות, אָבער ס'רוב פּשוטע אויסטראַכטענישן מיט אַ באַשוינפּערלעכער פּניה. מען האָט געזאָגט, אַז איך בין איצט אַלט ערשט 25 יאָר און בין קיינמאָל נישט געווען קיין זעלנער, אָדער אַז איך האָב געדינט נישט אין דייטשן, נאָר אין פראַנצויזישן מיליטער, אַז איך בין געווען בלויז אויפן מזרח־פראָנט און קיינמאָל נישט אויפן מערב־פראָנט — און נאָך אַסך אַנדערע זאַכן, וואָס איך געדענק אַפילו נישט. נאָך אַנדערע האָבן געוווּסט, אַז איך האָב געדינט אין די מאַגאַזינען, בין אַלט איצט 55 יאָר, קיינמאָל נישט געוועזן אויפן פראָנט און האָב דעריבער קיין השגה נישט אין די איבערלעבונגען פון צוואַנציקיעריקע זעלנער. מער נישט, איך האָב באַאַרבעט דאָס טאָג־בוך פון אַ געפאַלענעם חבר און איך זאָל האָבן אָנגעשריבן אויך עפּעס אַ באָרדעל־ראָמאַן. דאָס אַלץ איז אויסגעטראַכט. איך האָב אין מיין מאַנוסקריפּט נישט איבערגעאַנדערשט קיין איין שורה, נישט פאַר אַ „רעכטן" און נישט פאַר אַ „לינקן" פאַרלאַג. איך האָב אים קיינמאָל נישט פאָרגעלייגט אַ רעכטן פאַרלאַג. פון אַ טאָג־בוך ווייס איך אַזוי־ווייניק צו זאָגן, ווי פון אַ באָרדעל־ראָמאַן. צו אַכצן יאָר בין איך אַוועק אין מלחמה. כ'האָב געדינט, ווי אַ פּשוטער זעלנער אויפן מערב־פראָנט, בין עטלעכע מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן, איינמאָל אַזוי שטאַרק, אַז איך לייד נאָך דערפון ביז צום היינטיקן טאָג. עס איז אומזיניק צו ענטפערן אויף אָט די אַלע אויסטראַכטענישן. מען איז אַפילו געווען אַזוי נאַריש, אַז מען האָט מיר פאָרגעוואָרפן, הלמאַי איך האָב פריער געשריבן ערגער, ווי איצט. מען האָט זייער אַסך געטומלט וועגן דעם, אַז איך זאָל האָבן געשריבן אַ בוך, ווי אַזוי מען מאַכט קאָקטייל־ליקער. אין דער אמתן האַנדלט זיך וועגן אַ קליינעם אַרטיקל, וואָס איך האָב אָנגעשריבן מיט פיר־פינף יאָר צוריק פאַר אַ זשורנאַל. איך האָב נישט נאָר וועגן דעם געשריבן, נאָר אויך וועגן גומענע לעדער, אויטאָמאָבילן, מאָטאָרן און איין גאָט ווייסט וועגן וואָס אַלץ, פּשוט דערפאַר, ווייל איך האָב געמוזט לעבן דערפון. אַנדערע, וואָס זענען מער באַהאַוונט, האָבן אַפילו דערציילט, אַז איך בין אַ זון פון רייכע טאַטע־מאַמע און האָב געפירט אַ ברייט לעבן. איך מוז זאָגן, אַז איך אַליין האָב ווייניק געוווּסט פון די אַלע גליקן, אַרבעטנדיק ווי אַ פאָלקסשול־לערער, בוכהאַלטער, קאָרעספּאָנדענט, אָנגעשטעלטער און זשורנאַליסט".

„איך ווייס, אַז אָט דאָס בוך וועט פאַרבלייבן נאָר אַן איינמאָליקער

ערפאָלג. ווי אַזוי האָב איך געקאָנט וויסן, אז איך וועל ווערן אַזוי־צו־זאָגן
די שטים פון אַזוי פיל מענטשן. איך בין געווען צום ערפאָלג כמעט גלייכ־
גילטיק. נאָך מער, דער ערפאָלג האָט מיך געמאַכט אָן אַ שיעור טרויעריק,
אומבאַהאָלפן, מרה־שחורהדיק. פלוצלינג בין איך געוואָרן מפורסם. איך
האָב געמוזט אַנטלויפן פון בערלין, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די שווער־
סטע דעפרעסיעס. מיין גאַנצע אַרבעט איז איצט צו ענטפערן אויף די
בריוו, וואָס איך האָב באַקומען. אויף דעם וויל איך נישט מוותר זיין. דאָס
פאָדערט פון מיר אויך די חברשאַפט".

„אַחוץ דעם? עס וועט זיין שווער נאָך אָט דעם ערפאָלג נאָך עפּעס
אָנצושרייבן. אפשר וועל איך שוין מער גאָרנישט שרייבן. צו וואָס זאָל
איך פאַרגרעסערן נאָך די מחנה פון יענע, וואָס שרייבן צוליב גאווה, נויט
אָדער דראַנג? עס וואָלט זיין אַ לייכטע זאַך פארטיק צו מאכן נאָך א פּאָר
מלחמה־ביכער. קיין שטאָף פעלט דאָך נישט. אָבער דאָס, וואָס איך האָב
געהאַט צו זאָגן, איז שוין דאָ אין אָט דעם בוך. יעדער מענטש האָט זיין
אויפגאַבע. מיינע איז אפשר באַשטאַנען אין דעם, איך זאָל איבערגעבן נאָר
די איינע איבערלעבונג. איך האָב באַקומען אַסך פאָרשלאַגן, ארויסצוטרעטן
עפנטלעך, צו באַאַרבעטן אַן ענגלישע מלחמה־פּיעסע פאר דער דייטשער
בינע. און נאָך אַזעלכע זאַכן. אָבער איך וויל נישט אויסנוצן די קאָ־
ניוקטור. דאָס וואָלט מיר אויסגעזען, ווי פּאַראַט".

# I

מיר ליגן ניין קילאָמעטער הינטערן פראָנט. נעכטן האָט מען אונז אָפּגעלאָזט. איצט האָבן מיר פולע מאָגנס מיט ווייסע באָבע-לעך און רינדערן-פלייש, און מיר זענען זאַט און צופרידן. יעדער איינער קאָן אַפילו באַקומען אַ טעפּל עסן אויפן אָוונט. דערצו זענען פאַראַן טאָפּלטע פּאָרציעס ברויט און ווורשט — דאָס איז אַן ענין. אַזאַ זאַך האָט זיך שוין לאַנג נישט געטראָפן. דער קוכער מיט זיין רויטן פּאָמידאָרן-פּנים בעט זיך בפירוש מיטן עסן. יעדן איינעם, וואָס גייט פאַרביי, גיט ער אַ סימן מיטן לעפל און דערלאַנגט אַ פעס-טע פּאָרציע. ער איז פשוט פאַרצווייפלט, ווייל ער קאָן נישט פּטור ווערן פון דער פולער גולאַש-קאַנאָנע. טיאַדען און מיללער האָבן געפּאַקט אַ פּאָר וואַש-שיסלען און געהייסן אָנגיסן זיך ביזן ראַנד — אויף רעזערוו. טיאַדען האָט דאָס געטון, ווייל ר'איז אַ זולל-וסובא, מיללער — צוליב פאָרזיכטיקייט. ווו דאָס קומט ביי טיאַדען אַהין, איז אַ רעטעניש פאַר אַלע. ווייל ר'איז געווען און איז עד-היום מאָגער, ווי אַ הערינג.

דאָס וויכטיקסטע אָבער באַשטייט דערין, וואָס מ'האָט אויך געגעבן טאָפּלטע טיטון-פּאָרציעס. פאַר יעדן איינעם — צען ציגאַרן, צוואָנציק פּאַפּיראָסן און צוויי שטיקער קיי-גומע — דאָס איז זייער אָרנטלעך. איך האָב מיין קיי-גומע אַוועקגעגעבן קאַטשינסקין און דערפאַר געקריגן זיינע פּאַפּיראָסן. כ'האָב שוין, הייסט עס, פערציק שטיק. דאָס וועט קלעקן אויף אַ טאָג.

אגב, האָבן מיר גאָרנישט קיין רעכט צו דער גאַנצער שפע. די פרייסן זענען לחלוטין נישט אַזעלכע מילדע מחותנים. מיר האָבן דאָס אַלץ צו פאַרדאַנקען אַ טעות.

מיט פערצן טעג צוריק האָבן מיר געמוזט ארויס אין די פאָ-דערשטע פּאָזיציעס, כדי צו פאַרבייטן אַנדערע. אין אונזער ווינקל איז געווען גענוג רויק און דער פוריער האָט דערפאַר באַקומען אויפן

טאָג פון אונזער צוריק-מאַרש דעם נאָרמאַלן קוואַנטום לעבנסמיטלען, און בכלל געזאָרגט פאַר אַ פולער קאָמפּאַניע פון הונדערט און פופציק מאַן. אָבער גראָד אין לעצטן טאָג האָבן מיר אַריינגעכאַפּט אויסערגעוויינלעך אַסך לאַנג-רערן און גראָבע שטיקער, ענגלישע אַרטילעריע, וואָס האָט כסדר געפּויקט אין אונזער זייט, אַזוי, אַז מיר האָבן געהאַט שטאַרקע פאַרלוסטן און זענען צוריקגעקומען בלויז מיט אַכציק מאַן.

מיר זענען אָנגעקומען אין מיטן דער נאַכט, האָבן זיך תיכף אַנידערגעוואָרפן, כדי זיך קודם-כל רעכט אויסצושלאָפן. ווייל קאַטשינסקי איז גערעכט: די מלחמה וואָלט נאָך נישט געווען אַזוי שלעכט, ווען מ׳וואָלט נאָר געקענט אַביסל מער שלאָפן. אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס קען מען וועגן דעם נישט טראַכטן און יעדעס מאָל צו פערצן טעג איז אַ היפּש שטיקל צייט.

ס׳איז שוין געווען מיטאָג-צייט, ווען די ערשטע פון אונז האָבן גענומען אַרויסקריכן פון די באַראַקן. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט יעדער געכאַפּט אַ טעפּל און מיר האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם קעסל מיט גולאַש, וואָס האָט געשמעקט פעט און זעטיק. בראש זענען, נאַטירלעך, געשטאַנען די הונגעריקסטע: דער קליינער אַלבערט קראָפּ, וואָס האָט דעם קלאָרסטן קאָפּ פון אונז אַלע און איז טאַקע דערפאַר נישט מער ווי געפרייטער, מיללער דער פינפטער, וואָס שלעפּט זיך נאָך אַרום מיט שול-ביכער און חלומט וועגן קריגעקזאַמען. אָט דער קנעלט אין סאַמע רעכטן פייער פיזיק. ס׳שטייט דאָ אויך לעער, וואָס טראָגט אַ שיינע באָרד און האָט אַ שטאַרקע נייגונג צו די מיידלעך פון די אָפיצירן-באָרדאַקן. ער שווערט זיך, אַז זיי זענען מחויב, לויט באַפעל פון דער מיליטער-מאַכט, צו טראָגן זיידענע העמדער און צו באָדן זיך פאַר יעדן גאַסט, אָנגעהויבן פון קאַפּיטאַן אָן. דער פערטער בין איך, פּאַול בוימער. אַלע פיר זענען אַלט צו ניינצן יאָר, אַלע פיר זענען פון דער זעלבער קלאַס געגאַנגען אין מלחמה אַריין.

סאַמע הינטער אונז שטייען אונזערע גוטע-פריינד. טיאַדען, אַ דאַרער שלאָסער, אין די זעלבע יאָרן, וואָס מיר — דער גרעסטער פרעסער פון דער קאָמפּאַניע. בעת ער זעצט זיך אַוועק צום עסן,

איז ער שלאַנק, אָבער אויפשטיין, שטייט ער אויף אָנגעבלאָזן, ווי א שוואַנגערנדיקע וואַנץ. ווייטער: האַיע וועסטהוס, אין די זעלבע יאָרן, אַ טאָרפגראָבער, אַ מענטש, וואָס קאָן גאַנץ לייכט אַריינגעמען אַ מיליטעריש ברייטל אין דער האַנט אַריין און דערנאָך פרעגן: טרעפט, וואָס איך האָב אין דער פויסט; דעטערינג, אַ פויער, וואָס קלערט נאָר וועגן זיין הייפל און וועגן ווייב; און צום סוף — סטאַניסלאַוו קאַטשינסקי, דער ראש פון אונזער גרופּע — אַן אויסהאַלטעוודיקער, אַ כיטרער, אַ געריבענער, פערציק יאָר אַלט, מיט אַ ערדיק פּנים, בלויע אויגן, נאָכהענגנדיקע אַקסלען און מיט אַ וווּנדערלעכן חוש-הריח פאַר געדיכטער לופט, גוט עסן און נישט מסוכנע ערטעלעך.

אונזער גרופּע איז געווען דער שפּיץ פון דער שלאַנג פאַר דער גולאַש-קאַנאָנע. מיר זענען געוואָרן אומגעדולדיק, ווייל דער תמעוואַטער קיך-פירער איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געוואַרט.

צום סוף האָט קאַטשינסקי אַ רוף געטון: אַ סוף, עפן שוין אויף דיין בוליאָן-אוצר. די באָבעלעך זענען דאָך שוין אינגאַנצן צעקאָכט.

אָבער יענער האָט בלויז שלעפעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ: אַלע מוזן פריער דאָ זיין.

טיאַדען מרוקעט: מיר זענען אַלע דאָ.

דער אונטעראָפיציר האָט זיך נאָך אין גאָרנישט נישט אָנגעשטויסן. — דאָס וואָלט אייך טאַקע געשמעקט ווו זענען דען די איבעריקע?

— יענע ווילן מער זיך נישט שפּייזן ביי דיר. פעלד-לאַזאַרעט און מאַסן-קבר.

דער קוכער איז געוואָרן שטאַרק נידערגעשלאָגן, ווען ר'איז געוואָר געוואָרן אָט דעם פאַקט. ער האָט זיך געקווענקלט. — אַבי איך האָב געקאָכט פאַר הונדערט און פופציק מאַן.

קראָפּ האָט אים אַ שטויס געטון אין די ריפּן: — אויב אַזוי וועלן מיר אַמאָל עסן צו דער זעט. אַ סוף, הויב אָן

פלוצלינג האָט אין טיאַדענס מוח עפּעס אויפגעבליצט. זיין שפּיציק מויזיש פּנים האָט אַזש אָנגעהויבן לייכטן, די אויגן זענען

קליין געוואָרן פון כיטרעקייט, די באַקן האָבן געצוקט און ער האָט זיך צוגעשטופּט נענטער: — מענטשן-קינד, אויב אַזוי, האָסטו דאָך געקריגן ברויט אויף פאַר הונדערט און פופציק מענטשן, וואָס?

דער אונטעראָפיציר האָט צוגעשאָקלט דעם קאָפּ פאַרחושט און פאַרווירט.

טיאַדען האָט אים אָנגעכאַפּט ביים ראָק: — און וווּרשט אויך?

דער פּאָמידאָרן-קאָפּ האָט ווידער צוגעשאָקלט.

ביי טיאַדען — האָט געציטערט דער קין.

— טיטון אויך.

— יאָ, אַלץ.

טיאַדען האָט זיך אַרומגעקוקט אַ שטראַלנדיקער. — צו אַלדי רוחות, דאָס הייסט מזלן אויב אַזוי, איז דאָך אַלץ פאַר אונדז וואַרט נאָר, יעדער איינער וועט, הייסט עס, ממש קריגן—טאָפּלטע פּאָר-ציעס!

אָבער איצט איז דער פּאָמידאָר פּלוצלינג לעבעדיק געוואָרן און ער האָט ערקלערט: — דאָס גייט נישט.

אָבער דאָ זענען מיר שוין אויך געוואָרן מונטערע און מיר האָבן זיך גענומען צושאַרן נענטער.

— פאַרוואָס זאָל עס נישט גיין, דו גלעלער מייער? — האָט געפרעגט קאַטשינסקי.

— דאָס, וואָס מ'גרייט-צו פאַר הונדערט-און-פופציק, קאָן דאָך נישט זיין פאַר אכציק.

— דאָס וועלן מיר דיר שוין ווייזן — האָט מיללער אַ ברום געטון.

— דאָס עסן, אדרבא. אָבער פּאָרציעס קאָן איך נאָר געבן פאַר אכציק מאַן — האָט זיך געעקשנט דער פּאָמידאָר.

קאַטשינסקין האָט שוין פאַרדראָסן. — דו ווילסט דווקא מ'זאָל דיך פאַרבייטן, וואָס? דו האָסט נישט באַקומען קיין פוראַזש פאַר אכציק מאַן, נאָר פאַר דער 2-טער קאָמפּאַניע, פאַרטיק. דאָס דאַרפסטו פאַרטיילן צווישן אונדז. די 2-טע קאָמפּאַניע זענען מ י ר.

מיר האָבן זיך צו דעם חברה-מאַן אַ נעם-געטון. קיינער האָט

אים נישט פאַרטראָגן. צוליב אים האָט זיך שוין אַ פּאָר מאָל געטראָפן, אַז מיר האָבן אין די שוץ־גראָבנס באַקומען קאַלט עסן, אָדער — צו־שפּעט. בעת דעם מינדסטן גראַנאַטן־פייער האָט ער שוין מורא געהאַט צוצוקומען נענטער מיט זיין קעסל און די עסן־ברענגער האָבן געמוזט גיין אַסך אַ גרעסער שטיק וועג, ווי פון דער שכנותדיקער קאָמפּאַניע. דאָרטן איז געווען דער קוכער בולקע, אַסך אַ בעסערער. ער איז אַפילו געווען פעט ווי אַ חזיר, אָבער אַז מ׳האָט געדאַרפט — האָט ער אליין געשלעפּט די טעפּ ביז צו דער פאָדערשטער ליניע.

מיר זענען גראָד געווען אין דער אמתער שטימונג. און מ׳וואָלט פון אים געווען געמאַכט קרעפּל־פלייש, ווען ס׳וואָלט זיך נישט פּלוצלינג באַוויזן אונזער קאָמפּאַניע־פירער. ער איז באַלד געוואָר געוואָרן וועגן וואָס מ׳קריגט זיך און האָט קודם־כל אַ זאָג געטון: — יאָ, מיר האָבן נעכטן געהאַט שטאַרקע פאַרלוסטן —

דערנאָך האָט ער אַ קוק געטון אין קעסל אַריין. — די באַבעלעך זענען, דאַכט זיך, גוט.

דער פּאָמידאָר האָט צוגעשאָקלט: — געקאָכט מיט פעטס און פלייש.

דער לייטענאַנט האָט אונז אָנגעקוקט. ער האָט געוווּסט, וואָס מיר האָבן געטראַכט. אַחוץ דעם איז ער בכלל געווען אַ שטיקל ידען, ווייל ער איז צווישן אונז געוואָרן גרויס. בעת ער איז אָנגעקומען אין דער קאָמפּאַניע איז ער געווען בלויז אַן אונטעראָפיציר. ער האָט נאָכאַמאָל אויפגעהויבן די שטאַרץ פון קעסל און געשמעקט. אַוועקגייענדיק האָט ער אַ זאָג געטון: — ברענגט מיר אויך אַ פולן טעלער. און אַלע פּאָרציעס זאָלן פאַרטיילט ווערן. מ׳וועט זיי פאַרנוצן.

דער פּאָמידאָר האָט באַקומען אַ נאַרישע צורה. טיאַדען האָט אַרום אים אַרומגעטאַנצט.

— דאָס וועט דיר גאָרנישט שאַטן. ער מאַכט אַן אָנשטעל, גלייך ווי דער פּראָוויאַנט־אַמט זאָל זיין זיינער. אַ סוף, הויב־אָן, דו אַלטער חזירניק, און האָב נאָר נישט קיין טעות אין ציילן.

— הענג דיך אויף — האָט דער פּאָמידאָר אַ סאַפּע געטון. ער האָט ווי געפּלאַצט. ס׳איז דאָ געשען עפּעס אַזוינס, וואָס איז

איבערגעגאַנגען זיין שכל. ער האָט מער נישט באַנומען די וועלט, און כדי צו ווייזן, אַז קיין שום זאַך אין דער וועלט גייט אים מער נישט אָן, האָט ער פרייוויליק געטיילט צו אַ האַלב פונט קינסטלעכן האָניק אויף אַ קאָפּ.

*

דער היינטיקער טאָג איז באמת אַ גוטער. אפילו פּאָסט איז געקומען, כמעט יעדער איינער האָט געקריגן עטלעכע בריוו און צייטונגען. איצט שלעפּן מיר זיך אַוועק צו דער לאָנקע הינטער די באַראַקן. קראַפּ טראָגט אונטן אָרום אַ קיילעכדיק דעקל פון אַ מאַרגאַרין-פעסל.

ביים רעכטן ראַנד פון דער לאָנקע איז אויפגעבויט אַ גרויסע מאַסן-לאַטרינע, אַ סטאַבילע געביידע, מיט אַ דאַך. אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר רעקרוטן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אויסגעלערנט צו ציען נוצן פון יעדער זאַך. מיר זוכן עפּעס בעסערס. אחוץ דעם שטייען אומעטום צעשפּרייט איינצלנע קעסטלעך — אויך צוליב דעם זעלבן צוועק. עס זענען פּיקאַנטיקע, זויבערע, איינגאַנצן פון האָלץ, געשלאָסן פון אַלע זייטן מיט גאַנץ-פיינע, באַקוועמע זיץ-ברעטלעך. די קעסטלעך האָבן אויך הענטלעך ביי די זייטן, אַזוי, אַז מ'קען זיי אַריבערפירן.

מיר נעמען זיך צונויף אין דרייען און מיר זעצן זיך געמיטלעך אַוועק. מיר וועלן נישט אויפשטיין פון דאַנען פריער ווי אין אַ צוויי שעה אַרום.

כ'געדענק נאָך ווי מיר האָבן זיך אַמאָל, בעת מיר זענען נאָך געווען רעקרוטן אין דער קאַזאַרמע, געשעמט, וואָס מיר דאַרפן באַנוצן די מאַסן-קלאָזעטן. קיין טירן זענען דאָרטן נישט פאַראַן; צוואַנציק מענטשן זיצן, איינער לעבן צווייטן, ווי אין וואַגאָן. מ'קאָן זיי אַלע אָנקוקן אויף איינמאָל. אַ סאָלדאַט דאַרף מען אַלעמאָל האָבן אויפן אויג.

אָבער פון דאַמאָלס אָן האָבן מיר זיך אויסגעלערנט עפּעס

מער, ווי גובר זיין דאָס בּיסל בּושה. מיט דער צייט זענען מיר דערגאַנגען נאָך אַסך אַנדערע זאַכן.

אָבער איצט דאָ אינדרויסן איז דער גאַנצער ענין אַ פּשוטער תענוג. כּ׳פאַרשטיי גאָרנישט, פאַרוואָס מ׳פלעגט אַמאָל שרעקעוודיק אויסמיידן אַזעלכע זאַכן. זיי זענען פּונקט אַזוי נאַטירלעך ווי עסן און טרינקען. מ׳וואָלט אפשר גאָרנישט געדאַרפט ספּעציעל רעדן וועגן דעם, ווען נישט דאָס, וואָס אַבּיסל פריער איז דאָס אַלץ געווען פאַר אונז אַזוי נײַ און האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל. פאַר אַנדערע איז דאָס שוין געווען זעלבּסטפאַרשטענדלעך פון לאַנג.

פאַר אַ סאָלדאַט איז זײַן מאָגן און די פאַרדייונג אַסך אַ נענטערע זאַך, ווי פאַר יעדן אַנדערן מענטש. דריי-פערטל פון זיין ווערטער-אוצר שעפּט ער דערפון. זיין העכסטע פרייד און טיפּסטער צאָרן געפינען אין אַזעלכע רייד זייער קערניקן אויסדרוק. ס׳איז אוממעגלעך אויף אַן אַנדער אופן זיך אויסצודריקן אַזוי קורץ און קלאָר. אונזערע פאַמיליעס און לערערס וועלן זיך גאַנץ היפּש וווּנדערן, ווען מיר וועלן אַהיימקומען. אָבער דאָ איז עס די אוניווערסאַלע שפּראַך.

פאַר אונז זענען די אַלע ענינים ווידער געוואָרן אומשולדיקע צוליבּ דער געצוווּנגענער אומבּאַהאַלטנקייט. נאָך מער, זיי זענען פאַר אונז אַזוי זעלבּסטפאַרשטענדלעך, אַז מען שאַצט אָפּ די דאָזיקע געמיטלעכע ערליידיקונג, ווי — לאָמיר זאָגן — שוין-דורכגעפירטן, בּאָמבּן-זיכערן גראַנד-פּאַרטיע אַן פיר. נישט אומזיסט האָט מען פאַר אַלערליי דבֿרים-בּטלים געשאַפן דאָס וואָרט „לאַטרינעפּאַראָל״. די דאָזיקע בּיידלעך זענען פאַר זעלנער ערטער צום פּלוידערן, און פאַרבּייטן די שטענדיקע רעסטאָראַן-טישלעך.

אין דער רגע האָבּן מיר זיך געפילט בּעסער ווי אין שענסטן בּית-הכּסא מיט ווייסע קאַפלעס. דאָרטן קאָן בּלויז זיין היגיעניש. אָבער דאָ איז ווויל.

עס זענען ווונדערלעכע, פּוסטע שעהן. איבּער אונז הענגט דער בּלויער הימל. בּיים האָריזאָנט הענגען העל-בּאַשטראַלטע קייטן-בּאַלאָנען און די ווייסע וואָלקנדלעך פון נעץ-געווער. אָפטמאָל, בּעת זיי פאַרפאָלגן אַ פליער, הויבּן זיי זיך אויף, ווי גאַרבּן.

דאָס געדעמפּטע ברומען פון פּראַנט הערט זיך, ווי אַ ווייטער שטורם. די בינען זשומען עס איבער.

און ארום אונז ליגט די בליענדיקע לאָנקע. די צאַרטע שטענגלעך פון די גרעזער ווינן זיך. ווייסע קרויט-שמעטערלינגען פלאַטערן ארום. זיי שוועבן אין ווייכן, וואַרימען ווינט פון שפּעט-זומער. מיר לייענען בריוו און צייטונגען און מיר רויכערן. מיר טוען אויס די היטלען און לייגן זיי אַוועק לעבן אונז. דער ווינט שפּילט זיך מיט אונזערע האָר, ער שפּילט זיך מיט אונזערע ווערטער און געדאַנקען.

די דריי קעסטלעך שטייען אינמיטן צווישן לייכטנדיקע רויטע בלומען פון ווילדן מאָן.

מיר לייגן אַוועק דאָס דעקל פון מאַרגאַרין-פעסל אויף אונזערע קניען. אַזוי אַרום האָבן מיר אַ גוטן אָנשפּאַר צום קאָרטןשפּיל. קראָפּ האָט די קאָרטן ביי זיך. מ׳וואָלט געקאָנט אַזוי אָפּזיצן אייביק.

די טענער פון אַ האַרמאָניקע קלינגען אַהער פון די באַראַקן. טייל מאָל לייגן מיר אַוועק די קאָרטן און מיר קוקן זיך איבער. איינער זאָגט דאַמאָלס: קינדער, קינדער, אָדער — ס׳וואָלט געקענט גיין ערגער, און מיר ווערן אַ ווײַלע פאַרזינקען אין שווייגן. אין אונז איז פאַראַן אַ שטאַרק איינגעהאַלטן געפיל, יעדער שפּירט עס, מ׳דאַרף נישט אַסך רעדן וועגן דעם. ס׳וואָלט לייכט געקאָנט געמאָלט זיין, אַז מיר זאָלן נישט זיצן היינט אויף די קאַסטנס. ס׳איז געווען גאָרנישט ווייט דערפון. דערפאַר איז אַלץ ניי און שטאַרק — דער רויטער מאָן און דאָס גוטע עסן, די פּאַפּיראָסן און דער זומער-ווינט.

קראָפּ פרעגט: — צי האָט עמיצער פון אייך נאָכאַמאָל געזען קעמעריכן?

— ער ליגט אין סאַנקט-יאָזעף — זאָג איך.

מיללער האַלט, אַז ביי אים איז דורכגעשאָסן דער אויבערשענקל, אַ גוטער פּאַס אויף אַהיימצופאָרן.

מיר באַשליסן אים צו באַזוכן נאָך מיטאָג.

קראָפּ נעמט אַפער אַ בריוו. — אַ גרוס אייך פון קאַנטאָרעקן.

מיר לאַכן. מיללער וואָרפט אוועק זיין פּאַפּיראָס און זאָגט:
— הלוואי וואָלט ער דאָ געווען.

*

קאָנטאָרעק איז געווען דער ערציער פון אונזער קלאַס, אַ שטרענגער, נידעריקער מענטש אין אַ גרויען ראָק מיט פאָלעס, מיט אַ שפּיציק מויזן-פּנים. ער האָט געהאַט בערך די זעלבע וווקס, ווי דער אונטעראָפיציר הימעלשטאָס, די „שרעק פון קלויסטער-בערג". ס'איז, אגב, קאָמיש, וואָס דאָס אומגליק פון דער וועלט קומט אַזוי אָפט פון קליינע מענטשן. זיי זענען אַסך ענערגישער און קריגעריי־שער, ווי הויך-וווקסיקע. איך האָב מיר אַלעמאָל געהיטן נישט אַריינ־צופאַלן אין אַ אָפּטיילונג, וווּ דער קאָמפּאַניע-פירער איז אַ קליינער. דאָס זענען על-פּי-רוב פאַרשאָלטענע אכזרים.

קאָנטאָרעק האָט אַזוי לאַנג פאַר אונז געהאַלטן רעדעס בעת די טורן-לעקציעס, ביז אונזער גאַנצע קלאַס איז ווי איין מענטש אַוועק אונטער זיין אָנפירונג צו דער באַצירק-קאָמאַנדאָ און זיך געמאָלדן פרייוויליק. ער שטייט מיר פאַר די אויגן, ווי ער פינקלט מיט זיינע ברילן-גלעזער און פרעגט מיט אַ גערירט קול: — איר וועט דאָך מיטגיין, קאַמעראַדן?

די דאָזיקע ערציער האָבן אַזוי אָפט גרייט זייערע געפילן אין וועסטל-קעשענע. זיי גיבן זיי טאַקע אַרויס פון זיך אין ספּע־ציעלע שעהן. אָבער וועגן דעם האָבן מיר זיך נאָך דאַמאָלס נישט אָפּגעגעבן קיין דין-וחשבון.

אָבער איינער פון אונז האָט זיך אַלנפאַלס געקווענקלט און האָט נישט געהאַט קיין חשק מיטצוגיין. דאָס איז געווען יאָזעף בעהם, אַ דיקער, געמיטלעכער בחור. אָבער סוף-כל-סוף האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן. ווען נישט — וואָלט ער סיי-ווי-סיי זיך געפינען אין אַ שלעכטער לאַגע. ס'קען זיין, אַז אַסך האָבן געטראַכט דאָס זעלבע, וואָס ער, אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט זיין אַ יוצא מן הכלל. ווייל מיטן וואָרט „פּחדן" האָבן דאַמאָלס זיך געוואָרפן אפילו די אייגענע עלטערן. די אַלע מענטשן האָבן קיין שום אנונג נישט

געהאַט וועגן דעם, צו וואָס ס'גייט. קלוגער זענען שוין געווען די אָרימע און פּשוטע מענטשן: זיי האָבן תיכף אָנגענומען די מלחמה פאַר אַן אומגליק. די מער-איינגעאָרדנטע דערפאַר האָבן פון גרויס שמחה נישט געוווסט, וואָס ס'טוט זיך מיט זיי, כאָטש גראָד זיי האָבן געדאַרפט ניכער פאַרויסזען די פאָלגן.

קאַטשינסקי טענהט, אַז דערין איז שולדיק די בילדונג. זי מאַכט נאַריש. און אַז קאַט זאָגט עפּעס, האָט ער זיך פריער גוט מיישב געווען.

מאָדנע, בעהם איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס זענען געפאַלן. בעת אַ שטורם האָט ער באַקומען אַ קויל אין די אויגן און מיר האָבן אים געלאָזט ליגן, זיכער, אַז ר'איז טויט. אים מיטנעמען האָבן מיר נישט געקאָנט, ווייל מיר האָבן געמוזט לויפן צוריק הענדום-פּענדום. נאָכמיטאָג האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט זיין קול און דערזען אים אַרומקריכן אינדרויסן. פריער איז ער בלויז געווען באַוווסטלאָז. ער האָט גאָרנישט נישט געזען, און אַ ווילדער פון ווייטיק האָט ער זיך אַפילו נישט באַהאַלטן, אַזוי, אַז אַ קויל האָט אים געטראָפן, נאָך איידער ס'האָט עמיצער באַוויזן אים אַריינצונעמען.

נאַטירלעך, קאָן מען דאָס נישט אַרויפלייגן אויף קאַנטאָרעקן. אַ שיין פּנים וואָלט די וועלט געהאַט, ווען מ'זאָל דאָס האַלטן פאַר אַ זינד. ס'זענען געווען טויזנטער אַזעלכע קאַנטאָרעקס און אַלע זענען געווען איבערגעצייגט, אַז זיי טוען אויף אַ באַקוועמען אופן דאָס בעסטע.

דערין זעט מען טאַקע זייער באַנקראָט.

זיי האָבן געוואָלט פאַר אונז, אַכצניעריקע, ווערן פאַרמיטלער און פירן אונז צו אַ וועלט פון דערוואַקסנקייט, צו אַ וועלט פון אַרבעט, פליכט, קולטור און פּראָגרעס, צו דער צוקונפט. מיר האָבן טיילמאָל אויס זיי חוזק-געמאַכט און אָפּגעטון קליינע צו-להכעיסן. אָבער אין גרונד גענומען האָבן מיר זיי געגלויבט. מיט דעם באַגריף פון זייער אויטאָריטעט האָט זיך פאַרבונדן אין אונזערע געדאַנקען אויך דער באַגריף פון גרויסער חכמה און מענטשלעך וויסן. אָבער דער ערשטער הרוג, וועלכן מיר האָבן דערזען, האָט אַ

תל געמאַכט פון דער גאַנצער איבערצייגונג. מיר האָבן געמוזט איינזען, אַז אין אונזער עלטער איז מען ערלעכער, ווי אין זייערן. זיי זענען בלויז געשיקטער און קענען מער שיטן מיט מליצות. דאָס ערשטע פייער האָט אונז תיכף געוויזן דעם טעות און צוזאַמען דערמיט איז חרוב געוואָרן דער וועלט-באַנעם, וועלכן זיי האָבן אין אונז איינגעפלאַנצט.

בשעת זיי האָבן נאָך אַלץ געשריבן און גערעדט, האָבן מיר שוין געזען לאַזאַרעטן און שטאַרבנדיקע. אין דער צייט, ווען זיי האָבן נאָך אַלץ באַצייכנט די מלוכה-דינסט פאַרן סאַמע גרעסטן, האָבן מיר שוין געוווסט, אַז די שרעק פאַרן טויט איז נאָך שטאַרקער. מיר זענען דערפאַר נישט געוואָרן קיין מורדים, קיין דעזערטערן, קיין פּחדנים — די אַלע אויסדרוקן, וואָס זענען זיי אַזוי געווען צו דער האַנט. מיר האָבן ליב געהאַט אונזער היים אַקוראַט ווי זיי און ביי יעדער אַטאַקע זענען מיר געגאַנגען מוטיק פאָרויס. אָבער מיר האָבן אָנגעהויבן אונטערשיידן זאַכן, מיר האָבן זיך אויף איינמאָל אויס-געלערנט זען. און מיר האָבן טאַקע געזען, אַז פון זייער וועלט איז נישט געבליבן קיין שריד-ופליט. מיר זענען פּלוצלינג געוואָרן מורא-דיק אַליין — און מיר האָבן געמוזט אַליין פאַרטיק ווערן דערמיט.

*

איידער מיר זענען אַוועק צו קעמעריכן, האָבן מיר איינגע-פּאַקט זיינע זאַכן. אונטערוועגנס וועלן זיי אים גוט צונוצקומען.

אין פעלד-לאַזאַרעט איז אַ גרויסער טומל. ס׳שמעקט, ווי אַלעמאָל, מיט קאַרבאָל, אייטער און שוויס. אין די באַראַקן איז מען געוווינט געוואָרן צו אַסך זאַכן; פונדעסטוועגן קאָן דאָ נישט גוט ווערן. מיר פרעגן זיך אויף קעמעריך. ער ליגט אין אַ זאַל און ער נעמט אונז אויף מיט אַ שוואַכן אויסדרוק פון פרייד און הילפלאָ-זער אויפרעגונג. בשעת ר׳איז געלעגן באַוווסטלאָז, האָט מען אים צוגעגנבעט דעם זייגער.

מיללער שאָקלט מיטן קאָפּ. — כ׳האָב דיר אָבער אַלעמאָל געזאָגט, אַז אַזאַ גוטן זייגער דאַרף מען נישט מיטנעמען.

מילער איז אביסל אומגעלומפערט און אן עקשן. ווען נישט, וואלט ער געהאלטן דאס מויל, ווייל יעדער זעט, אז קעמעריך וועט מער נישט ארויסקומען פון דאנען. ס׳איז אלץ איינס, צי ער וועט יא צוריקקריגן דעם זייגער צי נישט. העכסטנס וואלט מען אים גע־קאנט צוריקשיקן אהיים.

— ווי גייט עס, פראנץ? — פרעגט קראפ.

קעמעריך לאזט אראפ דעם קאפ. — אזוי זיך, כ׳האב בלויז פארשאלטענע ווייטיקן אין פוס.

מיר גיבן א קוק אויף זיין קאלדרע. זיין פוס ליגט אונטער א דראט־קויש, די איבערדעק ליגט הויך אויף יענעם ארט. איך טרעט אן מילערן אויפן פוס, ווייל ער איז שוין גרייט צו זאגן קעמעריכן דאס, וואס די סאניטארן האבן אונז דערציילט אינדרויסן: אז קע־מעריך האט מער נישט קיין פוס. מ׳האט אים אמפוטירט.

ער זעט אויס שרעקלעך, געל און אש־גרוי. אויפן פנים זעט מען שוין יענע פרעמדע ליניעס, וועלכע מיר קענען אזוי גענוי, ווייל מיר האבן זיי שוין געזען הונדערטער מאל. עס זענען, אייגנט־לעך, נישט קיין ליניעס, נאר צייכנס. אונטער דער הויט פולסירט מער נישט קיין לעבן. די נשמה שטייט אויפן שפיץ נאז. אינעוויי־ניק ארבעט שוין מעשים דער טויט. ער קוקט שוין ארויס פון די אויגן. אט־דא ליגט אונזער חבר קעמעריך, אט־דער, וואס האט ערשט נישט לאנג געבראטן פערד־פלייש מיט אונז צוזאמען און געלעגן אין גרובנס. ס׳איז דער זעלבער און פארט נישט דער זעלבער. זיין צורה איז פארווישט, אומבאשטימט, ווי א פאטאגראפישע פליטע, אויף וועלכער מ׳האט געמאכט צוויי אויפנאמעס. אפילו זיין קול איז אשיק.

כ׳דערמאן זיך אין דער צייט, ווען מ׳ר זענען צוזאמען ארויס־געפארן. זיין מוטער, א גוטע, דיקע פרוי, האט אים באגלייט אויפן וואקזאל. זי האט געוויינט אן אויפהער. איר פנים איז דערפון גע־ווארן אנגעבלאזן און געשוואלן. קעמעריך האט זיך געשעמט, הלמאי זי האט זיך ווייניקער באהערשט פון אלע. זי איז אינגאנצן צעגאסן געווארן אין פעטקייט און אין טרערן. דערצו האט זי זיך געטשע־פעט צו מיר, אלעמאל אויפסניי אנגענומען מיך ביי דער האנט און

געבעטן, כ׳זאָל דאָרטן אכטונג טון אויף איר פּראַנצן. ער האָט טאַקע געהאַט אַ פּנים פון אַ קינד און אַזעלכע ווייכע ביינער, אַז נאָך פיר וואָכן טראָגן דעם טאָרניסטער האָט ער באַקומען פּלאַטפּיס. אָבער ווי אַזוי קאָן מען אויף עמעצן אכטונג טון אין פעלד?

— איצט וועסטו קענען אהיימקומען — זאָגט קראָפּ. — אויף אורלויב וואָלסטו געמוזט וואַרטן מינדסטנס אַ דריי-פיר חדשים.

קעמעריך שאָקלט צו מיטן קאָפּ. איך קאָן נישט קוקן אויף זיינע הענט, זיי זענען געל, ווי וואַקס. אונטער די נעגל זיצט דער גאַנצער שמוץ פון די שוץ-גראָבנס, ער זעט-אויס בלוילעך-שוואַרץ, ווי גיפט. ס׳פאַלט מיר איין, אַז די דאָזיקע נעגל וועלן וואַקסן לאַנג נאָכדעם, ווי קעמעריך וועט שוין נישט אָטעמען: — אַ אויסטערליש קבר-געוויקס. כ׳זע דאָס בילד פאַר די אויגן: זיי קרומען זיך אויס, ווי פּראָפּנציער און וואַקסן און וואַקסן. צוזאַמען מיט זיי וועלן וואַקסן די האָר אויף דעם פוילנדיקן שאַרבן, ווי גראָז אויף אַ גוטן גרונט. אַקוראַט ווי גראָז. אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך?

מילער בייגט זיך צו: — מיר האָבן מיטגעבראַכט דיינע זאכן, פּראַנץ.

קעמעריך ווייזט מיט דער האַנט. — לייג זיי אַוועק אונטערן בעט.

מילער טוט עס. קעמעריך הויבט ווידער אָן צו רעדן וועגן זייגער. ווי אַזוי זאָל מען אים באַרויקן און דערביי נישט דערוועקן אין אים קיין חשד?

מילער נעמט איצט אַרויס אַ פּאָר פליער-שטיוול. עס זענען הערלעכע, ענגלישע שיך פון ווייכער געלער לעדער. זיי גרייכן ביז צו די קניען און שנורוועלן זיך ביז אַרויף — אַ זאַך, צו וועלכער מען האָט חשק. מילער איז באַגייסטערט, ווען ער קוקט זיי אָן. ער לייגט צו די זוילן פון די שטיוול צו זיינע אייגענע אומגעלומפּערטע שיך און פרעגט: — וואָלסט געוואָלט מיטנעמען די שטיוול, פּראַנץ?

מיר טראַכטן אַלע דריי דאָס זעלבע: ווען ער זאָל אפילו געזונט ווערן, וועט ער אויך נישט קאָנען באַנוצן מער, ווי איינעם.

זיי האָבן פאַר אים, הייסט עס, קיין שום ווערט נישט. אָבער אין איצטיקן מצב — איז אַ שאָד, זיי זאָלן דאָ בלייבן. ווייל די סאַני-טאַרן וועלן זיי, נאַטירלעך, תיכף אוועקלקחנען, בעת ער וועט נאָר צומאַכן אַן אויג.

מיללער זאָגט נאָכאַמאָל: — ווילסט זיי דאָ נישט איבער-לאָזן?

קעמעריך וויל נישט. עס זענען זיינע בעסטע חפצים.

— אפשר וואָלטן מיר זיך געטוישט — לייגט מיללער ווי-דער פאָר. — דאָ אויפן פראָנט קענען זיי גיכער צונוץ קומען. אָבער מען קאָן ביי קעמעריכן גאָרנישט פועלן.

איך גיב אַ טרעט מיללערן אויפן פוס. קווענקלענדיק זיך לייגט ער די שטיוול צוריק אוועק אונטערן בעט.

מיר שמועסן נאָך אַביסל און דערנאָך געזעגנט מען זיך.— בלייב געזונט, פראַנץ.

איך זאָג אים צו מאָרגן ווידער צו קומען. מיללער רעדט אויך וועגן דעם. ער טראַכט וועגן די שטיוול און וויל זיין אויפן פלאַץ.

קעמעריך קרעכצט. ער האָט היץ. מיר שטעלן אינדרויסן אָפּ אַ סאַניטאַר און מיר רעדן אים צו, ער זאָל קעמעריכן מאַכן אַן איינשפּריצונג.

יענער איז נישט מסכים. — ווען מיר זאָלן יעדן איינעם וועלן געבן מאָרפיום, וואָלטן מיר געדאַרפט האָבן גאַנצע פעסער.

— דו באַדינסט, מסתמא, נאָר אָפיצירן — זאָגט קראָפּ מיט כעס.

איך מיש זיך תיכף אַריין און גיב דעם סאַניטאַר קודם-כל אַ פּאַפּיראָס, ער נעמט צו. דאַמאָלס פרעג איך: דו מעגסט דען בכלל מאַכן איינשפּריצונגען?

ער איז באַליידיקט. — אויב איר גלויבט נישט, וואָס פרעגט איר מיך?

איך גיב אים אין יד אַריין נאָך עטלעכע פּאַפּיראָסן. — טו אונז אַ טובה —

— נו, גוט — זאָגט ער. קראָפּ גייט מיט אים אַריין. ער גלויבט אים נישט און וויל אַליין זען. מיר וואַרטן אינדרויסן.

מיללער הויבט ווידער אָן מיט די שטיוול. — זיי וואָלטן מיר זייער שיין געפּאַסט. פון די דאָזיקע שקראַבעס לויפן מיר כסדר אָן בלאָזן. דו גלויבסט, אַז ער וועט אויסהאַלטן ביז מאָרגן נאָך דער דינסט? אויב ער וועט אויסגיין בייַנאַכט, מעגן מיר זיך געזעגענען מיט די שטיוול —

אַלבערט קומט צוריק. — איר מיינט— ? — פרעגט ער.

— ערליידיקטן — זאָגט מיללער און מאַכט אַ סוף.

מיר גייען צוריק צו אונזערע באַראַקן. איך טראַכט וועגן דעם בריוו, וועלכן כ'וועל מאָרגן מוזן אָנשרייבן צו קעמעריכס מוטער. עס שוידערט מיך פון קעלט. כ'וואָלט געטרונקען אַ שנאַפּס. מיללער רייסט אויס אַ ביסל גראָז און קייט. פּלוצלינג וואַרפט דער קליינער קראָפּ אַוועק זיין פּאַפּיראָס, טראַטעוועט אויף אים ווילד, קוקט זיך אום מיט אַ צעטומלט פאַרווירט פּנים און שטאַמלט: פאַרשאָלטענע שייסעריי, אַזאַ פאַרשאָלטענע שייסעריין

מיר גייען ווייטער אַ היפּש שטיקל צייט. קראָפּ האָט זיך ווידער באַרויקט. מיר קענען שוין אָט-דעם פראָנט-שגעון. יעדער מאַכט אים אַמאָל דורך.

מיללער פרעגט אים: — וואָס האָט דיר קאַנטאָרעק אייגנט-לעך געשריבן?

— יענער לאַכט: — אַז מיר זענען די אייזערנע יוגנט.

מיר לאַכן אַלע דריי מיט פאַרדראָס. קראָפּ שעלט. עס טוט אים אַ הנאה, וואָס ער קען זיך אויסרעדן.

— יאָ, אַזוי טראַכטן זיי, אַזוי טראַכטן זיי, די הונדערט-טויזנט קאַנטאָרעקס. אייזערנע יונגטן יונגטן מיר זענען קיינס נישט עלטער פון צוואַנציק יאָר. אָבער יינג? יוגנט? דאָס איז געווען אַמאָל. איצט זענען מיר זקנים.

## II

עס איז פֿאַר מיר אויסטערליש צו טראַכטן וועגן דעם, אַז אין שטוב געפֿינט זיך אין שופֿלאָד פֿון שרייב-טיש אַן אָנגעהויבענע דראַמע „שאולי" און אַ פּאַק מיט לידער. איך האָב מיט די זאַכן זיך אָפּגעגעבן נישט איין אָוונט. מיר האָבן אַלע כמעט זיך פֿאַרנומען מיט אַזעלכע זאַכן. אָבער איצט איז עס מיר אַזוי ווייט, אַז כ'קען מיר מער נישט פֿאָרשטעלן, ס'זאָל זיין אמת.

זינט מיר זענען דאָ, איז אונזער פֿריערדיק לעבן ווי אָפּגעשניטן, הגם מיר האָבן גאָרנישט צוגעטון דערצו. מיר פּרווון טייל־מאָל זיך פֿאַרטראַכטן וועגן דעם און צו געפֿינען אַן ערקלערונג, אָבער עס גיט זיך אונז נישט איין. גראָד פֿאַר אונז צוואָנציק-יעריקע איז אַלץ ספּעציעל עפּעס אומקלאָר, מיר — קראָפּ, מילער, לעער און איך, וועלכע קאַנטאָרעק רופֿט אָן די אייזערנע יוגנט. דער עלטערער עולם איז פֿעסט פֿאַרבונדן מיט דעם פֿריערדיקן. זיי האָבן ערד, זיי האָבן ווייבער, קינדער, פֿאַכן און געשעפֿטן. דאָס אַלץ איז גענוג שטאַרק און די מלחמה קאָן דאָס נישט איבעררייסן. מיר, צוואַנציק-יעריקע, אָבער, האָבן בלויז עלטערן, אַן אַנדערער — האָט אויך אַ מיידל. דאָס איז נישט אַסך. ווייל אין אונזער עלטער שפּילן עלטערן די קלענסטע ראָל און די מיידלעך באַהערשן נאָך אויך נישט אינגאַנצן. אַחוץ דעם האָבן מיר כמעט נאָך גאָרנישט געהאַט: אַביסל חלומות, עטלעכע סימפּאַטיעס און די שול. צו מער האָבן מיר אין אונזער לעבן נאָך נישט דערגרייכט. און פֿון דעם אַלעמען איז גאָרנישט געבליבן.

קאַנטאָרעק וואָלט געזאָגט, אַז מיר שטייען נאָך בײַ דער שוועל פֿון דאָזיין. ס'איז כמעט אמת. מיר זענען נאָך נישט געווען איינגעוואָרצלט. די מלחמה האָט אונז אָפּגעשווענקט. פֿאַר די אַנדערע, פֿאַר דעם עלטערן עולם, איז די מלחמה אַן איבעררייס. זיי קענען אַריבערקוקן איבער איר. אונז אָבער האָט דער קריג גענומען

אזוי אין די הענט, אַז מיר ווייסן אַפילו נישט, ווי אַזוי דאָס וועט זיך ענדיקן. לעת־עתה ווייסן מיר בלויז דאָס, אַז מיר זענען אויף אַ מאָדנעם, שווערן אופן פאַרגרעבט געוואָרן, הגם מיר ווערן מער נישט אַזוי אָפט טרויעריק צוליב דעם.

*

אויב מיללער וויל אַזוי שטאַרק באַקומען קעמעריכס שטיוול, איז נאָך נישט קיין סימן, אַז ר׳איז ווייניקער בעל־רחמנות פון אַנדערע, וואָס מחמת גרויס ווייטיק האָבן זיי גאָר מורא צו קלערן וועגן דעם. ער קען בלויז אונטערשיידן. ווען די שטיוול וואָלטן קעמעריכן עפּעס צונויץ געקומען, וואָלט מיללער ליבערשט געוואָלט אַרומלויפן באָרוועס איבער די שטעכיקע דראָטן, איידער אַריינצוקלערן וועגן דעם, ווי אַזוי זיי צו קריגן. אָבער איצט זענען די שטיוול אַ זאַך, וואָס האָבן מיט קעמעריכן קיין שום שייכות נישט. מיללערן אָבער וואָלטן זיי גוט צונויץ געקומען. קעמעריך וועט שטאַרבן און ס׳איז אַלץ איינס, ווער ס׳וועט זיי באַקומען. פאַרוואָס־זשע זאָל זיי מיללער טאַקע נישט קריגן? ער האָט דאָך מער רעכט דערויף, ווי דער סאַניטאַר. ווען קעמעריך וועט זיין טויט, וועט שוין זיין צו־שפּעט צו רעדן וועגן דעם. דערפאַר גיט מיללער שוין איצט אַכטונג.

מיר האָבן פאַרלוירן דעם חוש פאַר אַנדערע שייכותן, ווייל זיי זענען קינסטלעכע. בלויז פאַקטן זענען פאַר אונז ריכטיק און וויכטיק. און גוטע שטיוול — איז אַ זעלטענע זאַך.

*

פריער איז דאָס אויך געווען אַנדערש. ווען מיר זענען געגאַנגען צו דער באַצירק־קאָמאַנדאַ, זענען מיר נאָך געווען אַ קלאַס פון צוואַנציק יונגע מענטשן. מיר האָבן זיך האָפערדיק אַלע צוזאַמען געלאָזט אָפּראַזירן (אַסך דאָס ערשטע מאָל), איידער מיר זענען אַריין אין דער קאַזאַרמע. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פעסטע פּלענער בנוגע דער צוקונפט. געדאַנקען וועגן קאַריערע און באַשעפ־

טיקונג זענען ביים רוב פֿון אונז געווען צוווייניק באַשטימט, זיי זאָלן האָבן אַ לעבנס-באַדייט. דערפֿאַר זענען מיר פֿול געווען מיט אומזיכערע אידעען, וועלכע האָבן אין אונזערע אויגן צוגעגעבן סיי דעם לעבן און סיי דעם קריג אַן אידעאַליזירטן און כמעט אַ ראָמאַנטישן כאַראַקטער.

אין משך פֿון צען וואָכן האָט מען אונז אויסגעבילדעט מיליטעריש און די דאָזיקע צייט האָט אונז איבערגעאַנדערשט גרינדלעכער, ווי צען יאָר שול. מיר האָבן זיך דאָ אויסגעלערנט, אַז אַ געפּוצטער קנאָפּ איז וויכטיקער ווי פֿיר בענדער שאָפּענהויער. אין אָנהויב דערשטוינטע, דערנאָך פֿאַרביטערטע און סוף-כל-סוף גלייכגילטיקע, — זענען מיר געקומען צו דער הכרה, אַז דער עיקר איז נישט גייסט, נאָר אַ פּוץ-באַרשט, נישט דער געדאַנק, נאָר דער סיסטעם, נישט די פֿרייהייט, נאָר די מיליטערישע קנעלונג. מיר זענען געגאַנגען ווערן סאָלדאַטן מיטן גוטן ווילן און באַגייסטערטע. אָבער מ'האָט געטון אַלץ, כדי דאָס אונז אַרויסצושלאָגן פֿון קאָפּ. נאָך דריי וואָכן, האָט שוין פֿאַר אונז אָנגעהויבן ווערן קלאָר, אַז אַ בריוו-טרעגער מיט שליפֿעס דאַרף טאַקע האָבן מער מאַכט איבער אונז ווי אַמאָל אונזערע עלטערן, די ערציער און אַלע קולטור-קרייזן, אָנגעהויבן פֿון פּלאַטאָנען ביז געטהען. מיט אונזערע יונגע, וואַכע אויגן האָבן מיר דערזען, אַז דער קלאַסישער פֿאָטערלאַנד-באַגריף פֿון אונזערע לערער האָט זיך דערווייל רעאַליזירט אויף אזא אופֿן, אַז מען האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פֿון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, מער וויפֿל מ'וואָלט זיך געקאָנט ריכטן פֿון ערגסטן משרת. גריסן, גלייך-שטעלן זיך, פּאַראַד-מאַרש, געווער-פּרעזענטירן, רעכטס, לינקס, פּיס צוזאַמען, זידלערייען און טויזנטער שיקאַנעס: מיר האָבן וועגן אונזער אויפֿגאַבע געהאַט אַן אַנדער פֿאָרשטעלונג. איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ'גרייט אונז צום העלדנטום, ווי צירק-פֿערד. אָבער מיר האָבן זיך באַלד צוגעוווינט דערצו. מיר האָבן אַפֿילו אָנגעהויבן באַנעמען, אַז אַ טייל פֿון די אַלע זאַכן איז נויטיק, אַן אַנדער טייל — איבעריק. דער סאָלדאַט האָט שוין אַ גוטן חוש פֿאַר אַזעלכע זאַכן.

*

צו גרופּעס פֿון דריי און פֿיר פּאַרשוין האָט מען פֿונאַנדערגעוואָרפֿן אונזער קלאַס איבער די אָפּטיילונגען. מ׳האָט אונז צוזאַמען געמישט מיט פּריזישע פּישערס, פּויערן, אַרבעטער און בעל־מלאכות. מיר זענען, וואָס אמת, שנעל געוואָרן גוטע פֿריינד. קראָפּ, מיללער, קעמעריך און איך זענען פּאַרטיילט געוואָרן אין דער ניינטער קאָרפּאָראַלשאַפֿט, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפֿירט דער אונטעראָפֿיציר הימלשטאָס.

מ׳האָט אים געהאַלטן פֿאַרן גרעסטן אכזר אין דער קאַזאַרמע און ער האָט אַפֿילו שטאָלצירט דערמיט. אַ קליינער, דיקער חברה־מאַן, וואָס האָט אָפּגעדינט זיינע צוועלף יאָר, מיט פֿוקסישע אַרויפֿגעדרייטע וואָנסן, אין ציוויל — אַ בריוו־טרעגער. אויף קראָפּ, טיאַדען, וועסטהוס און מיר האָט ער געהאַט ספּעציעל אַן אויג, ווייל ער האָט געפֿילט אונזער שטילע עקשנות.

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן האָב איך געמוזט פֿערצן מאָל איבערבעטן זיין בעט. אַלעמאָל האָט ער געפֿונען אַ נייעם חסרון און צוריק צעוואָרפֿן. אין משך פֿון צוואַנציק שעה (מיט הפסקות, נאַטירלעך) האָב איך געהאַלטן אין איין שמירן אַ פּאָר אוראַלטע שטיוול, וואָס זענען האַרט געווען ווי אַ שטיין, און זיי געמאַכט ווייך ווי פּוטער, אַזוי, אַז הימעלשטאַס אַליין האָט אויך מער נישט געקאָנט האָבן קיין טענות. לויט זיינס אַ באַפֿעל האָב איך מיט אַ ציינבערשטל זויבער אויסגעשייערט די קאָרפּאָראַלשאַפֿט־שטוב. קראָפּ און איך האָבן מיט אַ האַנט־בערשטל און אַ קער־בלעך גענומען זיך לויט אַ באַפֿעל אָפּצוריייניקן דעם קאַזאַרמע־הויף פֿון שניי און מיר וואָלטן אַזוי געפֿרוירן געוואָרן אויפֿן הויף, ווען ס׳וואָלט זיך צופֿעליק נישט באַוויזן אַ לייטענאַנט, וואָס האָט אונז באַפֿרייט און הימעלשטאָסן גוט אויסגעשייגעצט, אָבער דער רעזולטאַט איז, לײדער, געווען דער, אַז הימלשטאָס איז געוואָרן צו אונז נאָך אכזריותדיקער. אין משך פֿון פֿיר וואָכן בין איך כסדר יעדן זונטיק געשטאַנען אויף דער וואַך און שעהן־לאַנג געטון שטובאַרבעט. אין דער פֿולער באַוואָפֿנונג האָב איך געמוזט אויף אַ נאַסן ווייכן פֿעלד מאַכן „שפּרונג־אויף, מאַרש,

מאַרש" און „פּאַלן". דער סוף איז געווען, אַז כ'בין אינגאַנצן גע־וואָרן איין שטיק בלאָטע און אַוועקגעפאַלן. אין פיר שעה אַרום האָב איך געמוזט פאַר הימלשטאָסן רעפּרעזענטירן מיין פולשטענדיק־אויס־גערייניקטן לבוש, כאָטש הענט האָב איך געהאַט צעבלוטיקטע פון רייבן. איך, קראַפּ, וועסטהוס און טיאַדען האָבן אין אַ שאַרפן פראָסט אָן הענטשקעס געמוזט איבן אין משך פון אַ פערטל שעה „שטיל־שטיין". די בלויזע פינגער האָבן מיר געהאַלטן אויף די לופעס פון געווער, און אַרום אונז איז אַרומגעקראָכן הימלשטאָס און געוואַרט ס'זאָל עמעץ פון אונז מאַכן די מינדסטע באַוועגונג, כדי זיך צו קאָ־טשעפּען. צוויי אַזייגער ביינאַכט האָב איך געמוזט אַכט מאָל אַראָפּלויפן פון העכסטן שטאָק אין דער קאַזאַרמע ביז אַראָפּ אין הויף. און דאָס איז געשען אַלץ דערפאַר, וואָס מיין אונטערהויז האָט אַראָפּגעהאָנגען עטלעכע צענטימעטער פונם בענקל, אויף וועלכן יע־דער איינער האָט אַוועקגעלייגט זיינע מלבושים. לעבן מיר איז גע־לאָפן דער אונטעראָפיצער פון דינסט, הימלשטאָס, און האָט מיר גע־טרעטן אויף די פיאַטעס. ביים באַיאָנעטירן האָב איך אַלעמאָל גע־מוזט פעכטן מיט הימלשטאָסן. דערביי האָב איך געהאַלטן אַ שווער אייזנגעשטעל און ער — אַ לייכט האָלץ־געווער, אַזוי, אַז ער האָט גאַנץ לייכט מיר געקאָנט מאַכן בלוין־און־בלויע צייכנס אויף די הענט. אָבער איינמאָל בין איך פון דעם אַלעמען אַריין אין אַזאַ כעס, אַז איך בין אויף אים אַרויף און אים דערלאַנגט אַזאַ זעץ אין בויך, אַז ר'איז אומגעפאַלן. ווען ר'האָט זיך געוואָלט באַקלאָגן, האָט אים דער קאָמ־פּאַניע־פירער אויסגעלאַכט און געזאָגט, אַז נאָכאַמאָל זאָל ער אַכ־טונג טון. ער האָט, אפנים, געוווסט ווער הימלשטאָס איז, און צו־פרידן געווען פון זיין מפלה. איך בין געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער קלעטערער. כ'בין ביסלעכווייז געוואָרן אַ מייסטער אין קני־בייגן. מיר פלעגן אויפציטערן, ווען מיר האָבן בלויז דערהערט זיין קול. אָבער ער זאָל אונז אינגאַנצן גובר זיין—דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, דעם דאָזיקן ווילדן פּאָסט־פערד.

אין איינעם אַ זונטיק האָב איך און קראָפּ אויף אַ שטאַנג גע־שלעפּט דעם לאַטרינע־עמער איבערן הויף. הימלשטאָס איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען אַן אויסגעפּוצטער, האָט זיך אָפּגעשטעלט און

געפרעגט, ווי עס שמעקט אונז די אַרבעט. האָבן מיר זיך כלומרשט אָנגעשטויסן און אים אויסגעגאָסן דעם עמער איבער די פּיס. ער איז אַרויס פון די כלים, אָבער די מאָס איז שוין געווען איבערפולט.

— דערפאַר קומט פּעסטונג, — האָט ער געשריגן.

פאַר קראַפּן איז שוין געווען גענוג. — פריער קומט אַן אויספאַרשונג, און דעמאָלט וועלן מיר אַלץ אויפדעקן — האָט ער געזאָגט.

— ווי רעדט איר מיט אַן אונטעראָפיצירן — האָט הימלשטאָס אַ בריל געטון. — איר זענט משוגע געוואָרן? וואַרט, ביז מ׳וועט אייך פרעגן וואָס ווילט איר טון?

— אויפדעקן די פיינע מעשים פון דעם הער אונטעראָפיציר, — האָט קראָפּ געזאָגט און זיך אַוועקגעשטעלט אויף „אַכטונג“.

הימלשטאָס האָט זיך סוף-כל-סוף אָנגעשטויסן, מיט וואָס ס׳שמעקט און זיך אָפּגעטראָגן אָן אַ וואָרט. איידער ר׳איז פאַרשוונדן, האָט ער אַפילו נאָך אַ קראַקע געטון: „כ׳וועל זיך מיט אייך אָפּרעכענען“. אָבער זיין מאַכט האָט זיך אויסגעלאָזט. ער האָט נאָך איין מאָל געפּרווט צו געבן באַפעלן „פאַלן“ און „שפּרינג-אויף, מאַרש, מאַרש“ אויף נאַסער ערד, מיר האָבן, וואָס אמת, געפאָלגט יעדן באַפעל. — ווייל באַפעל איז באַפעל, — און מ׳מוז אים אויספירן. אָבער מיר האָבן דאָס געטון אַזוי קריכעדיק, אַז הימלשטאָס איז אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. מיר האָבן זיך געמיטלעך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, דערנאָך אויף די הענט און אַזוי כסדר. דערווייל האָט ער שוין צאָרנדיק אויסגעשריגן אַן אַנדער קאָמאַנדאַ. איידער מיר האָבן זיך רעכט צעוואַרעמט, איז ער שוין געווען הייזעריק.

צום סוף האָט ער אונז אָפּגעלאָזט, כאָטש ער האָט אונז נאָך אַלץ גערופן חזירים. אָבער דערין איז געלעגן אַ געוויסער דרך-ארץ.

ס׳זענען געווען אויך אַסך אָרנטלעכע קאַפּראַלן, וואָס זענען געווען קלוגער, אָרנטלעכע איז אַפילו געווען דער רוב. אָבער קודם-כל האָט יעדער איינער פון זיי געוואָלט בלייבן ביי זיין גוטן פּאָסטן ווייט פון פראָנט וואָס לענגער, און דאָס איז געווען נאָר דעמאָלט, ווען מ׳איז געווען שטרענג צו די רעקרוטן.

מיר האָבן זיך דערביי אויסגעלערנט די גאַנצע קאַזאַרמע-תורה און אָפּט טאַקע האָבן מיר געוויינט פון צאָרן. אַ טייל פון אונז זענען

אויך קראַנק געוואָרן צוליב דעם. וואָלט איז געשטאָרבן פון אַ לונגען-אָנצינדונג. אָבער מיר וואָלטן געוועזן לעבערלעך אין די אייגענע אויגן, ווען מיר וואָלטן זיך געלאָזט בייקומען. מיר זענען געוואָרן האַרט, חשדימדיק, אומבּרחמנותדיק, נקמה-דורשטיק, רוי — און דאָס האָט געניצט. ווייל גראָד די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָבן אונז געפעלט. ווען מ'וואָלט אונז געשיקט אין די שוץ-גרובנס אָן דער דאָזיקער אויס-בילדונג, וואָלט די גרעסטע מערהייט פון אונז משוגע געוואָרן. אַזוי אָבער זענען מיר צוגעגרייט געווען דערצו, וואָס ס'האָט געוואַרט אויף אונז.

מיר זענען נישט געפאַלן אונטער דער משא, מיר האָבן זיך צו-געפּאַסט. אונזערע צוואַנציק יאָר, וואָס זענען ביי עפּעס אַנדערש גע-ווען אַ מניעה, האָבן אין דעם פאַל צוגעהאָלפן. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז באַשטאַנען דערין, וואָס ס'האָט זיך אין אונז אויפגעכאַפּט אַ פעסט, פּראַקטיש געפיל פון צוזאַמענהאַלטן זיך. עס איז אויפן פראָנט אויסגעוואַקסן און געוואָרן דאָס בעסטע, וואָס די מלחמה האָט ארויס-געבראַכט: חברשאַפט.

*

איך זיץ ביי קעמעריכס בעט. ער ווערט אַלץ חרובער. ארום איז אַ גרויסער טומל. ס'איז אָנגעקומען אַ לאַזאַרעט-צוג און מ'קלויבט-אויס די טראַנספּאָרט-פעיקע פאַרוווּנדעטע. דורך קעמעריכס בעט גייט דער דאָקטאָר פאַרביי, ער קוקט אים אפילו נישט אָן.

— ס'צווייטע מאָל, פראַנץ — זאָג איך.

ער הויבט זיך אויף אויפן קישן ביז צו די עלנבויגנס. — זיי האָבן מיך אַמפּוטירט.

ער ווייסט שוין, הייסט עס. איך שאָקל צו מיטן קאָפּ און ענט-פער: דאַנק גאָט, וואָס האָסט אַזוי אָפּגעשניטן.

ער שווייגט.

איך רעד ווייטער: האָסט נאָך אַ נס, וואָס ס'איז נישט ביידע פיס, פראַנץ. ווענעלער האָט פאַרלוירן די האַנט. דאָס איז אַסך ערגער. וועסט איצט אַהיימפאָרן אויך.

ער קוקט מיך אָן. — אַזוי מיינסטו?

— נאַטירלעך.

ער חזרט-איבער: — אַזוי מיינסטו?

— זיכער, פראַנץ. דו מוזט בלויז קומען צו זיך נאָך דער אָפּעראַציע.

ער ווינקט מיר צו, כ'זאָל מיך צו אים צורוקן. איך בויג מיך צו און ער שעפּטשעט: — כ'גלויב נישט דערין.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, פראַנץ, אין אַ פּאָר טעג אַרום וועסטו זיך אַליין איבערציייגן. וואָס איז דאָס אַזאַ גרויסע זאַך, אַן אַמפּוטירטער פוס. דאָ ווערן צו רעכט געמאַכט אַסך ערגערע זאַכן.

ער הויבט אויף אַ האַנט. — קוק נאָר אָן, אָט די פינגער.

— דאָס נעמט זיך פון דער אָפּעראַציע. פּאַשע דיך נאָר אָרנטלעך, וועסטו שוין קומען צו זיך. איר באַקומט כאָטש גוט אָפּצועסן?

ער ווייזט אָן אויף דער שיסל, וואָס איז נאָך כמעט פול. איך ווער אויפגערעגט. — פראַנץ, דו מוזט עסן, עסן איז דער עיקר, ס'איז דאָך אַ גאַנץ גוטער מאכל.

ער איז נישט מסכים. נאָך אַ פויזע זאָגט ער פּאַמעלעך: — כ'האָב אַמאָל געוואָלט ווערן אויבער-וואַלד-באַאמטער.

— וועסט עס נאָך קאָנען אויספירן — טרייסט איך אים. — ס'זענען איצט פאַראַן גרויסאַרטיקע פּראָטעזן, אַזוי, אַז וועסט אפילו נישט פילן, צי ס'פעלט דיר עפּעס. זיי ווערן באַהאָפטן מיט די מוסקולן, ביי האַנט-פּראָטעזן קאָן מען רירן מיט די פינגער און אַרבעטן, אַפילו שרייבן. אויסער דעם האַלט מען דאָך אין איין אויסגעפינען.

אַ צייט לאַנג ליגט ער שטיל, דערנאָך זאָגט ער: — קאָנסט מיטנעמען מיינע געשנאָרוולטע שיך פאַר מיללערן.

איך שאָקל צו און פאַרטראַכט זיך וועגן דעם, וואָס אַזוינס כ'וואָלט אים געקאָנט זאָגן, כדי אים אויפצומונטערן. זיינע ליפּן זענען ווי אָפּגעווישט, זיין מויל איז געוואָרן גרעסער, די ציין שטאַרן אַפּער און זעען-אויס, ווי פון קרייד. דאָס פלייש צעגייט, דער שטערן ווערט קיילעכיקער. די באַקן-ביינער קריכן אַרויס. דער סקעלעט ווערט בולטער. די אויגן ווערן פאַרזינקען. אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט זיין דער סוף.

עס איז נישט דער ערשטער גוסס, וואָס כ'זע. אָבער מיר זענען

אויפֿגעוואַקסן צוזאַמען און דערפֿאַר איז שוין אַלץ אינגאַנצן אַנדערש. איך פֿלעג אָפּשרייבֿן פֿון אים די לעקציעס. אין שול האָט ער על פּי רוב געטראָגן אַ ברוינעם אַנצוג מיט אַ פּאַסיק, מיט אויסגעריבענע אַרבל. ער איז אויך געווען דער איינציקער צווישן אונז, וואָס האָט געקאָנט מאַכן דעם גרויסן דריי אויפֿן רעק. די האָר זענען אים געפֿלויגן אין פּנים אַריין, ווי זייד, בעת ער האָט אים געמאַכט. קאָנטאַרעק איז דערפֿאַר געווען שטאָלץ מיט אים. אָבער קיין פּאַפּיראָסן האָט ער נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן. זיין הויט איז געווען זייער אַ ווייסע. ער האָט אין זיך געהאַט עפּעס פֿון אַ מיידל.

איך גיב אַ קוק אויף מיינע שטיוול. זיי זענען גרויס און אומגעלומפּערט. די הויזן זענען אַריינגעמאַכט. בעת מ׳שטייט, זעט מען אוים אין די דאָזיקע ברייטע רערן דיק און שטאַרק. אָבער ווען מ׳גייט זיך באָדן און מ׳טוט זיי אוים, קריגן מיר פֿלוצלינג שמאָלע פּים און שמאָלע אַקסלען. דעמאָלט זענען מיר מער נישט קיין סאָלדאַטן, נאָר כמעט יינגלעך. מ׳וואָלט גאָרנישט געגלויבט, אַז מיר זענען פֿעיק צו שלעפּן טאָרניסטערס. בעת מיר שטייען נאַקעט, ווערט עפּעס אויסטערליש. דעמאָלט זענען מיר ציוויל-מענטשן און פֿילן זיך כמעט אַזוי.

פֿראַנץ קעמעריך האָט ביים באָדן אויסגעזען קליין און שמאָל, ווי אַ קינד. איצט ליגט ער אויפֿן טויטן- בעט. פֿאַרוואָס? מ׳וואָלט געדאַרפֿט די גאַנצע וועלט פֿאַרבייפֿירן ביי אָט דעם בעט און זאָגן: דאָס איז פֿראַנץ קעמעריך, ניינצן און אַ האַלבֿ יאָר אַלט. ער וויל נישט שטאַרבֿן. לאָזט אים נישט אויסגיין!

מיינע געדאַנקען מישן זיך. אָט די לופֿט — פֿול אָנגעזאַפּט מיט קאַרבאָל און בראַנד — ליינט זיך אויף די לונגען. די לופֿט איז ווי אַ געדיכטע ברײַ, וואָס שטיקט.

ס׳ווערט טונקל. קעמעריכס פּנים ווערט בלייך. ס׳הויבֿט זיך אויף פֿון קישן און ס׳גלאַנצט אַזש פֿון בלאַסקייט. דאָס מויל באַוועגט זיך קוים. איך גיי צו נענטער. ער שעפּטשעט: — אויב איר וועט געפֿינען מיין זייגער, שיקט אים אַהיים.

איך שפּאַר נישט איבער. ס׳האָט מער נישט קיין צוועק. מ׳קאָן אים נישט איבערציינגן. ס׳ווערט מיר שרעקלעך פֿון הילפֿלאָזיקייט.

אָט-דער שטערן מיט די איינגעפֿאַלענע שלייפֿן, דאָס מויל, וואָס באַשטייט פֿון בלויז ציין, אָט-די שפּיציקע נאָזן און אין דער היים די דיקע ווײַנענדיקע פֿרוי, צו וועלכער איך מוז נאָך אָנשרײַבן אַ בריוו. הלוואי וואָלט איך שוין געווען פּטור פֿון אָט-דעם בריוו!

לאַזאַרעט-געהילפֿן גייען אַרום מיט פֿלאַשן און עמערס. איינער קומט אַרײַן, וואַרפֿט אַ פֿאָרשנדיקן בליק צו קעמעריך און גייט ווײַטער. מ׳זעט, אַז ער וואַרט אויף עפּעס. מסתמה דאַרף ער האָבן דאָס בעט.

איך רוק זיך צו נענטער צו פֿראַנצן און רעד אַזוי, גלײַך כ׳וואָלט אים געקאָנט ראַטעווען.

אפֿשר וואָלסטו געקאָנט אָנקומען אין דער סאַנאַטאָריע אין קלויסטערבערג צווישן די ווילעס. דאָרטן וואָלסטו געקאָנט פֿון די פֿענצטער קוקן אויף די פֿעלדער, ביז צו ביידע בוימער בײַם האָריזאָנט. ס׳איז איצט די שענסטע צײַט. דער קאָרן ווערט רײַף. פֿאַרנאַכט זעען-אויס די פֿעלדער אַקעגן דער זון, ווי פּערלמוטער. און די טאָפּאָלן-אַלעע—אין קלויסטערבאַך, וווּ מיר האָבן געכאַפּט שטעך-פֿישן וואָלסט ווידער געקענט אײַנאָרדנען אַן אַקוואַריום און האָדעווען פֿיש. קאָנסט אַרויסגיין און קיינעם נישט פֿרעגן. וואָלסט אַפֿילו געקאָנט שפּילן קלאַוויר אויך, ווען דו וואָלסט נאָר געוואָלט.

איך בייג מיך אַריבער איבער זײַן פּנים, וואָס ליגט אין שאָטן. ער אָטעמט נאָך שטיל. זײַן פּנים איז נאַס, ער וויינט. איך האָב אָפּגעטון אַ היפּשע טפּשות מיט מײַן נאַרישער פּלוידעריי.

— אָבער פֿראַנצן — איך נעם אַרום זײַנע אַקסלען און לייג צו מײַן פּנים צו זײַנעם. — דו ווילסט איצט שלאָפֿן?

ער ענטפֿערט נישט. די טרערן גיסן זיך איבער זײַנע באַקן. איך וואָלט זיי געוואָלט אָפּווישן, אָבער מײַן טאַשנטיכל איז צו שמוציק.

ס׳גייט אַוועק אַ שעה. איך זיץ געשפּאַנט און קוק זיך צו, צו יעדער מינע זײַנער, אפֿשר וועט ער נאָך עפּעס וועלן זאָגן. ווען ער וואָלט כאָטש געוואָלט עפֿענען דאָס מויל און שרײַען! אָבער ער וויינט בלויז און האַלט דעם קאָפּ אין אַ זײַט. ער רעדט נישט וועגן זײַן מוטער און שוועסטער, ער זאָגט גאָרנישט. די אַלע זאַכן זענען

שוין, אפּנים, ווייט פון אים. ער איז איצט אליין מיט זיין קליין נײנצניעריק לעבן און ער וויינט, הלמאי ער מוז עם פארלאזן.

דאָס איז די שווערסטע צעשיידונג מיטן לעבן, וועלכע איך האָב ווען ס׳איז געזען, כאָטש — ביי טיאָדענען איז אויך געווען געגוג שלעכט. א יונג, ווי א בער, האָט ער הויך געשריגן „מאַמע״ — און מיט דערשראָקן-אויפגעריסענע אויגן נישט צוגעלאָזט מיטן געווער דעם דאָקטאָר צום בעט, ביז ער איז נישט אויסגעגאנגען.

פּלוצלונג גיט קעמעריך א זיפץ און נעמט גוססן.

איך שפּרינג-אויף, לויף ארויס און פרעג: — ווו איז דער דאָקטאָר? ווו איז דער דאָקטאָר?

ווען איך דערזע אים אין זיין ווייסן קיטל, כאַפּ איך אים אָן פעסט. — קומט גיכער, ווייל פראַנץ קעמעריך שטאַרבט אָפּ.

ער רייסט זיך ארויס און פרעגט עמעצן, וואָס שטייט דער-נעבן: — וועגן וואָס גייט דאָ?

יענער זאָגט: — בעט 26, אויבערשענקל אמפּוטירט.

ער רייסט זיך אָפּ: — פון וואַנען זאל איך וויסן? כ׳האָב היינט אמפּוטירט פינף פיס.

ער שטופּט מיך אוועק און זאָגט דעם לאַזאַרעט- געהילף: — „גיט א קוק״ — דערביי לויפט ער אוועק אין אָפּעראַציע-זאל.

איך ציטער פון כעס, בשעת כ׳פיר אריין דעם סאַניטאַר. יע-נער קוקט מיך אָן און זאָגט: איין אָפּעראַציע נאָך דער אנדערער, זינט פינף אזייגער אינדערפרי, מ׳ווערט דול — זאָג איך דיר. בלויז היינט ווידער זעכצן מתים. דיינער איז דער זיבנצענטער. ס׳וועט דערגרייך ביז צוואַנציק.

ס׳ווערט מיר נישט גוט. כ׳קען פּלוצלינג מער נישט אויס-האלטן. כ׳וויל מער נישט זידלען. ס׳האָט נישט קיין זין. כ׳וואָלט געוואָלט אנידערפאלן און מער נישט אויפשטיין.

מיר זענען צוגעקומען צו קעמעריכס בעט. ער איז טויט. דאָס פּנים איז נאָך נאַס פון טרערן. די אויגן שטייען האלב אָפן. זיי זענען געל. ווי אלטע האָרן-קנעפּ.

דער סאַניטאַר גיט מיר א שטופּ אין די ריפּן: — נעמט צו זיינע זאכן?

איך שאָקל מיטן קאָפּ.

ער רעדט ווייטער: — מיר מוזן אים תיכּף אוועקנעמען, מ׳דאַרף האָבן דאָס בעט. מ׳ליגט שוין אין הויז.

איך נעם צו די זאַכן און קנעפּל-אָפּ ביי קעמעריך די דערקע-בונגס-מאַרקע. דער סאַניטאַר פּרעגט זיך וועגן דעם לוין-בוך. ס׳איז נישטאָ. איך זאָג, אַז ס׳מוז מסתמא ליגן אין קאַנצעלאַריע און כ׳גיי אוועק. הינטער מיר שלעפּט מען שוין פראַנצן אַרויף אויף אַ טראָג-בעטל.

ביי דער טיר דערפיל איך די טונקלקייט און דעם ווינט ווי אַ דערלייזונג. כ׳אָטעם מיטן גאַנצן כוח און די לופט אַרום אַפּנים זעט מיר אויס ווייכער און וואַרימער, ווי אַלעמאָל. ס׳טויכן פלוצלינג אויף אין קאָפּ געדאַנקען וועגן מיידלעך, וועגן בליענדיקע לאָנקעס, ווייסע וואָלקנס. מיינע פיס אין די שטיוול גייען פאָרויס, כ׳גיי גיכער, כ׳לויף. סאָלדאַטן גייען אַדורך, זייערע רייד רעגן מיך אויף, כ׳אָטש כ׳פאַרשטיי זיי נישט. די ערד איז אָנגעזאַפּט מיט כוחות, וואָס שטראָמען אַריין צו מיר דורך די טריט פון די פיס. די נאַכט קנאַקט עלעקטריש. דער פראָנט שטראָמט טעמפּ, ווי אַ פויק-קאָנצערט, מיינע אברים רירן זיך פלינק. כ׳פיל שטאַרק מיינע געלענקען, כ׳אָטעם שווער, כ׳סאָפּע. די נאַכט לעבט, איך לעב. כ׳פיל אַ הונגער, מער ווי פון מ׳קאָן פילן בלויז פון מאָגן.

מילער שטייט פאַרן באַראַק און וואַרט מיך אָפּ, כ׳גיב אים די שטיוול. מיר גייען אַריין. ער מעסט זיי אָן. זיי פּאַסן אַקוראַט.

ער פאָרקעט זיך צווישן זיין שפּייז און איז מיך מכבד מיט אַ היפּש שטיק סערוואָלאַט-וווּרשט, דערצו איז אויך פאַראַן הייסע טיי און רום.

## III

מיר באַקומען ערזאַץ. די בלויזן ווערן אויסגעפּילט און די שטרוי-זעק אין די באַראַקן זענען שוין ווידער באַלייגט. אַ טייל זענען עלטערע מענטשן, ס'זענען אָבער אויך צוגעשיקט געוואָרן אַ פינף-און-צוואַנציק יונגעלייט פעלד-רעקרוטן. זיי זענען אַלע כמעט מיט אַ יאָר יינגער פון אונז. קראָפּ גיט מיר אַ שטויס: האָסט שוין געזען די קינדער?

איך שאָקל צו. מיר גלייכן זיך אויס, לאָזן זיך ראַזירן אין הויף, מיר שטעקן אַריין די הענט אין די הויזן-קעשענעס, קוקן אָן די רעקרוטן און מיר פילן זיך אַקעגן זיי, ווי אַלטע זעלנער.

קאַטשינסקי קומט צו צו אונז. מיר גייען אַדורך די פערד-שטאַלן און מ'קומט-צו צו די ערזאַץ-זעלנער. זיי האָבן גראָד באַקומען גאַז-מאַסקעס און קאַווע. קאַט פרעגט איינעם פון די יינגסטע: — איר האָט שוין מסתמא לאַנג נישט באַקומען אָפּצועסן ווי ס'געהער צו זיין, וואָס?

יענער פאַרציט דאָס פנים. — אינדערפרי ריבנברויט, מיטאָג ריבנגעקעכטס, אָוונט — ריבנקאָטלעטן און ריבנסאַלאַט.

קאַטשינסקי פייפט-צו פאַכמענעריש. ברויט פון ריבן? — אויב אַזוי, האָט איר געהאַט מזל. מ'באַקט שוין ברויט אויך פון זעגעכץ. אָבער ווי האַלטסטו עפעס פון ווייסע באָבעס, וואָלסט געוואָלט באַקומען אַ פאָרציע?

דער יונג ווערט רויט. קיין חוזק מאַכן דאַרפסטו נישט.

קאַטשינסקי ענטפערט בלויז: — נעם דיין טעפל.

מיר גיין נאָך ניי-גיעריקע. ער פירט אונז צו צו אַ פעסל לעבן זיין שטרוי-זאַק. דאָס פעסל איז פאַקטיש ביז צו דער העלפט פול מיט ווייסע באָבעס און רינדערן פלייש. קאַטשינסקי שטייט פאַר דעם פעסל, ווי אַ גענעראַל און קאָמאַנדירט: „מיט די אויגן קוק, מיט די הענט נעם" — דאָס איז די פּאַראָלע ביי די פּרייסן.

מיר זענען איבערגעראשט. איך פרעג: — דו זולל-וסובא, קאַט, ווו האָסטו דאָס דערטאַפּט?

— דער פּאָמידאָר האָט זיך נאָך געפּרייט, ווען כ'האָב עס ביי אים צוגענומען. כ'האָב אים געגעבן דערפאר דריי שטיקער זייד אויף פּעלד-שירמען. נאַ, דו ווייסט, אַז קאַלטע באָבעס זענען אויך זייער באַטעמט.

ער גיט-אויף מעשה נדיב דעם יונגן חברה-מאַן אַ פּאָרציע, און זאָגט: — ווען דו וועסט נאָכאמאָל אהערקומען מיט דיין טעפּל, זאָלסטו האָבן אין דער לינקער האַנט אַ ציגאַר אָדער אַ קאָפּ טאַבאַק, פאַרשטאַנען?

דערנאָך ווענדט ער זיך צו אונז: — איר וועט נאַטירלעך קריגן אָן דעם.

*

אָן קאַטשינסקין קאָן מען זיך גאָרנישט באַגיין, ווייל ער האָט אַ זעקסטן חוש. ס'זענען אומעטום פאַראַן אַזעלכע פאַרשווינען, אָבער קיינער כאַפּט זיך נישט פריער דערויף. יעדע קאָמפּאַניע האָט איי-נעם אָדער צוויי אַזעלכע. קאַטשינסקי איז דער דורכגעטריבנסטער פון די אַלע, וואָס איך קאָן. לויטן פאַך איז ער, מיין איך, אַ שוסטער, אָבער דאָס האָט נישט קיין שייכות דערצו. ער קאָן אַלע מלאכות. ס'לוינט מיט אים צו זיין גוטער-ברודער. קראָפּ און איך זענען עס טאַקע, האַיע וועסטהוס כמעט אויך. אָבער ער איז שוין מער אויס-פירנדיקער אָרגאַן, ווייל ער אַרבעט אונטער קאַטס קאָמאַנדע, בעת מ'דאַרף אָפּטון אַ זאַך, צו וועלכער מען דאַרף האָבן פויסטן. דערפאַר קריגט ער זיין באַלוינונג.

מיר קומען, צום ביישפּיל, ביינאַכט אין אַ פולשטענדיק-אומ-באַקאַנט אָרט, אַן אָרעמע נעסט, ווו מ'דערקענט תיכף, אַז זי איז אויסגעליידיקט אַדורך-און-אַדורך. די קוואַרטיר איז אַ קליינע, אַ טונקעלער פאַבריק-בנין, אין וועלכן מ'האָט ספּעציעל גרייט-געמאַכט נאַכט-לעגערס. ס'שטייען דאָרטן בעטן, אָדער בעסער גע-זאָגט: בעט-געשטעלן, עטלעכע לייסטן מיט דראָט-נעצן.

דראַט-נעצן זענען האַרט. אַ קאַלדערע אונטערצוליייגן איז נישטאָ. די, וואָס מיר האָבן, דאַרף מען צום צודעקן זיך. די געצעלט-לייוונט איז צו-דין.

קאַט נעמט תיכּף אַדורך דעם ענין און זאָגט צו האַיע וועסט-הוס: — קום מיט מיר. זיי לאָזן זיך גיין אין דעם פולשטענדיק אומ-באַקאַנטן אָרט. אין אַ האַלבער שעה אַרום קומט מען צוריק מיט פולע הענט שטרוי. קאַט האָט געפונען אַ פערד-שטאַל מיט שטרוי. איצט וואָלט געוועזן וואַרעם צו שלאָפן, ווען ס'וואָלט נישט אַזוי מוראדיק געבּרומט אין מאָגן.

קראָפּ פרעגט אַן אַרטילעריסט, וואָס איז שוין לאַנג דאָ אין דער געגנט: — ס'איז עפּעס דאָ פאַראַן אַ שטיקל קאַנטינע?

יענער לאַכט: — וויים איך וואָסן דאָ קאַנסטו גאַרנישט קריגן. אַפילו קיין רעפּט ברויט.

ס'זענען דען מער נישט פאַראַן קיין איינוווינער?

יענער שפּייט אויס. — פאַראַן עטלעכע. אָבער זיי קריכן אַליין אַרום די קעסלען און בעטלען.

דאָס איז אַ פּאַסקודנער ענין. באין-בּרירא מוז מען ענגער פאַר-ציען די פּאַסקעס און וואַרטן ביז מאָרגן, ווען ס'קומט אָן דער פוראַזש.

פונדעסטוועגן טוט, זע איך, קאַט אָן דאָס היטל. כ'פרעג: — וווהין גייסטו, קאַט?

— מ'וועט זיך אַביסל אַרומקוקן, — און ער קריכט אַרויס.

דער אַרטילעריסט חוזקט: — ריר דיך, זאָלסט דיך נאָר נישט איבּערהייבּן.

מיר לייגן זיך אַוועק אַנטוישטע און מיר זענען זיך מיישב, צי מ'זאָל זיך נעמען צו די אייזערנע פּאָרציעס. אָבער ס'איז צו-ריזיקאַליש. באין-בּרירא פּרוווט מען איינשלאָפן.

קראָפּ ברעכט איבּער אַ פּאַפּיראָס און גיט מיר אַ העלפט, טיאַדען דערציילט וועגן די מאכלים פון זייער היים, גרויסע באָבּעס מיט שפּעק. ער האַלט נישט פון באָבּעלעך אָן קרויט. אָבער קודם-כּל דאַרף מען אַלץ קאָכן צוזאַמען, נישט באַזונדער די קאַרטאָפל, באַזונדער דאָס קרויט, און באַזונדער דעם שפּעק. עמעצער גיט אַ מרוק, אַז ער וועט פון טיאַדענען מאַכן קרויט מיט באָבּעס, אויב

ער וועט נישט איינגעמען קיין שטומעניש. באַלד דערנאָך ווערט רויק אין גרויסן זאַל. ס׳בּרענען בלויז עטלעכע ליכט אין די פּלע-שער און דער אַרטילעריסט שפּייט אויס פון צייט צו צייט.

מיר דרימלען שוין אַביסל, אָבער פּלוצלינג עפנט זיך די טיר און ס׳באַווייזט זיך קאַט. כ׳בּין זיכער, אַז ס׳חלומט זיך מיר. ער טראָגט צוויי ברייטלעך אונטערן אָרעם און אין דער האַנט אַ פּאַר-בּלוטיקטן זאַק מיט פערד-פלייש.

ביים אַרטילעריסט פאַלט אַרויס די פּיפּקע פון מויל. ער באַ-טאַפּט דאָס ברויט. — פאַקטיש, אמתדיק ברויט און נאָך אַ וואַרעמס.

קאַט רעדט מער נישט וועגן דעם. אַבי ער האָט ברויט, ווי אַזוי — איז אַלץ איינס. כ׳בּין איבּערגעצייגט, אַז ווען מ׳שטעלט אים אַוועק אין דער מדבּר, וועט ער אויך דאָרטן אין משך פון אַ שעה צוזאַמענשטעלן אַ סעודה פון טייטלען, געבּראָטנס און וויין.

ער זאָגט בקיצור צו האַיען: — האַק האָלץ.

דערנאָך שלעפּט ער אַפּער פון הינטערן ראָק אַ בּראָט-פאַן און פון קעשענע — אַ זשמעניע זאַלץ און אפילו אַ שטיק פעטס. ער האָט געדענקט וועגן אַלעמען. האַיע מאַכט אַ פייער אויף דער פּאָדלאָגע. אין ליידיקן פאַבּריק-זאַל קנאַקט. מיר קריכן אַרויס פון די בעטן.

דער אַרטילעריסט קווענקלט זיך. ער איז זיך מיישב, צי ס׳איז כדאי צו לויבּן דעם ענין, אפשר וועט ער אויך עפּעס קריגן. אָבער קאַטשינסקי זעט אים אפילו נישט. יענער איז פאַר אים ממש גאָר-נישט. דער אַרטילעריסט טרעט אָפּ מיט אַ קללה.

קאַט ווייסט, ווי אַזוי ווייך אָפּצוּבּראָטן אַ שטיקל פערד-פלייש. אויב מ׳לייגט עס גלייך אַריין אין דער פאַן — ווערט עס האַרט. פריער מוז עס זיך אַבּיסל קאָכן אין וואַסער. מיר זעצן זיך אַרום מיט די מעסערס אין די הענט און מ׳עסט זיך אָן פולע בייכער.

דאָס איז קאַט. אויב ס׳וועט זיך ערגעץ געפינען איין מאָל אין אַ יאָר עפּעס צו קייען, וועט ער — על-פּי רוח הקודש — גראָד דעמאָלט אָנטון דאָס היטל, גיין גלייך אַהין, ווי מיט אַ קאָמפּאַס, און טרעפן דאָס, וואָס ער דאַרף.

ער פּאַקט אַלץ. ווען ס׳איז קאַלט — געפינט ער קליינע איי-

וועלעך און האַלץ, היי און שטרוי, טישן און שטולן, אָבער קודם־כל — צו פרעסן. ס'איז משונהדיק, טיילמאָל דוכט זיך, אַז ער באַשאַפט עס מיט אַ כישוף. זיין גרעסטער אויפטו איז געווען — פיר פּושקעס מיט ראַקעס. אָבער מיר וואָלטן ליבערשט געוואָלט אויף דעם אָרט שמאַלץ.

*

מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אַרום דער זוניקער זייט פון די באַראַקן, עס שמעקט מיט פעך, זומער און שווייס פון די פיס.

קאַט זיצט לעבן מיר, ווייל ער האָט זייער ליב צו שמועסן. מיר האָבן היינט נאָכמיטאָג אַ גאַנצע שעה זיך געלערנט אָפּצוגעבן מיליטער־כבוד דערפאַר, ווייל טיאַדען האָט זיך נאָכלעסיק געגריסט צו אַ מאַיאָר. קאַטן קען דאָס נישט אַרויס פון קאָפּ. ער טענהט: גע־דענק, מיר וועלן פאַרלירן די מלחמה, ווייל מיר קענען צו־גוט גריסן זיך.

קראָפּ טשאַפּעט צו, אַ באָרוועסער, מיט פאַרשאַרצטע הויזן. ער לייגט אַוועק זיינע אויסגעוואַשענע זאָקן צום טריקענען אויפן גראָז. קאַט קוקט אין הימל אַריין, לאָזט אַ שטאַרקן זעץ און זאָגט אַ פאַרטראַכטער: „יעדעס באָבעלע גיט אַ טענעלע".

ביידע הויבן אָן צו דיסקוטירן. גלייכצייטיק וועט מען זיך אין אַ פלאַש ביער, ווער ס'וועט זיגן אין אַ פלי־קאַמף, וואָס שפּילט זיך אָפּ איבער אונזערע קעפּ.

קאַט לאָזט זיך נישט איבערשפּאַרן און מעשה אַלטער פראָנט־הונט זאָגט ער ווידער אַ גראַם: „גלייכע לוין, גלייך געגעסן — וואָלט לאַנג דער קריג געווען פאַרגעסן".

קראָפּ דאַקעגן איז אַ דענקער. ער לייגט פאָר, אַז אַ קריג־ערקלערונג זאָל ווערן אַ מין פאָלק־יום־טוב מיט בילעטן און מוזיק, ווי ביי אָקסן־קאַמפן. די מיניסטאָרן און גענעראַלן פון ביידע לענ־דער וואָלטן זיך געמוזט ווייזן אויף דער אַרענע אין באַד־קאָסטיומען, באַוואָפנט מיט פּאַלקעס און אַזוי וואַרפן זיך איינער אויפן אַנדערן. ווער ס'וואָלט געבליבן לעבן, יענעמס לאַנד וואָלט געווונען. דאָס

וואָלט געווען פּשוטער און בעסער, ווי דאָ, וווּ דער קאַמף איז אַ פאַלשער.

דער פאָרשלאָג געפעלט. דערנאָך גייט אַריבער דער שמועס וועגן קאַזאַרמע-קנעלונג. כ'דערזע פאַר מיר אַ מאָדנע בילד: אַ גליענדיקער מיטאָג אין קאַזאַרמע-הויף, די היץ האָט אַלץ איינגעשטילט, די קאַזאַרמעס זענען-אויס, ווי אויסגעשטאָרבן. אַלץ שלאָפט. מ'הערט בלויז ווי מ'לערנט זיך פויקן. ערגעץ-ווו האָט מען זיך פאַרקליבן און מ'לערנט זיך — אומגעשיקט, איינטאָניק, טעמפּ. ס'איר אַ מאָדנע צוויפגעמיש: מיטאָג-היץ, קאַזאַרמע-הויף און פויקן-קלאַפּעריי.

די פענצטער פון דער קאַזאַרמע זענען ליידיק און טונקל. פון אַ טייל הענגען-אַרויס פייכטע דרילינג-הויזן צום טרוקענען, ס'קוקט זיך אַהין מיט בענקשאַפט. די שטובן זענען קיל.

אָ, איר טונקעלע, טוכלע אונטער-אָפיציר-שטובן מיט די אייזערנע בעט-געשטעלן, מיט די קאָלירטע דעקעס און פאַר זיי — די וועש-שענקלעך און בענקלעך! אפילו צו אייך קאָן מען אויך אַמאָל חשק האָבן. דאָ אויפן פראָנט זענט איר אפילו אַ לעגענדאַרער אָפּגלאַנץ פון היים, איר, שטובן פול מיט שלעכטע ריחות פון אָפּגעשטאַנענע מאכלים, שלאָף, רויך און מלבושים.

קאַטשינסקי באַשרייבט זיי מיט פּרעכטיקע פאַרבן און גרויס התפעלות. וויפיל וואָלטן מיר געגעבן, ווען מיר וואָלטן געקאָנט צוריק אַהין! ווייל אויף מער האָט אונזער פאַנטאַזיע נישט קיין העזה.

איר אינסטרוקציע-שעהן אינדערפרי, — „אויף וואָסערע חלקים צעטיילט זיך דאָס געווער 98", איר טורן-שעהן נאָכמיטאָג. „קלאַוויר-שפילער — אַהער. רעכטס אַרויסן מעלדעט אייך אין קיך צום קאַרטאָפל-שיילן".

מיר צוגיין זיך ממש ביי אָט-די זכרונות. קראָפּ צעלאַכט זיך פּלוצלונג און זאָגט: „זיך איבערזעצן אין לאָהנע".

דאָס איז געווען די בעסטע שפּיל פון אונזער קאַפּראַל. לאָהנע איז אַן איבערזייץ-סטאַציע. כדי אונזערע אורלויב-נעמער זאָלן זיך דאָרטן נישט פאַרלירן, האָט אונז הימלשטאָס געלערנט איבערזעצן זיך אין די קאַזאַרמע-שטובן. מיר האָבן זיך געדאַרפט אויסלערנען, אַז אין לאָהנע קומט מען צום איבערזייץ-צוג דורך אַ טונעל. די בעטן

זענען געווען דער טונעל און יעדער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער לינקער זייט. דעמאָלט האָט הימלשטאָס אַ קאָמאַנדעווע געטון: „איבערזיצן אין לאהנעי" און אַלע זענען בליץ-שנעל אַרונטערגעקראָכן אונטער די בעטן און אַרוים אויף דער צווייטער זייט. די דאָזיקע תורה האָבן מיר זיך געלערנט שעהן-לאַנג.

דערווייל איז דער דייטשער פליער אַראָפּגעשאָסן געוואָרן. ווי אַ קאָמעט איז ער מיט אַ געדיכטן רויך-שלעפּ אַ פאל-געטון אין אַ זייט. קראָפּ האָט צוליב דעם פאַרשפּילט אַ פלאַש ביר און ער ציילט מרה-שחורהדיק דאָס געלט.

אַלס בריוו-טרעגער מוז הימלשטאָס זיין אַ גאַנץ באַשיידן מענטשל—זאָג איך, נאָכדעם, ווי אַלבערט באַרויקט זיך נאָך זיין אַנטוישונג. — פון וואַנען נעמט זיך דאָס, וואָס אַלס אונטעראָפיציר איז דאָס אַזאַ אכזר?

די דאָזיקע פראַגע צעלאָזט ביי קראָפּן ווידער די צונג. — דאָס איז נישט בלויז הימלשטאָס אַליין, זייער אַ סך זענען אַזוי. תיכף, ווי זיי באַקומען שליפעס, אָדער אַ שווערד, ווערן זיי אַנדערע מענטשן, גלייך זיי וואָלטן זיך אָנגעפרעסן מיט בעטאָן.

— דערצו איז גורם דער אוניפאָרם — רעכן איך.

— אַזוי בערך — זאָגט קאַט און גרייט זיך צו האַלטן אַ גרויסע רעדע. — אָבער די סיבה ליגט ערגעץ אַנדערש. פרווו לערן אויס אַ הונט פרעסן בלויז קאַרטאָפל. פונדעסטוועגן, אויב דו לייגסט אים שפּעטער אַוועק אַ שטיקל פלייש, וועט ער זיך כאַפּן דערצו, ווייל ס'ליגט שוין אין זיין נאַטור. און אויב דו גיסט אַ מענטש אַביסל מאַכט, געשעט אויך דאָס אייגענע. ער כאַפּט זיך צו דערצו. ס'איז שוין די טבע אַזוי. ווייל דער מענטש איז קודם-כל אַ בעסטיע, ערשט שפּעטער ווערט ער באַשמירט מיט אַביסל אָנשטענדיקייט, ווי ברויט מיט שמאַלץ. די גאַנצע זעלנערישע תורה באַשטייט נאָר דערין, אַז איינער זאָל האָבן מאַכט איבערן צווייטן. דאָס ערגסטע איז נאָר דאָס, וואָס יעדער איינער האָט צופיל מאַכט. אַן אונטעראָפיציר קאָן פייניקן אַ פשוטן זעלנער ביז שגעון, אַ לייטענאַנט — דעם אונטעראָפיציר, אַ קאַפּיטאַן—דעם לייטענאַנט. און דערפאַר, ווייל ער ווייסט עס, ווערט עס ביי אים אַ רגילות. נעם די פשוטסטע זאַך: מיר גייען

אהיים פון מושטיר-פּלאַץ און מיר זענען טויט-מיד. פלוצלינג באַ-פעלט מען: זינגען. נו, דאָס געזאַנג מוז שוין ארויסקומען שוואַך, ווייל יעדער דאַנקט גאָט, אז ער קאָן נאָך שלעפּן דאָס געווער. צוליב דעם מוז די קאָמפּאַניע מאַכן אַ קער-צוריק און ווידער פאַר אַ שטראָף מושטירן אַ שעה צייט. צוריקגייענדיק קומט ווידער אַ באפעל: „זינגען", און איצט זינגט מען. וואָס פאַר אַ צוועק האָט דאָס אַלץ?

— דער קאָמפּאַניע-פירער האָט אויסגעפירט זיין עקשנות, ווייל ער האָט די מאַכט דערצו. קיינער וועט אים נישט זאָגן קיין שלעכט וואָרט, פאַרקערט, ער באַקומט אַ שם פאַר אַ שטארקע האנט. אזא זאך איז שוין אַ קלייניקייט. אָבער זיי האָבן דאָך נאָך גאַנץ אַנדערע געלעגנהייטן צו שינדן די הויט. נו, פרעג איך אייך: אין ציוויל, ווער ער זאָל נישט זיין, וואָלט ער אויך געקאָנט מאַכן אַזעלכע שטיק און נישט באַקומען דערפאר אין דער מאָרדע? דאָס קאָן מען נאָר ביי די זעלנער. זעט איר, און וואָס וויניקער אַזאַ-איינער האָט געהאַט צו שאַפן אין ציוויל, אַלץ מער ווערט ער פארשיכורט.

— און דאָס איז דאָך עס, דיסציפּלין מוז זיין — זאָגט קראָפּ סתם זיך.

— סיבּות — בּייזערט זיך קאַט — זענען אַלעמאָל פאראַן. זאָל זיין אַזוי. אָבער אָן שיקאַנעס. אָבער פּרוּוו דאָס אויפקלערן אַ שלאָסער, אָדער אַ פּאַראָבּעק, אָדער אַן ארבּעטער, גיי ערקלער דאָס אַ פּריוסישן אינפּאַנטעריסט. און דערפון באַשטייט דאָך דאָ דער רוב. ער זעט נאָר, אַז מ'שינדט און דערנאָך שיקט מען אויפן פראָנט, כאָטש ביי זיך ווייסט ער גאַנץ גוט, וואָס ס'איז נויטיק און וואָס נישט. איך זאָג אייך, אויב דער פּשוטער זעלנער האַלט דאָ אוים אויפן פראָנט, איז מיט נסים. ממש מיט נסים.

יעדער איז דערמיט מסכים, ווייל יעדער איינער ווייסט, אַז נאָר דאָ אין די שוץ-גרובּנס הערן-אויף די מושטירונג און עטלעכע קילאָמעטער הינטערן פראָנט הויבּט זיך עס שוין ווידער אָן. און פול מיט אומזין, מיט גריסן זיך און פּאַראַדמאַרש. ווייל ס'איז אַן אייזערן געזעץ: דער סאָלדאַט מוז כסדר זיין באַשעפטיקט.

אָבער איצט קומט אַרויס טיאַדען. מיט רויטע פלעקן אויפן פּנים. ער איז אַזוי אויפגערעגט, אז ער שטאַמלט אַזש. מיט אַ

שטראָלנדיקער צורה סילאַביזירט ער: הימלשטאָם איז אין וועג. ער קומט אַהער אויפן פראָנט.

*

טיאַדען האָט אַ גרויסן כעס אויף הימלשטאָמען, ווייל יענער האָט אים אין די באַראַקן ערצויגן אויף זיין שטייגער. טיאַדען מאַכט נאָס אין בעט, ס׳געשעט אים ביינאַכט אין שלאָף. הימלשטאָם האַלט זיך ביים זייניקן, אַז דאָס נעמט זיך פון פוילקייט און ער האָט אויס־געפונען אַ מיטל, לויט זיין שטייגער, ווי אַזוי אויסצוהיילן טיאַדענען.

ער האָט געפּאַקט אין אַ שכנותדיקן באַראַק נאָך אַזא איינעם, וואָס האָט געהייסן קינדערפאַטער. און אים צונויפגעקוואַרטירט מיט טיאַדענען צוזאַמען. אין די באַראַקן זענען געשטאַנען די טיפּישע בעט־געשטעלן, איין בעט איבערן אַנדערן און ביידע מיט דראָטענע נעצן. הימלשטאָם האָט זיי ביידע איינגעאָרדנט אַזוי, אַז איינער האָט באַקומען דאָס אויבערשטע בעטל און דער צווייטער — דאָס אונטער־שטע. דער אונטערשטער האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. דערפאַר האָט מען די צווייטע נאַכט געטוישט, כדי דער נעכטיקער זאָל תיכף היינט באַלוינט ווערן... דאָס איז געווען הימל־שטאָמס מעטאָדע פון זעלבסט־ערציונג.

דער איינפאַל איז געווען אַ געמיינער, אָבער אין דער אידעע — אַ גוטער. לײדער האָט עס אָבער גאָרנישט געפּועלט, ווייל הימל־שטאָמס אויסטייטש איז געווען אַ פאַלשער. ס׳איז ביי ביידע נישט געקומען פון פוילקייט. מ׳האָט עס געקאָנט דערקענען אין זייער אַש־פאַרביקער הויט. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, אַז אַלעמאָל איז איינער פון זיי געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. זיי האָבן זיך דערביי גאַנץ לייכט געקאָנט פאַרקילן.

דערווייל האָט זיך לעבן אונז אַוועקגעזעצט אויך האַיע. ער בלינצלט צו מיר מיט די אויגן און רייבט פעסט מיט די ידים. מיר האָבן צוזאַמען דורכגעלעבט דעם שענסטן טאָג ביי די זעלנער. דאָס איז געווען אין אָוונט איידער מיר זענען אַוועק אויפן פראָנט. מ׳האָט אונז טראַנספּאָרטירט אין איינעם פון די רעגימענטן מיט אַ הויכן

בומער, אָבער פריער האָט מען אונז צוריקגעשיקט אין אַ גאַרניזאָן, מיר זאָלן זיך אָנטון, אַלנפאַלס נישט אין קיין רעקרוטן־דעפּאָ, נאָר אין אַן אנדערער קאַזאַרמע. צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר געזאָלט אוועקפאָרן. אין אָוונט האָבן מיר זיך געלאָזט אָפּרעכענען זיך מיט הימלשטאָסן. מיר האָבן זיך דאָס צוגעשווירן נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק. קראָפּ איז אַפילו אַזוי ווייט אַוועק, כדי שפּעטער צו זיין נאָך דער מלחמה צו ווערן אַ פּאָסט־באַאַמטער, כדי שפּעטער צו זיין אַ ראש איבער דעם בריוו־טרעגער הימלשטאָס. זיין פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט און ער האָט שוין געזען, ווי ער טוט אים אָן צרות. טאַקע דערפאַר האָבן מיר זיך נישט אונטערגעגעבן. מיר האָבן אַלעמאָל גע־רעכנט, אַז מיר וועלן אים דערטאַפּן, אויב נישט איצט, איז ביים סוף קריג.

דערווייל האָבן מיר אים געוואָלט פעסט אָנקיילן. וואָס קאָן דאָ זיין? ער וועט דאָך אונז נישט דערקענען און מאָרגן גייט מען דאָך אויפן פראָנט.

מיר האָבן געוווּסט, אין וועלכער קנייפּע ער זיצט אין יענעם אָוונט, ווען ער גייט פון דאָרטן אין קאַזאַרמע אַריין, מוז ער דורכ־גיין אַ טונקעלע, נישט־באַבויטע גאַס. דאָרטן האָבן מיר געלאָקערט אויף אים הינטער אַ קופּע שטיינער. איך האָב געהאַט ביי מיר אַן איבערצוג. מיר האָבן געציטערט פון אומגעדולדיקייט, ער זאָל כאָטש זיין אַליין. צום סוף האָבן מיר דערהערט זיינע טריט. מיר האָבן זיי שוין צו־גוט געקאָנט, מיר האָבן זיי געהערט יעדן פרימאָרגן, ווען ער פלעגט אויפרייסן די טיר און האָט אַ בריל געטון: „אויפשטיין”.

— אַליין? — האָט קראָפּ געשעפּטשעט.

— אַליין. —

איך בין געקראָכן מיט טיאַדענען אַרום דער קופּע שטיינער. פלוצלונג האָט אַ בליץ געטון דער שנאָל פון זיין פּאַסעק. הימלשטאָס איז געווען, אַפּנים, אַביסל בגילופין, ווייל ער האָט געזונגען. עס האָט זיך אים גאָרנישט געחלומט.

דעמאָלט האָבן מיר אַ כאַפּ געטון דעם איבערצוג, שטיל אונטער־געשפּרונגען און עס אים אַ וואָרף אַריבער געטון איבערן קאָפּ. דערנאָך האָבן מיר זי אַ שלעפּ געטון אַראָפּ, אַזוי, אַז ר'איז געבליבן

שטיין, ווי אין אַ ווייסן זאַק און מער נישט געקאָנט רירן מיט די הענט. דאָס געזאַנג האָט זיך תיכף אָפּגעהאַקט.

אין אַ רגע אַרום איז דאָ געווען האַיע ווּעסטהוס. ער האָט אונז צוריקגעשטויסן מיט אויסגעשפּרייטע הענט, כדי צו זיין דער ערשטער. ער שטעלט זיך בּרייט אַוועק מיט גרויס תּענוג, הויבּט אויף די האַנט, ווי אַ קוילן-שופלע און גיט אַ טראַסק אין ווייסן זאַק אַריין, אַז אַן אָקס וואָלט דערפון געהרגעט געוואָרן.

הימלשטאָס האָט זיך איבּערגעקערט, זיך אויפגעהויבּן. ערשט פינף מעטער ווייטער און האָט אָנגעהויבּע מאַכן געוואַלטן. אָבּער מיר האָבּן דאָס אויך פאָרויסגעזען און מיר האָבּן צוגעגרייט אַ קישן. האַיע האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַוועקגעלייגט דאָס קישן אויף די קני, אָנגעכאַפּט הימלשטאָסן דאָרטן, וו ס'איז געווען דער קאָפּ און אים צוגעדריקט צום קישן. זיין קול איז תיכף פאַרדושעט געוואָרן. האַיע האָט אים אַ רגע אָפּגעלאָזט, ער זאָל קאָנען אָפּכאַפּן דעם אָטעם. דעמאָלט האָט זיך אַרויסגעריסן פון הימלשטאָס גאָרגל אַ פּרעכטיקער קוויטש און איז באַלד ווידער געוואָרן דין.

איצט האָט טיאַדען ביי הימלשטאָסן אָפּגעקנעפּלט די שעלקעס און אים אַראָפּגעלאָזט די הויזן. דערבּיי האָט ער דעם קאַנטשיק געהאַלטן צווישן די ציין. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבּן און זיך גענומען צו דער אַרבּעט.

ס'איז געווען אַ ווונדערלעך בּילד: הימלשטאָס ליגט אויף דער ערד. איבּער אים בּויגט זיך איבּער האַיע און האַלט זיין קאָפּ אויף די קניען. דאָס פּנים איז פאַרקרומט פאַר אַלדי רוחות, דאָס מויל איז אָפן פון תּענוג. ווייטער: הימלשטאָסס צוגנדיקע געשטרייפטע גאַטקעס מיט די קרומע פיס, וואָס האָבּן איבּער די אַראָפּגעלאָזטע הויזן געמאַכט די אָריגינעלסטע בּאַוועגונגען — און איבּער דעם אַלעמען טיאַדען, ווי אַן אומערמידלעכער האָלץ-העקער. מיר האָבּן אים סוף-כּל-סוף געמוזט אַוועקרייסן, כדי מיר זאָלן אויך קומען צום פּסוק.

צום סוף האָט האַיע צוריק אַוועקגעשטעלט הימלשטאָסן אויפן די פיס און פאַר אַ צולאָג געגעבּן אַ פּריוואַטע פאָרשטעלונג. ער האָט אויפגעהויבּן די רעכטע האַנט אויף אַ פּאַטש און זי אויסגעשטרעקט

אַזוי, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אָפּצורייסן אַ שטערן. הימלשטאָס איז אומגעפאַלן. האַיע האָט אים צוריק אויפגעהויבן, אַוועקגעשטעלט אים און דערלאַנגט אים מיט דער לינקער האַנט דעם אמתן מתנת-יד. הימלשטאָס האָט געיאָמערט און געשאָלטן, זיין געשטרייפטער בריוו-טרעגערישער הינטן האָט אַזש געלויכטן אַקעגן דער לבנה

מיר זענען נעלם געוואָרן אין גאַלאָפּ.

האַיע האָט זיך נאָכאַמאָל אומגעקוקט און אַ כעסיקער, אַ געזעטיקטער עפּעס אַ זאָג-געטון אויף אַ מאָדנע אופן: „נקמה איז אַ געשמאַק מאכל".

אייגנטלעך האָט הימלשטאָס געמעגט זיין צופרידן, ווייל זיין אייביקע תורה, אַז איינער מוז ערציען דעם צווייטן, איז מקויים געוואָרן אין אים אַליין. מיר זענען געוועזן גוטע תלמידים פון זיין אייגענער מעטאָדע.

ער איז קיינמאָל נישט געוואָר געוואָרן, פון וועמען ער האָט געליזט. אַלנפאַלס האָט ער דערביי פאַרדינט אַן איבערצוג, ווייל בעת מיר זענען אין אַ פּאָר שעה אַרום געקומען געבן אַ קוק, איז ער מער נישט געוועזן.

דעם דאָזיקן אָוונט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס מיר זענען מאָרגן אינדערפרי אַוועקגעפאָרן אויפן פראָנט אין אַ געוויסער מאָס באַרויקטע. נישט בחנם האָט אַ שיינע, פלאַטערנדיקע באָרד, פול מיט געריכטקייט, אונז אָנגערופן העלדן-יוגנט.

## IV

מיר מוזן אוועק אין די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס צו דער שאַנץ־אַרבעט. פּאַרנאַכט־צו האָבן זיך צוגעקאָלערט די משא־וועגן. מיר האָבן אַרויפֿגעקלעטערט. ס׳איז אַ וואַרעמער אָוונט און דער בין־השמשות זעט אונז אויס, ווי אַ טוך, וואָס אונטער זיין שוץ פֿילן מיר זיך גוט. ער בינדט אונז צוזאַמען. אַפֿילו דער זשעדנער טיאַדען שענקט מיר אַ פּאַפּיראָס און גיט מיר פֿייער.

מיר שטייען איינער ביים אַנדערן, שטאַרק געדיכט, זעצן זיך קאָן קיינער נישט. מיר זענען אויך נישט געוווינט דערצו. מילער איז סוף־כל־סוף אַריין אין אַ גוטער שטימונג. ער טראָגט זיינע נייע שטיוול.

די מאָטאָרן נעמען ברומען, די וועגנס קלאַפּן און רוישן. די שאָסייען זענען אויסגעריבן און פֿול מיט לעכער. מ׳טאָר נישט אָנצינדן קיין ליכט, דערפֿאַר פֿאַלן די רעדער כסדר אַריין און מיר פֿליען שיער נישט אַרויס פֿון די וועגן. אָבער דאָס באַאומרויקט אונז נישט אַזוי שטאַרק. וואָס קאָן דאָ זיין? — אַ צעבראָכענע האַנט איז בעסער, ווי אַ לאָך אין בויך און נישט איינער וואָלט געוואָלט האָבן אַזאַ געלעגנהייט, כדי אַזוי־אַרום צו קאָנען אַהיימפֿאָרן.

לעבן אונז פֿאָרן אין לאַנגע שורות די אַמוניציע־קאָלאָנעס. זיי איילן זיך און יאָגן אונז כסדר איבער. מיר וואַרפֿן פֿונדערווייטנס מיט וויצן און זיי ענטפֿערן.

מ׳דערזעט אַ מויער, זי געהער צו אַ הויז, וואָס שטייט אין זייט פֿון שאָסיי. איך שפּיץ פּלוצלינג אויס די אויערן. צי האָב איך אַ טעות? איך דערהער ווידער אַ גאָדערן פֿון גענז. אַ קוק אויף קאַטשינסקין — זיין בליק צוריק. מיר פֿאַרשטייען זיך שוין.

— קאַט, כ׳הער דאָ עפּעס אַ טאָפּ־אַספּיראַנט.

ער שאָקלט צו. — ס׳וועט שוין זיין אין אָרדנונג, ווען מיר וועלן צוריקקומען. כ׳קאָן מיך דאָ גאַנץ גוט.

נאַטירלעך קאָן זיך קאַט דערוויף. ער קאָן גאַנץ זיכער יעדעס נענזל אין דער געגנט אויף צוואַנציק קילאָמעטער אַרום.

*

די וואַגאָנעס דערגרייכן צו דעם געביט פון דער אַרטילעריע. די קאַנאָנען-געשטעלן זענען פאַרשטעלט פאַר פליערישע אויגן מיט קוסטעס, ווי בעת אַ מין מיליטערישן סוכות. אַט דאָס בלעטערוואַרג וואָלט אויסגעזען לוסטיק און שלוהדיק, ווען אונטער זיי זאָלן זיך נישט געפינען קיין קאַנאָנען.

די לופט ווערט פון האַרמאַטן-רויך און נעפל. דער פּול-ווער רייסט די צונג. די שאָסן קראַכן אַזוי, אַז אונזערע וואַגנס ציטערן, דאָס ווידערקול הילכט אָפּ מיט רעש, אַלץ וואַקלט זיך, אונזערע פּנימער ווערן מניה-וביה פאַרענדערט. מיר דאַרפן אפילו נישט אַריין אין די שוץ-גראָבנס, מיר זענען באַשטימט צו דער שאַנצן-אַרבעט, אָבער אויף יעדער פּנים איז איצט אָנגעשריבן: דאָ איז דער פראָנט, מיר זענען אין זיין ממשלה.

עס איז נאָך נישט קיין שרעק. ווער ס'איז אַזוי אָפט געפאָרן אויפן פראָנט, ווי מיר, דער באַקומט אַ גראָבע הויט. בלויז די יונגע רעקרוטן זענען אויפגערעגט. קאַט לערנט מיט זיי: אָט-דאָס איז געווען אַ 30,5, איר וועט עס דערקאָנען אינם שאָס. באַלד גיט אַ זעץ.

דער טעמפּער קלאַפּ פונעם זעץ דערגייט אָבער נישט צו אונז. ער ווערט דערטרונקען אין רויש פונעם פראָנט. קאַט הערט זיך צו: היינטיקע נאַכט וועט זיין שניט.

מיר הערן זיך אַלע איין. דער פראָנט איז אומרויק. קראָפּ זאָגט: די טאָמס האָבן שוין אָנגעהויבן שיסן.

מ'הערט די שאָסן דייטלעך. עס זענען ענגלישע באַטעריען, רעכטס פון אונזער ווינקל, זיי הויבן אָן מיט אַ שעה פריער. ביי אונז האָבן זיי שטענדיק אָנגעהויבן פונקט צען אַזייגער.

— וואָס טוט זיך מיט זיי — טענהט מיללער.—זייערע זייגערס מוזן לויפן.

— ס'וועט זיין שניט — זאָג איך אייך, כ'פיל עס אין די ביינער. — דערביי פאַרציט קאַט הויך די אַקסלען.

לעבן אונז דונערן דריי שאָסן. דער פייערשטראַל שיסט קרום אין נעפל אַריין, די האַרמאַטן ברומען און שטורמען. אַ פרעסטל

נעמט אונז דורך און מיר זענען צופרידן, וואָס מאָרגן אינדערפרי, וועלן מיר ווידער זיין אין די באַראַקן.

אונזערע פּנימער זענען נישט בלאַסער און נישט רויטער, ווי אַלעמאָל. זיי זענען אויך נישט מער געשפּאַנט, אָדער אָפּגעלאָזט, פונדעסטוועגן האָבן מיר אַנדערע צרות. מיר פילן, אַז אין אונזער בלוט איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אַ קאָנטאַקט, דאָס איז נישט גלאַט גערעדט, דאָס זענען פאַקטן. דעם דאָזיקן קאָנטאַקט רופט אַרויס דער פראָנט, דאָס באַוווסטזיין פון פראָנט. אין דער רגע, ווען עס נעמען פּיִפּן די ערשטע גראַנאַטן, און די לופט ווערט צעריסן פון שאָסן, ווערן אונזערע אָדערן, אונזערע הענט, אונזערע אויגן פול מיט געשפּאַנטער דערוואַרטונג, מיט אַ לאָקערניש, מיט אַ שטאַרקער וואכקייט און אַ מין אויסטערלישער עלאַסטישקייט פון די חושים. דער קערפּער ווערט אויף איינמאָל פול מיט גרייטקייט.

טיילמאָל דוכט זיך מיר, אַז דאָס שטראָמט אין אונז אַריין די אויפגעטרייסלטע, וויבּרירנדיקע לופט מיט אַ שטילן ציטער, אָדער אַז פון פראָנט אַליין שטראַלט-אויס אַזאַ עלעקטריציטעט, וואָס מאָביליזירט די אומבאַקאַנטע נערוון-שזיצן.

אַלעמאָל געשעעט דאָס אייגענע: בעת מיר פאָרן אַהין, זענען מיר פּשוטע זעלנער — גוט-געשטימטע אָדער אָנגעבּרוגזטע. אָבער פּלוצלינג דערזעט מען די ערשטע האַרמאַטן און תיכּף באַקומט יעדער וואָרט אונזערס אַ פאַרענדערטן קלאַנג.

ווען קאַט שטייט פאַר די באַראַקן און זאָגט: „ס'וועט זיין שניט" — איז דאָס נישט מער, ווי זיין מיינונג. אָבער ווען ער זאָגט דאָס זעלבּע דאָ, האָט אין זיך דער זאַץ אַ שאַרפקייט, ווי אַ באַיאָנעט אקעגן דער לבנה. ער שניידט גלאַטיק דורך די געדאַנקען, ער איז נענטער און רעדט צום אומבאַוווסטן, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט אין אונז, פול מיט טונקעלער באַדייטונג: „ס'וועט זיין שניט" — אפשר ווערט אַזוי דערציטערט אונזער פאַרבּאָרגן לעבּן, וואָס וויל זיך מציל זיין.

*

פאַר מיר איז דער פראָנט אַן אומהיימלעכער שטראָם. ווען מ׳געפינט זיך נאָך אין רויקן וואַסער ווייט פונעם צענטרום, פילט מען שוין דעם כוח־המושך, וואָס ציט צו זיך, פאַמעלעך, אומפאַרמיידלעך, אַן אַ גרויסן ווידערשטאַנד.

אָבער סיי פון דער ערד סיי פון דער לופט שטראָמען צו אונז בסדר ווידערשטאַנד־כוחות — אַממייסטן פון דער ערד. פאַר קיינעם איז די ערד נישט אַזוי פיל, ווי פאַרן סאָלדאַט. בשעת ער דריקט זיך צו צו איר, לאַנג, שטאַרק, בעת ער גראָבט זיך איין אין איר טיף מיטן פנים און מיט די אברים פול מיט טויט־שרעק פאַרן פייער — דעמאָלט איז זי זײַן איינציקער פריינד, זיין ברודער, זיין מוטער. ער קרעכצט אַריין זיין מורא און זיין געשריי אין שווייגנדיקייט און פאַרהוילנקייט. זי נעמט אים אויף און לאָזט אים ווידער אָפּ אויף נייע צען סעקונדן צום לעבן און לויפן. באַלד כאַפּט זי אים ווידער צו זיך און טיילמאָל — אויף אייביק.

ערד — ערד — ערד —!

ערד, מיט דיינע קנייטשן, לעכער און פאַרטיפונגען, אין וועלכע מ׳קאָן זיך אַריינוואַרפן, איינטוליען! ערד, אין קראַמף פון שוידער, אינעם אויפברויז פון חורבן, אינעם טויט־געשריי פון עקספלאָזיע האָסטו אונז צוריקגעגעבן די געוואַלדיקע כוואַליע פון נייגעווונען לעבן דער משוגענער שטורעם פון כמעט צעפליקטע לעבנס איז צוריקגעפלאָסן פון דיר דורך אונזערע הענט, אַזוי, אַז מיר האָבן אין דיר פאַרגראָבן די געראַטעוועטע הענט און אין שטומען גליק פון פחד נאָך דער איבערגעקומענער מינוט האָבן מיר דיך איינגעביסן מיט אונזערע ליפּן.

ביים ערשטן דונער פון די גראַנאַטן גיבן מיר אויף איינמאָל אַ שפּרינג צוריק אין אַ טייל פון אונזער דאָזיין אויף טויזנטער יאָרן צוריק. עס כאַפּט זיך אויף אין אונז דער אינסטינקט פון אַ חיה און דער דאָזיקער אינסטינקט פירט אונז און באַשיצט אונז. ס׳איז אומבאַוווסטזיין, און דערפאַר — אַסך שנעלער, אַסך זיכערער, אַסך אומפילבאַרער, ווי ס׳איז דאָס באַוווסטזיין. דאָס איז אוממעגלעך צו ערקלערן. אַט גייט מען און מ׳טראַכט וועגן גאָרנישט. פלוצלינג — ליגט מען שוין אין אַ לאָך און איבערן קאָפּ שפּריצן די

קוילן-שטיקער. מ׳קאָן זיך אָבער נישט דערמאָנען, צי מ׳האָט פריער דערהערט די גראַנאַטן, צי פריער געטראַכט וועגן דעם, אַז מ׳דאַרף זיך אַוועקלייגן. ווען מ׳וואָלט זיך געווען פאַרלאָזט אויפן באַוווסטזיין, וואָלט שוין לאַנג איצט געלעגן אַ קופּע צעוואָרפן פלייש. אָבער ס׳איז געווען דאָס אומבאַוווסטזיין, אָט דער נבֿואהשער חוש אין אונז האָט אונז אַ וואָרף געטון און געראַטעוועט, כאָטש מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי. אָן דעם וואָלט פון פלאַנדערן ביז וואָגעזן שוין לאַנג נישט געווען קיין סימן פון קיין מענטש.

מיר פאָרן אַהין גוט-געשטימטע אָדער אַנגעבּרוגזטע סאָלדאַטן, אָבער תיכּף ווי מיר קומען אויפן שטח, וווּ ס׳הויבט זיך אָן דער פראָנט, ווערן מיר מענטשן-חיות.

*

מיר געפינען זיך אין אַ שיטערן וואַלד. מיר גייען-אַדורך דורך גולאַש-קעסלען. הינטערן וואַלד שטייגן מיר אָפּ. די וואַגנס פאָרן צוריק. מאָרגן כעלות-השחר וועלן זיי ווידער קומען נאָך אונז.

איבּער די לאָנקעס שטייט אַ נעפּל און אַ האַרמאַטן-רויך ביז איבּערן גאַרטל. די לבֿנה שיינט דערויף. אויף דעם שאָסיי ציט זיך מיליטער. די שטאָל-העלמען שימערן אין לבֿנה-ליכט מיט אַ מאַטן רעפלעקס. די קעפּ און דאָס געווער שטאַרן אַרויס פונעם ווייסן נעפּל — קעפּ, וואָס שאָקלען זיך, וואַקלדיקע געווער-רערן.

ווייטער פון פראָנט הערט אויף דער נעפּל. פון די קעפּ הויבּן אָן זיך אַרויסשיילן געשטאַלטן. רעק, הויזן און שטיוול קומען אַרויס פונעם נעפּל, ווי פון אַ מילך-סטאַוו. זיי שטעלן זיך אויס אין אַ קאָלאָנע. די קאָלאָנע מאַרשירירט גלייך, די געשטאַלטן שליסן זיך אין אַ קלין. מ׳דערקאָנט מער נישט קיין איינצעלנעם מענטש, מ׳זעט בלויז, ווי אַ טונקעלער קלין שאַרט זיך פאָרויס, אויף אַ מאָדנע אופן דערגענצט דורך די קעפּ און דעם געווער, וואָס שווימען ערשט אַרויס פון נעפּל-סטאַוו. אַ קאָלאָנע — קיין שום מענטשן נישט.

אויף אַ קווער-גאַס פאָרן אָן לייכטע האַרמאַטן און וועגן מיט אַמוניציע. די רוקנס פון די פערד לייכטן אָקעגן שיין פון דער לבֿנה,

זייערע באַוועגונגען זענען שיין, זיי וואַרפן די קעפּ, מ'זעט ווי די אויגן בליצן. די האַרמאַטן און די וואָגנס גליטשן זיך פאַרביי אויף דעם פאַרשווימענעם הינטערגרונט פון דער לבנה-לאַנדשאַפט. די רייטער מיט זייערע שטאָל-העלמען זעען-אויס ווי ריטער פון אַמאָליקע צייטן. ס'איז עפּעס שיין און רירנדיק.

מיר גייען צום מכשירים-מאַגאַזין פאַר פּיאָניערן. איין טייל פון אונז לאָדט אָן אויף די אַקסלען אויסגעבויגענע שפּיציקע שטאַבעס אייזן, אַנדערע שטעקן אַריין גלאַטע אייזערנע שטאַנגען אין אָנגעוויקלטן דראָט און מ'גייט דערמיט. די משאות זענען אומבאַקוועם און שווער.

דער שטח ווערט צעריסענער. פון פראָנט קומען אָן מעלדונגען: „אַכטונג, לינקס טיפער גראַנאַט-גרוב?", „פאָרזיכטיק—גרובן".

אונזערע אויגן זענען אָנגעשטעלט פאָרויס, אונזערע פיס און די שטעקנס דערשנאַפּן נאָך פריער איידער זיי רירן אָן די משא פון קערפּער. מיט איינמאָל בלייבט דער צוג שטיין. מ'קלאַפּט זיך אָן מיט די פנימער אין די דראָט-וויקלען פון די פאָדער-גייער און מ'שעלט.

עטלעכע צעשאָסענע פורן ליגן אויפן וועג. א נייער באַפעל: „פאַפּיראָסן און ליולקעס — אַוועק". מיר זענען ביי די סאַמע גרובנס.

דערווייל איז געוואָרן אינגאַנצן טונקל. מיר מיידן אויס א וועלדל און מיר שטייען פנים אל פנים מיטן פראָנט.

אַ אומזיכערע, רויטלעכע העלקייט שטייט אויפן האָריזאָנט — פון איין עק צום אַנדערן. די העלקייט איז אין שטענדיקער באַוועגונג און ווערט כסדר אויפגעציטערט פון באַטעריע-פייער. לייכטקוילן שטייגן אויף הויך איבער זיי, זילבערנע און רויטע באַלן, וואָס פלאַצן און רעגענען אַראָפּ איבער זיי, זילבערנע און רויטע באַלן, וואָס שיסן אַרויף פראַנצויזישע ראַקעטן, וואָס עפענען זיך אויף אין דער לופט ווי זייד-שירעמס און שוועבן אַראָפּ פּאַמעלעך. זיי באַלייכטן אַלץ מיט אַ טאָג-שיין: ביז צו אונז דערגייט די שיין. מיר זעען אונזערע שאָטנס שאַרף אויף דער ערד. זיי שוועבן-אַרום מינוטן-לאַנג, ביז זיי ברענען זיך אויס. באַלד שטייגן-אויף אינדערהויך נייע און פון אַלע זייטן — די גרינע, רויטע און בלאָע.

— שלים-מזל — זאָגט קאַט.

דער שטורם פון די האַרמאַטן פאַרשטאַרקט זיך און דערגייט ביז צו איין-און-איינציק טעמפּן דונערן, דערנאָך צעפאַלט עס זיך ווידער אויף גרופּן-שאָסן. די טרוקענע סאַלוון פון מאַשינען-געווער קנאַקן. איבער אונז איז די לופט אָנגעפילט מיט אַן אומגעזעען יאָגעניש, היילעריי, פייפעריי און צישעניש. עס זענען קליינע שאָסן. אָבער צווישן זיי שפּילן ווי אָרגלען אין דער נאַכט די גרויסע קוילן-קאַסטנס און היפּש-שווערע שטיקער בלייבן ליגן ווייט הינטער אונז. זיי גיבן-אַרויס אַ רעריק-הייזעריק, ווייט קול, ווי הירשן אין דער יאָג-צייט און גייען זייער וועג הויך איבער דעם געהייל און פייפעריי פון די קלענערע שאָסן.

די רעפלעקטאָרן הויבן אָן אַרומצונישטערן אין שוואַרצן הימל. זיי רוקן זיך איבער אים ווי ריזיקע לינעאַלן, דינערע ביים עק. בלויז איינער שטייט אומבאַוועגלעך און ציטערט בלויז אַביסל. באַלד וואַקסט אויס אַ צווייטער און זיי קרייצן זיך דורך. צווישן זיי פּלאָנטערט זיך אַ שוואַרצער אינזעקט און פּרוווט זיך אַרויסרייסן: דאָס איז אַ פליער. ער ווערט אומזיכער, געבלענדט און נעמט זיך וואַקלען.

*

מיר רעמען-אַרום די אייזערנע דרענגער אין גלייכע הפסקות. צוויי פאַרשוין האַלטן אַ וויקל, די אַנדערע וויקלען-אָפּ דעם שטעכיקן דראָט. עס איז דער עקלהאַפטער דראָט מיט געדיכטע לאַנגע שטעכעוועקעס. איך בין מער נישט געוווינט אָפּצוּוויקלען און רייס מיר אויף אַ האַנט.

נאָך עטלעכע שעה ווערן מיר פאַרטיק, אָבער מיר האָבן נאָך צייט ביז ס'וועלן אָנקומען די משא-וועגן. דאָס רוב פון אונז לייגט זיך אוועק און שלאָפט. איך פּרווו אויך צו טון דאָס איינגענע, אָבער ס'ווערט צו-קיל. ס'פילט זיך, אַז מיר זענען נאָענט צום ים, פון קעלט כאַפּט מען זיך אַלעמאָל צוריק אויף.

איינמאָל בין איך שוין איינגעשלאָפן פעסט. אָבער פּלוצלינג בין איך אויפגעשפּרונגען און נישט געוווסט ווו כ'בין. כ'זע די

שטערן, כ'זע די ראַקעטן און אין דער ערשטער רגע האָב איך דעם איינדרוק, אַז כ'בין איינגעשלאָפן אין אַ גאָרטן בעת אַ פאַרוויילונג. כ'ווייס נישט, צי ס'איז גאַנץ פרי, אָדער אָוונט. כ'ליג אין דער וויבער וויג פון דעמערונג און וואַרט אויף גוטע ווערטער, וואָס מוזן קומען, ווייכע און פאַרבאָרגענע. ווײַן איך? איך ריר אָן מײַנע אויגן. עפּעס משונה. כ'בין אַ קינד צי וואָס? די הויט איז גלאַטיק. ס'דויערט בלויז איין סעקונדע, באַלד דערקען איך קאַטשינסקיס סילועט — ער זיצט רויק, דער אַלטער סאָלדאַט און רויכערט אַ פּייקע, אַ דעקל-פּייקע, נאַטירלעך. ווען ער באַמערקט, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, זאָגט ער: דו האָסט היפּש אויפגעציטערט. ס'איז בלויז געווען אַ צינדער, וואָס איז רוישנדיק אַרײַן צווישן די קוסטעס.

כ'זעץ זיך אויף. איך פיל מיך מאָדנע אַליין. ס'איז גוט, וואָס קאַט איז דאָ. ער קוקט אַ פאַרחלומטער צום פראָנט און זאָגט: — אַ גאַנץ שיין פייערווערק, ווען ס'וואָלט נישט געווען אַזוי געפערלעך.

הינטער אונז פאַלט אַ שאָס. אַ פּאָר רעקרוטן שפּרינגען-אויף דערשראָקן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום הויבט ווידער אָן בליצן, נאָך נענטער ווי פריער. קאַט קלאַפּט-אויס זײַן פּייקע. „ס'שמעקט מיט פּולווער".

ס'הויבט זיך תיכּף אָן. מיר קריכן אַוועק אַזוי גיך, ווי ס'לאָזט זיך נאָר אין אײַלעניש. דער צווייטער שאָס פאַלט שוין צווישן אונז.

עטלעכע פאַרשווינען שרײַען. בײַם האָריזאָנט שטײַגן-אויף גרינע ראַקעטן. די ערד פליט הויך, די קוילן-שטיקער זשוזשען. מ'הערט זייער פּאַטשעריי נאָכדעם ווי דער לאַרם פון די שאָסן איז שוין לאַנג פאַרשטומט געוואָרן.

נעבן אונז ליגט אָן איבערגעשראָקענער רעקרוט, מיט פלאַקסענע האָר. ער האָט פאַרלייגט די הענט איבערן פּנים. זײַן העלם האָט זיך אַוועקגעקוליעט. איך דערכאַפּ אים און וויל אים צוריק אַרויפזעצן אויף יענעמס קאָפּ. ער קוקט זיך אום, שטופּט אָפּ פון זיך דעם העלם און פאַרקריכט, ווי אַ קינד, מיטן קאָפּ אונטער מײַן אָרעם, סאַמע בײַ מײַן ברוסט. די שמאָלע אַקסלען צוקן, אַקסלען ווי בײַ קעמעריכן.

איך לאָז אים אַזוי ליגן. אָבער כּדי דער העלם זאָל כאַטש ווי ס'איז נוצן, זעץ איך אים אַרויף אויף זיין הינטער, נישט צוליב חוזק, נאָר מיט אַ כיוון, ווייל דאָס אָרט שטאַרט אַממייסטן אַרויס. כאָטש דאָס פלייש איז דאָ דיק, פונדעסטוועגן טוט דאָ אַ שאָס שרעקלעך וויי. אויסערדעם מוז מען חדשים לאַנג ליגן אין לאַזאַרעט אויפן בויך און דערנאָך כמעט זיכער הינקען.

ערגעץ האָט פעסט אַ זעץ געטון. מ'הערט אַ געשריי צווישן די שאָסן.

צום סוף ווערט רויק. דאָס פייער איז אַריבער איבער אונז און איז געקערט צו די לעצטע רעזערוו-גרובנס. מיר ריזיקירן מיט אַ קוק. רויטע ראַקעטעס פלאַטערן אין הימל, ס'גייט מסתמא צו אַן אַטאַקע.

ביי אונז בלייבט עס רויק. איך זעץ מיך אויף און שטאַרקע דעם רעקרוט אין אַקסל. — ס'איז שוין פאַרביי, קליינער, דאָסמאָל איז אָפּגעגאַנגען גלאַט.

ער קוקט זיך אום אַ צעטראָגענער. איך טרייסט אים: — וועסטו שוין ווערן געוווינט.

ער באַמערקט זיין העלם און טוט אים אָן. ביסלעכווייז קומט ער צו זיך. פּלוצלינג ווערט ער רויט, ווי פייער, און קוקט פאַרלעגן. פאָרזיכטיק שטרעקט ער אויס די האַנט אויף הינטן און קוקט מיך אָן מיט עגמת-נפש. כ'פאַרשטיי תיכף: קאַנאָנען-פיבער. אמת, נישט צוליב דעם האָב איך אים דאָרטן אַרויפגעזעצט דעם העלם, אָבער כ'טרייסט אים פונדעסטוועגן: — דאָס איז נישט קיין בושה. ס'האָט זיך שוין מיט אַסך אַנדערע מענטשן אויך געטראָפן, אַז נאָכן ערשטן פייער האָבן זיי באַקומען פולע הויזן. גיי אַוועק הינטער די קוסטן און וואַרף-אַוועק דיינע אונטערהויזן. ערליידיקט.

*

ער רוקט זיך אָפּ. ס'ווערט שטילער, אָבער די געשרייען הערן פונדעסטוועגן נישט אויף. — וואָס איז געשען, אַלבערט? — פרעג איך.

— אין יענער זייט זענען אַ פּאָר קאָלאָנעס אינגאַנצן צעשאָסן געוואָרן.

דאָס שרייען הערט אַלץ נישט אויף. ס'זענען נישט קיין מענטשלעכע קולות, מענטשן קענען נישט אַזוי מוראדיק שרייען.

קאַט זאָגט: — פֿאַרווונדעטע פֿערד.

כ'האָב נאָך קיינמאָל נישט געהערט שרייען קיין פֿערד און ס'גלויבט מיר עפּעס נישט. אין דעם קרעכצן איז דאָ דער יאָמער פֿון דער וועלט, די געפּייניקטע קרעאַטור, אַ ווילדער, שוידערלעכער ווייטיק. מיר זענען בלייך. דעטערינג שטעלט זיך אויף. אכזרים, אכזרים, דערשיסט זיי שוין!

ער איז אַ ערד-באַזיצער און געוווינט מיט פֿערד, ס'איז אים נאָענט. דאָס פֿייער ווערט כמעט פֿאַרשווינגן, ווי מיט אַ כיוון; דערפֿאַר ווערן נאָך דייטלעכער די קולות פֿון די בהמות. מ'ווייסט מער נישט, פֿונוואַנען זיי קומען אין דער אַזוי-שטילער, זילבערנער לאַנדשאַפֿט. ס'איז פֿאַרהוילן, געשפּענסטיש, אומעטום, צווישן הימל און ערד, ס'ווערט אָן אַ שיעור שטאַרקער. דעטערינג ווערט מלא-רציחה און ברילט: — דערשיסט זיי, דערשיסט זיי שוין אַמאָל, צו אַלדי שוואַרץ יאָרן

— מ'מוז דאָך פֿריער צונעמען די מענטשן — זאָגט קאַט.

מיר הויבן זיך אויף און מיר נעמען זוכן דאָס אָרט. ס'וועט ווערן גרינגער אויפֿן האַרץ, אויב מיר וועלן זען די בהמות. מאַיער האָט בײַ זיך אַ פֿאַרגרעסער-גלאָז. מיר דערזעען אַ טונקעלע גרופּע סאַניטאַרן מיט טראָג-בעטלעך און שוואַרצע גרויסע קנוילן, וואָס באַוועגן זיך. דאָס זענען די פֿאַרווונדעטע פֿערד, אָבער נישט אַלע. עטלעכע גאַלאָפּירן פֿון דערווייטנס, פֿאַלן אַנידער און נעמען יאָגן אויפֿסניי. בײַ איין פֿערד איז אויפֿגעריסן דער בויך, די געדערים הענגען ווייט אַראָפּ. עס פֿאַרפּלאָנטערט זיך אין זיי און פֿאַלט אַוועק, נאָר באַלד שטייט עס ווידער אויף.

דעטערינג הויבט הויך אויף די ביקס און צילט. קאַט האַקט עס אים אַרויס פֿון דער האַנט: — ביסט משוגע געוואָרן—?

דעטערינג הויבט הויך אויף די ביקס און צילט. קאַט האַקט עס ערד.

מיר זעצן זיך אוועק און האַלטן זיך צו די אוירן. אָבער דאָס מוראדיקע קלאַנגן און קרעכצן און יאָמערן רייסט זיך אדורך, עס רייסט זיך אדורך אומעטום.

מיר קאָנען אַלע אַסך אויסשטיין, אָבער דערפון טרעט ביי אונז אַרויס אַ שוויים. מ׳וואָלט געוואָלט נעמען און אַנטלויפן, אַליין אײנס וווהין, אַבי מער נישט צו הערן די געשרייען. סוף־כל־סוף זענען דאָך עס נישט קיין מענטשן, נאָר פערד.

פון טונקעלן קנויל שיילן זיך ווידער אַרויס טראָג־בעטלעך. דערנאָך הערט מען קנאַלן עטלעכע שאָסן. די קנוילן ציטערן און ווערן פלאַטשיקער. ענדלעדן אָבער ס׳נעמט נאָך אַלץ נישט קיין סוף. די מענטשן קאָנען נישט צוקומען צו די פאַרוואונדעטע פערד, וואָס אַנטלויפן פון שרעק, פול מיט צער אין די ווייט־אויפגעריסענע מיילער. איינע פון די געשטאַלטן פאַלט אוועק אויף די קני. אַ שאָס — אַ פערד פאַלט אַנידער, דערנאָך נאָך איינס. דאָס לעצטע שטעלט זיך אוועק אויף די פאָדערשטע פיס און דרייט זיך אַרום, ווי אַ קאַרוזעלע, זיצנדיק דרייט זיך עס אַרום אויף די הויך־אויפגעשטעלטע פאָדערשטע פיס, דער רוקן איז מסתמא צעשמעטערט געוואָרן. דער סאָלדאַט לויפט צו און דערשיסט עס. עס פאַלט צו דער ערד פאַמעלעך, הכנעהדיק.

מיר נעמען אוועק די הענט פון די אוירן. די קולות זענען פאַרשטומט געוואָרן. בלויז אַ לאַנג־אויסגעצויגענער, אָפּשטאַרבנדיקער זיפץ הענגט נאָך אין דער לופט. דערנאָך בלייבן ווידער בלויז די ראַקעטן, דאָס זינגען גראַנאַטן און די שטערן — און ס׳איז כמעט אויסטערליש.

דעטערינג גייט אַרום און שעלט: — ג׳וואָלט וויסן, וואָס זיי זענען שולדיק. שפעטער קומט ער ווידער צו. ער זאָגט מיט אַ געריירט, כמעט פייערלעך קול: — דאָס, וואָס מ׳ציט אַריין בהמות אין דער מלחמה, איז, זאָג איך אייך, די סאַמע גרעסטע געמיינהייט.

*

מיר גייען צוריק. ס׳איז שוין צייט צוצוגיין צו אונזערע וואַגנס. דער הימל איז אַ האָר העלער געוואָרן. דריי אַזייגער אינדער-פרי. דער ווינט איז פריש און קיל, אין דער גרויקייט פון פאַרטאָג ווערן אונזערע פּנימער אַשיק.

מיר טשאַפּען פּאַמעלעך פאָרויס איינער הינטערן אַנדערן די צווייטן דורך גרובנס און היילן, ביז מיר קומען ווידער צום שטח פון נעפּל. קאַטשינסקי איז אומרויק. דאָס איז אַ שלעכטער סימן.

— וואָס איז געשען, קאַט? — פרעגט קראָפּ.

— כ׳וואָלט געוואָלט מיר זאָלן שוין זיין אין דער היים. „אין דער היים" — מיינען מיינט ער די באַראַקן.

— ס׳וועט מער נישט געדוירן לאַנג, קאַט.

ער איז נערוועז. ווער ווייסט, ווער ווייסט?

מיר גייען דורך לויפגרובנס און דערנאָך — לאָנקעס. ס׳באַ-ווייזט זיך דאָס וועלדל. מיר קאָנען דאָ יעדן טריט ערד. אָט איז דער יעגער-בית-עלמין מיט די בערגלעך און שוואַרצע צלמים.

באותו רגע דערהערן מיר הינטער זיך אַ פּייפעריי, אַ דונערן און אַ קראַכן. מיר זענען תיכף אַנידערגעפאַלן. הונדערט מעטער פאַר אונז זעצט-ארויס אַ פייער-וואָלקן.

אין אַ מינוט שפּעטער גיט אַ זעץ אַ צווייטער שאָס און אַ שטיק וואַלד גיט זיך אַ הויב אויף העכער פון אַלע שפּיצן. דריי-פיר ביימער שלעפּן זיך מיט און ווערן דערביי צעבראָכן אויף שטי-קער. באַלד פליען אריין נייע גראַנאַטן מיט אַ צישען, ווי פון קעסל-ווענטילן — אַ שאַרף פייער —

— דעקונגען — ברילט עמעצ — דעקונגען

די לאָנקעס זענען פלאַך, דער וואַלד איז צו ווייט און דערצו געפערלעך. ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערע דעקונג אַחוץ דעם בית-עלמין מיט זיינע קברים-בערגלעך. מיר פאַלן אריין אין דער טונקל-קייט און יעדער בלייבט תיכף קלעבן הינטער אַ בערגל, ווי אַ שפּיי.

מיט קיין איין מאָמענט נישט צו-פרי. די טונקלקייט ווערט אַ ווילדע, עס שטורעמט און דונערט. שטיקער חשכות — שוואַר-צערע פון נאַכט — ווילדעוועון מיט זייערע ריזן-הויקערס אויף

אונז, איבער אונז אריבער. דאָס פייער פון עקספּלאָזיע נעמט ארום
דעם בית-עלמין מיט זיין פלאַקער.

ס'איז אין ערגעץ נישטאָ קיין אויסוועג. בעת די גראַנאַטן
בליצן-אויף, ריזיקיר איך אַ קוק צו טון אויף די לאָנקעס. זיי זעען-
אוים ווי אַ צעשטורעמטער ים. די אויסגעשאָסענע פייערן זעצן אַרויס
ווי פאָנטאַנען. ס'איז אויסגעשלאָסן, אַז עמעץ זאָל דאָרטן אַריבער-
קומען גאַנץ.

דער וואַלד ווערט פאַרשווינדן, ער ווערט צעריבן, צעפּליקט
צעריסן. מיר מוזן בלייבן ליגן אויפן בית-עולם.

פאַר אונז פּלאַצט די ערד. ס'רעגנט מיט גרודעס. כ'שפּיר
אַ קלאַפּ. מיין אַרבל איז אויפגעריסן געוואָרן דורך אַ גראַנאַט-שפּלי-
טער. איך פאַרקוועטש די פויסט. קיין שום ווייטיק. אָבער דאָס באַ-
רויקט מיך נישט. וואונדן הויבן אַלעמאָל אָן וויי צו טון ערשט שפּע-
טער. איך טאַפּ-אַרום דעם אָרעם, ער האָט באַקומען אַ קראַץ, אָבער
ר'איז גאַנץ. פּלוצלינג גיט אַ קנאַל איבער מיין קאָפּ אַזוי, אַז מיין
באַוווסטזיין ווערט אויף איינמאָל אָפּגעווישט. איך גיב בליץ-שנעל
אַ טראַכט: נישט פאַרחלשט ווערן! באַלד דערנאָך ווער איך פאַר-
זינקען אין שוואַרצער בלאָטע און הויב מיך תיכף צוריק אַרויס. אַ
שפּליטער האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין מיין העלם, ער איז געפאַלן פון
אַזוי ווייט, אַז ר'האָט אים אַפילו נישט דורכגעבראָכן. כ'וויש מיר
אויס די אויגן פון שמוץ.—פאַר מיר איז אויפגעריסן אַ לאָך. כ'דער-
קען עס אומדייטלעך. ס'איז נישט שכיח, אַז גראַנאַטן זאָלן טרעפן
אין דעם זעלבן לאָך, דערפאַר וויל איך אַריינקריכן. אויף איינמאָל
גיב איך מיך אַ צי אויס איבער דער ערד און פּלאַטש מיך אויס ווי
אַ פיש, אָבער ס'נעמט ווידער פייפן. איך קאָרטשע מיך גיך איין,
זוך אַ שוץ, טאַפּ לינקס נאָך עפּעס אַ דעקונג, דריק מיך צו דערצו,
ס'גיט-נאָך. איך קרעכץ, די ערד ווערט צעריסן, דער לופט-דרוק
דונערט אין מיינע אויערן — איך קריך אַרונטער אונטער דעם, לייג
עס אַרויף איבער מיר. ס'איז האָלץ, טוך, דעקונג, דעקונג, אָרימע
דעקונג קעגן האָגל פון קוילן.

איך עפן די אויגן. מיינע פינגער קלאַמערן זיך אין אַן אַרבל,
אַ האַנט. אַ פאַרוווּנדעטער? איך שריי צו אים — קיין שום ענט-

פער — אַ מת. מײַן האַנט נישטערט װײַטער, צװישן די שטיקער האָלץ — און כ׳געדענק שױן װידער, אַז מיר ליגן אױף אַ בית-עולם.

אָבער דאָס פײַער איז שטאַרקער פֿון אַלעמען. עס לאָזט נישט זיך מיישב זײַן, איך קריך אַרונטער נאָך טיפֿער אונטער דעם ארון, ער זאָל מיך באַשיצן, מעג אינעװײניק ליגן אַפֿילו דער טױט אַלײן.

ס׳עפֿנט זיך פֿאַר מיר א הײל. איך קלאַמער זיך אָן אָן איר מיט די אױגן, װי מיט פֿױסטן, כ׳מוז אַרײַן װי גרױס כ׳בין. פּלוצלינג באַקום איך אַ פּאַטש אין פּנים, אַ האַנט קלאַמערט אין מײַן אַקסל, — איז דער טױטער אױפֿגעשטאַנען תחית-המתים? די האַנט שאָקלט מיך. כ׳דרײ אױס דעם קאָפּ. אין דער סעקונדע-קורצער שײַן דערזע איך קאַשטינסקיס פּנים, זײַן מױל איז ברײט צעעפֿנט און ער רעװעט, כאָטש איך הער גאָרנישט. ער טרעסלט מיך, רוקט זיך צו. װען ס׳הערט אַ רגע אױף, דערגרײכט צו מיר זײַן קול: גאַז, גאַאַאַז — גאַאַאז — מעלד װײַטערן

כ׳טו אַ ריס דאָס גאַז-שײדל... נישט װײַט פֿון מיר ליגט עמעץ. כ׳טראַכט גאָרנישט אַחוץ דאָס, אַז יענער דאַרטן מוז עס װיסן: גאַאַאז- גאַאַאזן

איך שרײ, רוק זיך צו, שטאַרקע איב מיט דעם שײדל. ער פּילט גאָרנישט. נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל, — ער בױגט זיך קױם אָן. ס׳איז אַ רעקרוט. כ׳גיב פֿאַרצװײפֿלט אַ קוק צו קאַטן, ער האָט אָנגעטון די מאַסקע, איך רײס אַרױס אױך מײַנע, דער העלם פֿליט אין אַ זײַט, די מאַסקע גליטשט זיך אַראָפּ איבער מײַן פּנים. איך דערגרײך צו יענעם מענטש. אַמנאָענטסטן צו מיר ליגט זײַן שײדל. איך נעם אַרױס די מאַסקע, ציִ זי אים אַריבער איבערן קאָפּ. ער טוט אַ כאַפּ, איך לאָז נאָך און כהרף-עין ליג איך אין לאָך.

דאָס טעמפּע קנאַלן פֿון גאַז-גראַנאַטן מישט זיך אױס מיט די קראַכן פֿון אױפֿרײַס-שאָסן. אַ גלאָק דונערט צװישן די עקספּלאָזיעס. גאָנגס, מעטאַל-קלאַפּערס זאָגן אָן אומעטום די בשורה—גאַז—גאַז—גאַז.

הינטער מיר גיט עפּעס אַ פֿאַל, אײן מאָל, צװײ מאָל. כ׳װיש אױס די פֿאַרהױכטע אױגן-גלעזלעך פֿון מײַן מאַסקע. ס׳איז קאַט, קראָפּ, און נאָך עמעצער. מיר ליגן זאַלבעפֿירט אין שװער לאָקערנדי-

קער געשפּאַנטקייט און מיר אָטעמען אַזוי שוואַך, ווי נאָר מעגלעך.

די ערשטע מינוטן מיט דער מאַסקע אַנטשיידן צווישן לעבן און טויט. איז זי גערדיכט? כ'געדענק די מוראַדיקע בילדער פון לאַ־זאַרעט: גאַז־קראַנקע, וואָס ברעכן אויס שטיקערווייז די פאַרבּרענטע לונגען אין טעג־לאַנגער שטיקעניש.

כ'אָטעם פאָרזיכטיק, דאָס מויל אָנגעשפּאַרט אין דעם פּאַטראָן. איצט קריכט דער גאַז־וואָלקן איבּער דער ערד און דרינגט־אַריין אין אַלע פאַרטיפונגען. ווי אַ ווייכע, ברייטע ים־חיה לייגט ער זיך אין אונזער הייל, ראַטשקעט זיך אַריין. איך שטויס אָן קאַטן: ס'איז גליי־כער אַרויסצוקריכן און צו ליגן אויבּן, איידער דאָ, ווו דער גאַז זאַמלט זיך אַממייסטן צונויף. אָבּער מיר קאָנען דאָס נישט אויספירן. ס'הויבּט אָן נייער פייער־האָגל. ס'דוכט זיך, אַז נישט די שיסערייען ברילן אַזוי, נאָר אַז די ערד אַליין דונערט.

עפּעס שוואַרצס גיט אַ טראַסק צו אונז מיט אַ קראַך. ס'פאַלט סאַמע לעבּן אונז: אַ טרומנע איז אַראָפּגעשלײדערט געוואָרן פון דער הויך.

איך זע, ווי קאַט רירט זיך און כ'קריך צו. די טרומנע איז אַרויפגעפאַלן אויף דער אויסגעשטרעקטער האַנט פון דעם פערטן זעלנער דאָ אין לאָך. יענער פרווט מיט דער אַנדערער האַנט אָפּ־רייסן די גאַז־מאַסקע. קראָפּ כאַפּט אָן בייציייטנס, דרייט אים פעסט אַרונטער די האַנט איבּער דעם רוקן און האַלט זי פעסט צו.

קאַט און איך נעמען זיך פריי מאַכן די פאַרוווּנדעטע האַנט. די טרומנע־דעק איז לויז און געפּלאַצט, מיר רייסן זי לייכט אַראָפּ. דעם טויטן וואַרפן מיר אַרויס, ער פאַלט אַראָפּ אונטן. דאַמאָלס פּרוון מיר רירן פון אָרט די אונטערשטע טייל.

צום גליק פאַלט יענער אין חלשות און אַלבּערט העלפט אונז צו. מיר דאַרפן זיך איצט מער נישט שרעקן און מיר טון, וואָס ס'לאָזט זיך, ביז די טרומנע גיט־נאָך מיט אַ זיפץ, אונטער דעם אַרונטערגע־שטעקטן שפּאַדעל.

ס'איז געוואָרן העלער. קאַט נעמט אַ שטיק פון דער טרומנע־דעק, לייגט עס אונטער אונטער דער צעשמעטערטער האַנט און מיר

בינדן זי ארום מיט אלע אונזערע באנדאזש-פעקלעך. מיר קענען מער אין דעם מאמענט גארנישט אויפטון.

אין דער גאז-מאסקע ברומט מיין קאפ און רוישט. ער האלט ביים פלאצן. די לונגען זענען אנגעשטרענגט. זיי עטעמען כסדר דעם זעלבן הייסן, פארנוצטן אטעם. די שלייפן לויפן-אן, ס'דוכט זיך, אז מ'וועט דערשטיקט.

ס'קאפען אריבער צו אונז גרויע טראפנס ליכט. א ווינט יאגט איבערן בית-עלמין. איך רוק זיך ארויס איבערן ראנד פון גרוב. אין דער שמוציקער דעמערונג דערזע איך ליגן אן אפגעריסענעם פוס. דער שטיוול איז פולשטענדיק גאנץ. אין אט דער רגע זע איך דאס אלץ גאנץ דייטלעך. אבער איצט הויבט זיך עמעצער אויף עטלעכע מעטער ווייטער. איך פוץ-אויס די שייבלעך, אבער פון אויפרעגונג ווערן זיי באלד צוריק פארהויכט. איך גלאץ אויס די אויגן. דער מענטש דארטן טראגט מער נישט קיין גאז-מאסקע.

כ'ווארט צו נאך עטלעכע סעקונדן — ער פאלט נישט אנידער, ער קוקט זיך אום זוכנדיק און מאכט עטלעכע טריט. דער ווינט האט צעיאגט דעם גאז, די לופט איז פריי. באותו רגע רייס איך אויך כארכלענדיק אראפ די מאסקע און פאל אוועק. די לופט שטראמט אין מיר אריין, ווי קאלט וואסער, די אויגן קריכן ארויס, די כוואליע פארגיסט מיך און לעשט מיך אויס אין דער טונקלקייט.

*

די שאסן האבן אויפגעהערט. איך דריי מיך אויס צום גרוב און ווינק-צו צו די אנדערע. זיי קלעטערן ארויף און רייסן זיך אראפ די מאסקעס. מיר נעמען דעם פארוואונדעטן. איינער האלט ביי זיין באנדאזשירטן ארעם. אזוי-ארום טשאפן מיר האסטיק אוועק פון דאנען.

דער בית-עולם זעט-אויס ווי א חורבה. ס'ליגן פונאנדערגעווארפן טרומנעס און מתים. זיי זענען נאכאמאל געהרגעט געווארן. אבער יעדער פון זיי, וואס איז צעפיצלט געווארן, האט געראטעוועט איינעם פון אונז.

דער פלויט איז חרוב, די שינעס פון דער פעלד-באן אקעגן-איבער זענען אויפגעריסן און זיי האלטן זיך — שטארק אויסגעבויגענע

— אין דער לופט. פאַר אונז ליגט עמעץ. מיר בלייבן שטיין, בלויז קראָפּ גייט ווייטער מיט דעם פאַרוואונדעטן.

דער, וואָס ליגט דאָ, איז אַ רעקרוט. איין היפּט ביי אים איז פאַרבלוטיקט. ר׳איז אַזוי מאַט, אז כ׳גיב אַ נעם מיין פעלד-פלאַש, וווּ כ׳האָב טיי מיט רום. קאַט כאַפּט מיך אָן ביי דער האַנט און בויגט זיך צו צו יענעם: — ווו האָט עס דיך געפּאַקט, קאַמעראַד?

יענער רירט מיט די אויגן. ר׳איז צו-שוואַך, ער זאָל קאָנען ענטפערן.

מיר שניידן פאַרזיכטיק אויף דעם הויז. ער קרעכצט. — רויק, רויק, ס׳וועט בעסער ווערן.

אויב ער האָט באַקומען אַ בויך-שאָס, טאָר ער גאָרנישט טרינקען. ער האָט גאָרנישט געבראָכן, דאָס איז אַ גוטער סימן. מיר דעקן אויף דעם היפּט. ס׳איז איין איינציקע מאַסע פון פלייש מיט ביינער. ער האָט געקריגן אַ קויל אין געלענק. דער יונג וועט מער נישט קאָנען גיין.

איך וויש אַרום זיינע שלייפן מיט פייכטע פינגער און גיב אים אַ שלוק צו טון. זיינע אויגן נעמען זיך עפענען. ערשט איצט דערזען מיר, אז די רעכטע האַנט בלוטיקט אויך.

קאַט ציט אויס צוויי באַנדאַזשן אַזוי ברייט, ווי ס׳איז נאָר מעגלעך, כדי ס׳זאָל צודעקן די גאַנצע וווּנד. כ׳זוך אַ שטיקל שטאָף, כדי לויז אַרומצובונדן. ס׳פעלט אויס און דערפאַר שנייד איך אויף אַ הויז, כדי אָפּצורייסן אַ שטיק פון זיינע אונטערהויזן. אָבער ער טראָגט נישט קיין אונטערהויזן. איך קוק אים גיט אָן: ס׳איז דער פלאַקסקאָפּ פון פריער.

דערוויל האָט קאַט אַרויסגענומען עטלעכע באַנדאַזש-פּעקלעך פון אַ טויטנס קעשענע און מיר האָבן זיי פאַרנוצט. דער בחור נעמט נישט אַראָפּ פון אונז קיין אויג און איך זאָג צו אים: — איצט גייען מיר ברענגען אַ טראָג-בעטל.

ער עפנט דאָס מויל און שעפּטשעט: — בלייבט דאָ.

קאַט זאָגט: — מיר וועלן דאָך באַלד צוריק-קומען. מיר וועלן בלויז ברענגען פאַר דיינעטוועגן אַ טראָג- בעטל.

ס׳איז שווער צי דערקאָנען, צו ר׳האָט פאַרשטאַנען, ער בעט זיך ווי אַ קינד הינטער אונז: — גייט נישט אַוועק.

קאַט קוקט זיך אום און שעפּטשעט: — ס׳וואָלט דען נישט גלייכער געווען, מ׳זאָל פּשוט נעמען אַ רעוואָלווער און מאַכן אַ סוף?

דער יונג וועט אַפילו נישט אויסהאַלטן דאָס איבערטראַנספּאָרטירן און העכסטנס קאָן ער אָנטרייבן נאָך עטלעכע טעג. אָבער אַלץ, וואָס איז געשען ביז איצט, וועט זיין ווי גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס ער וועט זיך נאָך אָנליידן, ביז ער וועט שטאַרבן. איצט איז ער נאָך פאַרטויבט און פילט גאָרנישט. אין אַ שעה אַרום וועט ער ווערן איין יאָמערנדיקע קנויל אומדערטרעגלעכע יסורים. די פּאָר טעג, וואָס ער קאָן נאָך לעבן, וועלן פאַר אים זיין איין-און-איינציקע ווילדע פּיין. און וואָס איז דען אַ נפקא-מינה, צי ער וועט דאָס דורכמאַכן, אָדער נישט.

איך שאָקל צו. — יאָ, קאַט, מ׳דאַרף נעמען אַ רעוואָלווער.

— גיב אהער — זאָגט ער און בלייבט שטיין. ער איז אָנטשלאָסן דערויף, כ׳דערקאָן עס. מיר קוקן זיך אום, אָבער מיר זענען שוין נישט אַליין. ס׳קלויבט זיך צונויף פאַר אונז אַ רעדל, פון אַלע גרובנס און לעכער קריכן ארויס קעפּ.

מיר ברענגען אַ טראָג-בעטל.

קאַט שאָקלט מיטן קאָפּ. — אַזעלכע יונגע חברה-לייטן און באַלד ווידער-אַמאָל: — אַזעלכע יונגע אומשולדיקע חברה-לייט.

*

אונזערע פאַרלוסטן זענען קלענערע, ווי מ׳האָט זיך גערעכנט: פינף טויטע און אכט פאַרוווּנדעטע. ס׳איז בלויז געווען אַ קורצער פייער-איבערפאַל. צוויי פון אונזערע הרוגים ליגן אין איינעם פון די אויפגעריסענע קברים. מיר דאַרפן זיי בלויז פאַרשיטן.

מיר גייען צוריק. שווייגנדיקע טרעטן מיר איינער הינטערן אַנדערן. די פאַרוווּנדעטע טראָגט מען אַוועק צו אַ סאַניטעט-סטאַציע. דער פרימאָרגן איז אַ טריבער, די קראַנקן-וועכטער לויפן אַרום

מיט נומערן און צעטלען. — פארוואונדערטע יאָמערן. ס׳הויבט אָן צו רעגענען..

אין אַ שעה אַרום האָבן מיר דערגרייכט צו אונזערע וואָגנס און מיר קלעטערן אַרויף. איצט איז דאָרטן לויזער, ווי פריער.

דער רעגן ווערט שטאַרקער. מיר שפּרייטן אויס פּלאַכטעס און לייגן זיי איבער אונזערע קעפּ. דער רעגן פּויקט איבער זיי. אין די זייטן רינען אַראָפּ די רעגן-שנירלעך. די וואָגנס ראַטשקען זיך אין לעכער און האַלב-שלאָפנדיקע וויגן מיר זיך אהין און אַהער.

צוויי מאַן פאָרנט אין וואָגן האָבן ביי זיך לאַנגע, ציינ־יקע שטעקנס. זיי גיבן אַכטונג אויף די טעלעפאָן-דראָטן, וואָס הענגען איבער דער ברייט פון דער גאַס, אַזוי נידעריק, אַז זיי קאָנען אַוועקרייסן אונזערע קעפּ. דיביידע פאַרשוינען נעמען זיך תיכף צו זייערע ציינ־יקע שטעקנס און הויבן זיי אויף. מיר הערן זייער וואָרעניש: „אַכטונג — דראָט״. און האַלב שלאָפנדיקע מאַכן מיר אַ קני-בויג און שטעלן זיך באַלד צוריק אויף.

מאָנאָטאָן וויגן זיך די וואָגנס, מאָנאָטאָן זענען די רופן, מאָנאָטאָן רינט דער רעגן. ער רינט סיי אויף אונזערע קעפּ, סיי אויף די קעפּ פון די מתים אויפן פראָנט, אויף דעם קערפּער פונעם קליינעם רעקרוט, וואָס זיין וווּנד איז צו גרויס פאַר זיין היפּט, ער רינט אויף קעמעריכס קבר, ער רינט אויף אונזערע הערצער.

ערגעץ הילכט-אָפּ אַ שאָס. מיר ציטערן אויף, די אויגן זענען אָנגעשטרענגט. די הענט זענען ווידער גרייט צו וואַרפן די אייגענע קערפּערס איבער די ווענט פון די וועגן אין די רינשטאָקן אַריין.

ווייטער געשעט אָבער גאָרנישט. מאָנאָטאָן זענען בלויז די רופן: „אַכטונג — דראָט״.— מיר פאַלן אויף די קני — דרימלענדיקער־הייט.

# V

ס איז שווער צו הרגענען אַן איינציקע לויז, ווען מ'האָט גאַנצע הונדערטער. די באַשעפֿענישלעך זענען האַרטלעך און דאָס אייביקע קנאַקן מיט די נעגל ווערט לאַנגווייליק. טיאַדען האָט דערפֿאַר גענומען אַ דעקל פֿון אַ פּודעלע שיך-פּאַסטע און אָנגעהאָנגען אויף אַ דראָט איבער אַ ברענענדיק ליכט. אין דעם דאָזיקן פֿענדל וואַרפֿט ער גאַנץ פּשוט אַריין די לייז. ס'גיט אַ קנאַק און דער ענין איז ערלידיקט.

מיר זיצן אַרום און אַרום, די העמדער אויף דער קני. די אויבערשטע טייל פֿון קערפּער איז נאַקעט אין דער וואַרעמער לופֿט, די הענט זענען פֿאַרנומען מיט דער אַרבעט. בײַ האַיען איז פֿאַראַן אַ באַזונדער מין לייז: זיי האָבן רויטע קרייצלעך אויף די קעפּ. דערפֿאַר טענהט ער, אַז ער האָט זיי מיטגעבראַכט פֿון אַ לאַזאַרעט אין טורהו און אַז זיי שטאַמען פֿון אויבער-שטאַב-דאָקטאָר בכבודו ובעצמו. ער וויל אויך באַנוצן דאָס פֿעטס, וואָס קלייבט זיך בײַסלעכווייס אָן אין לעכענעם דיקל, צום פּוצן די שטיוול, און אַ האַלבע שעה לאַנג ריטשעט ער און לאַכט פֿון זיין אייגענעם וויץ.

אָבער הײַנט נעמט ער ווייניק אויס. מיר זענען שטאַרק פֿאַרנומען מיט אַן אַנדער ענין.

פֿון דער מעשה האָט זיך אויסגעלאָזט אַן אמת. הימלשטאָס איז געקומען. נעכטן האָט ער זיך באַוויזן. מיר האָבן שוין דערהערט זיין גוט-באַקאַנט קול. מ'שמועסט, אַז ער האָט אינדערהיים איבערגעכאַפּט די מאָס מיט אַ פּאָר יונגע רעקרוטן בײַם מושטרירן. ער האָט נישט געוווּסט, אַז דערבײַ איז אויך געווען דער זון פֿון רעגירונגס-פּרעזידענט. צוליב דעם האָט ער געבראָכן האַלז-און-נאַקן.

דאָ וועט ער האָבן אַ בייז וווּנדער. שוין שעהן לאַנג ווי טיאַדען וואַרפֿט דורך אַלע מעגלעכע אופֿנים ווי אַזוי אים אָפּצוענטפֿערן. האַיע קוקט אָן פֿאַרטראַכט זיין גרויסע לאַפּע און פֿאַרקוועטשט צו מיר אַן אייגל. יענע שמייץ זענען געווען זיינע העכסטע איבערלעבונגען. ער

האָט מיר דערציילט, אַז עד-היום חלומט זיך אים נאָך אַ מאָל וועגן דעם.

קראָפּ און מילער שמועסן. קראָפּ האָט איינער אַליין דערטאַפּט אַ טעפּל מיט לינזן, מסתמא אין דער פּיאָנערן-קיך. מילער שיקלט-צו גיריק, אָבער באַלד באַהערשט ער זיך און פרעגט: — אַלבערט, וואָס וואָלסטו געטון, ווען ס'זאָל איצט איינמאָל ווערן שלום?

— קיין שלום איז נישט פאַראַן — דריקט זיך אַלבערט אויס קורץ און שאַרף.

— נו, אָבער, ווען — בלייבט מיללער ביים זייניקן. — וואָס וואָלטסו געטון?

— אָפּשניידן. — ברומט קראָפּ.

— דאָס איז קלאָר. און דערנאָך?

— זיך אָנשיכורן.

— רעד נישט קיין שטותערייען. כ'מיין דאָך ערנסט.

— איך אויך — זאָגט אַלבערט. — וואָס דען וואָלט מען גע-קאָנט טון?

קאַטן הויבט אָן אינטערעסירן דער ענין. ער פאָדערט ביי קראָפּן זיין חלק לינזן, קריגט אים, דערנאָך איז ער זיך לאַנג מיישב און נעמט טענהן: — אָנשיכורן זיך וואָלט מען אפילו געקאָנט, דער-נאָך אָבער — מיטן ערשטן צוג אַהיים צו דער מאַמען. שלום — מענטש — אַלבערט.

ער פּאָרקעט זיך אין זיין צעראַטעטנעם בריוו-טאַש, נעמט פון דאָרטן אַרויס אַ פאָטאָגראַפיע און ווייזט זי שטאָלץ אין אַלע זייטן: „מיין אַלטעו" דערנאָך באַהאַלט ער זי צוריק און שעלט: „פאַרשאָל-טענע לייזיקע מלחמהן"

— דיר איז לייכט צו רעדן — זאָג איך.—הו האָסט אַ יונג און אַ פרוי.

— ריכטיק — שאָקלט ער צו. — כ'מוז אָבער זאָרגן, זיי זאָלן האָבן וואָס צו פּיקן.

— מיר לאַכן. — אין דעם וועט נישט זיין קיין אָפּהאַלט, אויב נישט, וועסטו רעקוויזירן.

מיללער איז הונגעריק און אומצופרידן. ער רייסט איבער

ביי האיע וועסטהוס זיינע שמיץ-חלומות — האיע, וואָס וועסט דו איצט טון, אויב ס׳וועט ווערן שלום.

— ער וואָלט דיר געדאַרפט אָנהאַקן אַ תחת, ווייל דו רעדסט בכלל וועגן אַזעלכע זאַכן, — זאָג איך. פון וואַנען נעמט זיך דאָס אייגענטלעך?

— ווי קומט קו-טינוף אויפן דאַך? — ענטפערט מיללער לאַ-קאָניש און נעמט זיך ווידער צו האיע וועסטהוס.

האיע קאָן זיך מיטאַמאָל נישט פונאַנדערקלויבן. ער שאָקלט מיט זיין באַשפּרענקלטן קאָפּ: — דו מיינסט, ווען ס׳וועט מער נישט זיין קיין מלחמה?

— ריכטיק, פאַרשטייסט אַן ענין!

— וועלן דאָך ווידער זיין ווייבער, נישט? — האיע באַלעקט זיך אַזש.

— דאָס אויך.

— ס׳וועט זיין אַן אַרבעטן — זאָגט האיע און זיין פּנים נעמט שיינען. — איך וועל שוין דערטאַפּן אַ פעסטן בעזים, דעם אמתן קיך-דראַגאָנער, פאַרשטאַנען? און תיכף — אונטערן אי-בערבעט. מאָל דיר אויס דאָס אמתע איבערבעט, מאַטראַצן אויף שפּרינג-פעדערס, קינדער, גאַנצע אַכט טעג וועל איך די הויזן נישט אָנטון.

אַלע שווייגן. דאָס בילד איז וווּנדערלעך. אַ שוידער לויפט דורך דער הויט. צום סוף כאַפּט זיך מיללער אויף און פרעגט: — און דער-נאָך?

פויזע. דערנאָך זאָגט האיע אַביסל פאַרשעמט: — ווען כ׳וואָלט געווען אַן אונטעראָפיציר, וואָלט איך נאָך געבליבן ביי די פּרייסן און קאַפּיטולירט.

— האיע, דו ביסט גלאַט חסר-דעה — זאָג איך.

ער פרעגט געמיטלעך צוריק: — האָסט שוין אַמאָל געגראָבן טאָרף? — טאָ פּראָביר עס טון. — דערביי ציט ער אַרויס אַ לעפל פון דער כאָלעוועס און שטעקט אַריין צו אַלבערטן אין שיסל אריין.

— ערגער ווי בויען שאנצן אין שאמפּאניע קאָן עס אויך נישט זיין — ענטפער איך.

האיע קייט און פינטלט: — ס׳געדויערט אָבער לענגער. קאָנסט דיך אויך נישט ארויסדרייען.

— אָבער, מענטש איינער, אינדערהיים איז דאָך בעסער, האיען

— ווי פאר וועמען — זאָגט ער און ווערט פארזינקען מיט אן אָפן מויל אין רעיונות.

מ׳קאָן לייענען אין זיין פּנים וועגן וואָס ער טראַכט. אָט איז אן אָרים זומפּ-הייזל, שווערע ארבעט אין דעם הייסן סטעפּ פון גאַנץ-פרי ביז אָוונט; דער לוין איז א קלאָגעדיקער, א שמוציקער ארבעט-בגד — —

ווען ס׳איז שלום, האָסטו ביים מיליטער קיין שום זארג נישט. — נעמט ער דרשענען. דיין עסן באַקומסטו יעדן טאָג, ווען נישט, מאַכסטו אָן א חורבן, האָסט דיר דיין בעט, אַלע אַכט טעג ריינע וועש, ווי א קאַוואַליער, טוסט דיר אָפּ דיין אונטעראָפיציר-דינסט, ביסט אָנגעטון שיין. אין אָוונט ביסטו א פרייער מענטש און גייסט דיר אַוועק אין א קנייפּע.

האיע איז אויסערגעוויינלעך שטאָלץ מיט זיין אידעע — ער איז פשוט פארליבט אין איר. — און ווען דיינע צוועלף יאָר זענען אריבער, קריגסטו דיר דיין פארזאָרגונגס-שיין און ווערסט דיר א זשאַנדאַרם. א גאַנצן טאָג קאָנסטו ארומגיין שפּאַצירן.

עס באַגיסט אים אַזש א שווייס, ווען ער נעמט רעדן וועגן דער צוקונפט. שטעל דיר נאָר פאָר, ווי מען איז דיך מכבד פון אַלע זייטן. דאָ א קאָניאַק, דאָ א האַלבן ליטער. מיט א זשאַנדאַר וויל דאָך יעדער איינער לעבן בשלום.

—וועסט אָבער קיינמאָל נישט ווערן קיין אונטעראָפיציר, האיע — וואַרפט קאַט אריין.

האיע קוקט אים אָן גערטראָפן און שווייגט. זיינע געדאַנקען זענען איצט מסתמא פארנומען מיט די קלאָרע אָוונטן אין הארבסט, מיט די זונטיקס אין סטעפּ, מיט די דאָרף-גלאָקן, די נאָכמיטאָגס

און נעכט מיט די מיידן, די הרעטשענע פיינקוכנס, מיט די גרויסע פעטס-אויגן, די זאָרגלאָזע שעהן פון מוטלען אין קרעטשמע.

מיט אַזויפיל פאַנטאַזיעס קאָן ער זיך אַזוי גיך נישט קיין עצה טון. דערפאַר נעמט ער מרוקען און ווערט בייז. — סאָרע נאַרישע קשיות איר פרעגט.

ער וואַרפט אַריבער דאָס העמד איבערן קאָפּ און קנעפּלט צו זיין מונדיר.

און וואָס וואָלסט דו געטון, טיאַדרען? — פרעגט קראָפּ.

טיאַדרען, ווייסט בלויז איינס: — אַכטונג טון, אַז הימלשטאָס זאָל מיר נישט אַראָפּ פון אויג.

מיט דער גרעסטער הנאה וואָלט ער אים מסתמא געוואָלט האַלטן אין אַ שטייג און יעדן מאָרגן אים מכבד זיין מיט אַ פּאַלקע. מיט באַגייסטערונג זאָגט ער צו קראָפּן:

— אויף דיין אָרט וואָלט איך געזען צו ווערן לייטנאַנט. דע־מאָלט וואָלסטו אים געקאָנט אַזוי קאַטעווען, אַז ס'זאָל אים זידן אין הינטער.

— און דו, דעטערינג — פאָרשט מילער ווייטער. — ער האָט ליב צו פרעגן שאלות, ווי אַ געבוירענער לערער.

דעטערינג איז קאַרג אויף אַ וואָרט, אָבער אויף אַזאַ פראַגע ענטפערט ער פונדעסטוועגן. ער גיט אַ קוק פאַר זיך און זאָגט בלויז איין זאַץ:

— כ'וואָלט נאָך באַוויזן צו קומען בייצייטנס צום שניט.

דערנאָך שטייט ער אויף און גייט אַוועק.

ער דרייט זיך אַרום אַ פאַרזאָרגטער. זיין ווייב מוז פירן די באַלעבאַטישקייט. דערצו האָט מען אים נאָך צוגענומען צוויי פערד. יעדן טאָג זוכט ער אין די צייטונגען, וואָס קומען אָן, אַ ידיעה, צי ס'האָט נישט אַמאָל אָנגעהויבן רעגענען אין זיין אָלדענבורגישן ווינקל. ווען נישט, וועט מען נישט קאָנען אַריינגעמען דאָס היי.

אין דער רגע באַווייזט זיך הימלשטאָס. ער קומט דירעקט צו צו אונזער גרופּע. טיאַדרענס פּנים באַקומט פלעקן, ער ציט זיך אויס ווי לאַנג ער איז איבערן גראָז און פאַרמאַכט אַזש די אויגן פון אויפרעגונג.

הימלשטאָם איז אַביסל נישט אַנטשלאָסן, זיינע טריט ווערן פאַמעלעכערע. צום סוף מאַרשירט ער פאָרט צו צו אונז. קיינער האָט אַפילו נישט בדעה אויפצושטיין. קראָפּ קוקט אים אָן פאַראינטערעסירט.

ער שטייט איצט פאַר אונז און וואַרט. אַזוי ווי קיינער רופט זיך נישט אָן, גיט ער בלויז אַ מאַך: „נאָ?"

ס'גייען אַוועק עטלעכע סעקונדן. הימלשטאָם ווייסט באַשיינפערלעך נישט, ווי אַזוי זיך צו האַלטן. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן וואָלט ער אונז איצט געפייניקט מיט אַ „גאַלאָפּ". אָבער ר'איז שוין, ווייזט אויס, געוואָר געוואָרן, אַז דער פראָנט איז נישט קיין קאַזאַרמע. ער פּרוווט נאָכאַמאָל און ווענדט זיך מער נישט צו אַלע, נאָר צו איינעם. ער האָפט, אַז אַזוי-אַרום וועט מען אים גיכער מוזן ענטפערן. קראָפּ איז אים אַמנאָענטסטן און דערפאַר האָט ע ר דעם כבוד. — נאַ, אויך דאָ?

אָבער אַלבערט איז אים אַ קנאַפּער גוטער-פריינט, ער ענטפערט קוים: — אַביסל לענגער פון אייך, קלער איך.

די רויטלעכע וואָנסן ציטערן. — איר דערקענט מיך שוין נישט, וואָס?

טיאַדען עפנט פלוצלינג אויף די אויגן: — אדרבה.

הימלשטאָם ווענדט זיך צו אים: — דאָס איז דאָך טיאַדען, נישט?

טיאַדען הויבט אויף דעם קאָפּ. — און ווער דו ביסט — ווייסטו?

הימלשטאָם איז געפּלעפט: — זינט ווען זאָגן מיר זיך „דו"? מיר זענען דאָך לעת-עתה נאָך נישט געלעגן צוזאַמען אין רינשטאָק.

ער ווייסט בשום-אופן נישט, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דער לאַגע. אויף אַזאַ אָפענער שנאה האָט ער זיך נישט געריכט. אָבער לעת-עתה היט ער זיך. ס'האָט אים שוין זיכער עמעץ אָנגעפּלוידערט, אַז מען קאָן שיסן אין רוקן אַריין.

פון דער פראַגע וועגן רינשטאָק ווערט טיאַדען אַזש וויציק מחמת רציחה. — ניין, דו אַליין ביסט געלעגן.

איצט ווערט הימלשטאָם אויפגעקאָכט, אָבער טיאַדען איז

אים מקדים. ער מוז אַרויסבּרענגען דאָס זייניקע: — ווילסט וויסן, וואָס דו בּיסט? — בּיסט אַ שוויין-הונט, דאָס בּיסטו. כ'האָבּ עס דיר שוין לאַנג געוואָלט זאָגן.

תיכּף נאָכדעם, ווי ער איז אַרויס מיט זיין „שוויין-הונט״, הויבּן אָן זיינע ווייסע חזיר-אייגעלעך אַזש צו לייכטן פון בּאַפרידיקונג נאָך אַ סך חדשים האַלטן אין זיך.

הימלשטאָס איז אויך אַרויס פון די כלים: — וואָס ווילסטו, דו מיסט-קאָטער, דו דרעקישער טאָרף-טייוול? שטייט אויף און שטעלט גלייך די פאָר פיס, ווען ס'רעדט צו אייך אַ העכערער!

טיאַדען ווינקט גרויסאַרטיק: — איר קאָנט שוין אָפּטרעטן, הימלשטאָס, געגאַנגען.

הימלשטאָס איז אַ צעווילדעוועטער עקזערציר-רעגולאַמין. דער קייזער וואָלט זיך נישט מער בּאַלײדיקט. ער ריטשעט: — טיאַדען, איך בּאַפעל אייך דינסטלעך: — שטייט אויף!

— און מער גאָרנישט? — פרעגט טיאַדען.

— איר ווילט פאָלגן מיין בּאַפעל, אָדער נישט?

טיאַדען ענטפערט געלאַסן און קאַטעגאָריש מיטן קליינעם שיר השירים. דערבּיי דרייט ער זיך צו אים אוים מיט הינטן.

הימלשטאָס אַנטלויפט מיט רציחה: — איר וועט שטיין פאַרן קריגס-געריכט.

מיר זעען, ווי ער ווערט פאַרשווונדן אין דער קאַנצעלאַריע. האַיע און טיאַדען נעמען בּרילן, ווי נאָר טאָרף-גרעבּערס קאָנען. האַיע לאַכט אַזוי שטאַרק, אַז ער לענקט זיך אוים דעם קינבּאַק און בּלייבּט פלוצלינג שטיין הילפלאָז מיט אַן אָפן מויל. אַלבּערט זעצט זי אים צוריק אַריין מיט אַ טראַסק פון דער פויסט.

קאַט איז פאַרזאָרגט: — אויבּ ער וועט דיך מעלדן, קאָנסטו שלעכט אָפּשניידן.

— קלערסט, אַז ער וועט עס טון? — פרעגט טיאַדען.

— בּאַשטימט — זאָג איך.

— מינדסטנס קאָנסטו אַריינכאַפּן פינף טעג — טענהט קאַט.

אָבּער טיאַדען ווערט נישט נתפּעל. — פינף טעג פאַקע איז פינף טעג רוען.

— און וואָס וועט זיין, אז מ׳וועט דיך איינזעצן אין פעסטונג? — פאָרשט דער גרינדלעכער מיללער.

— דעמאָלט איז פאַר מיר דער קריג אויף אַזוי לאַנג געשטאָרבן.

טיאָדען איז אין אַ הויכ געבוירן. ער נעמט זיך נישט איבער מיט גאָרנישט. — לעת-עתה ציט ער אָפּ צוזאַמען מיט האיע און לעער, כדי מ׳זאָל אים נישט פּאַקן אויף דער הייסער מינוט.

*

מיללער מאַכט נאָך אַלץ נישט קיין סוף. ער נעמט זיך ווידער צו קראָפּן. — אַלבערט, ווען דו קומסט באמת אהיים, וואָס וואָלסטו געטון?

קראָפּ איז איצט זאַט און דערפאַר נאָכגיביקער. — וויפל וואָלטן מיר איצט אייגנטלעך געווען אין קלאַס?

מיר רעכענען. פון צוואָנציק זענען זיבן שוין טויט. פיר פאַר-וווּנדעט. איינער אין משוגעים-הויז. העכסטנס קאָן מען נאָך צונויפ-קראַצן אַ צוועלף פארשוין.

— צווישן זיי זענען דריי לייטענאַנטן — זאָגט מיללער. — שטעלסטו דיר פאָר, אז זיי וואָלטן ווידער זיך געלאָזט אויסשייגעצן פון קאַנטאָרעקן?

ס׳איז נישט צו גלויבן. מיר אַליין וואָלטן זיך אויך שוין נישט געלאָזט אויסשייגעצן.

— וואָס האָלטסטו אייגנטלעך וועגן דער דריי-פאַכער אַקציע אין „ווילהעלם טעל״? — דערמאָנט זיך קראָפּ מיט איינמאָל און הירזשעט פון לאַכן.

— וואָס זענען געווען די צילן פונעם „געטינגער ליטעראַרישן קרייז״? — נעמט אויך מיללער פּלוצלינג פאָרשן זייער שטרענג.

— וויפל קינדער האָט געהאַט קאַרל דער דרייסטער?—ענטפער איך רויק.

— פון אייך וועט גאָרנישט ווערן, בוימערן — נעמט קוואַ-קען מיללער.

— ווען איז פאָרגעקומען די מלחמה ביי צאַמאַ? — וויל קראָפּ וויסן.

— אייך פעלט די עטישע ערנסטקייט, קראַפּ, זעצט אייך, דריי מינוס. — ווינק איך צו.

— וועלכע אויפגאַבן האָט ליקורגוס געהאַלטן פאַר די וויכ-טיקסטע פאַר אַ מלוכה? — שעפּטשעט פּייפּנדיק מיללער און מאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער זאָל איבעררוקן די בינאָקלען.

— הייסט עס: מיר דייטשן האָבן מורא פאַר גאָט, ווייטער פאַר קיינעם נישט, אָדער — מיר דייטש—ע? — ווי אַזוי דאַרף מען זאָגן?

— וויפל איינוווינער האָט מעלבורן? — צוויטשערט מיללער צוריק.

— ווי אַזוי קאָנט איר בכלל לעבן, אויב איר ווייסט דאָס נישט? — פרעג איך אַלבערטן אַן אויפגערעגטער.

— וואָס פאַרשטייט מען אונטער דעם באַגריף קאָהעזיע? — באַווייזט יענער גבורות.

פון דעם גאַנצן ביסל תורה געדענקען מיר אַלע צוזאַמען נישט אַסך. ס'האָט אונז אויך קיין שום נוצן נישט געבראַכט. דערפאַר האָט אונז קיינער נישט געלערנט אין שול ווי אַזוי מ'צינדט-אָן אַ פּאַפּיראָס אין רעגן און שטורם, ווי אַזוי צו מאַכן פייער מיט נאַס האָלץ, אָדער — אַז אַ באַיאָנעט איז אַמבעסטן אַריינצוזעצן אין בויך, ווייל ער שלאָגט זיך נישט אָן ווי אין די ריפּן.

מיללער זאָגט מיט ישוב-הדעת: — וואָס קומט אַרויס, מיר וועלן דאָך ווידער מוזן זיצן אויף דער שול-באַנק.

איך האַלט, אַז דאָס איז אויסגעשלאָסן: — אפשר וועלן מיר אָפּגעבן אַ קריגס-עקזאַמען?

דערצו דאַרף מען זיך צוגרייטן. און אַז וועסט עס אפילו באַ-ווייזן, איז וואָס? — צו זיין אַ סטודענט איז אויך נישט אַסך בעסער. אויב דו האָסט נישט קיין געלט, מוזטו ווייטער קנעלן. אַביסל בעסער איז עס, אָבער דאָס וואָס זיי קנעלן, איז פּאַרט קוואַטש.

קראָפּ טרעפט אונז צו: — ווי קאָן מען נעמען ערנסט אַזעלכע זאַכן, נאָכדעם, ווי מ'איז געווען אויפן פראָנט?

— אָבער דו מוזט דאָך האָבן אַ באַשעפטיקונג — פּרוווט

מיללער איבערשפּארן, גלייך ווי ער וואָלט געווען קאָנטאָרעק בכבודו ובעצמו.

אַלבערט רייניקט-אויס די נעגל מיט אַ מעסער. מיר זענען דערשטוינט פון דער דאָזיקער שוויצערישקייט. אָבער ס'איז בלויז פון פאַרטראַכטקייט. ער רוקט אָפּ פון זיך דאָס מעסער און נעמט טענהן: — דאָס איז דאָך עס טאַקע. קאַט, דעטערינג און האַיע וועלן זיך צוריק נעמען צו זייערע פאַכן, ווייל זיי האָבן זיי נאָך פון פריער. הימלשטאָס אויך. מיר האָבן קיין שום פאַך נישט געהאַט. ווי אַזוי וועט מען זיך צוגעוווינען צו אַ פאַך, נאָך דעם אַלעמען. — ער ווייזט אָן אויפן פראָנט.

— ס'וואָלט גוט געווען, ווען מ'איז אַ רענטיער און מ'קאָן וווינען אַליין אין וואַלד — זאָג איך און פאַרשעם זיך באַלד מיט אָט די גדלותדיקע רייד.

— וואָס וועט טאַקע זיין, אַז מיר וועלן צוריקקומען? — טענהט מיללער און איז אַליין אויך געטראָפן פון דער פראַגע.

קראָפּ צוקט מיט די אַקסלען: — כ'ווייס נישט. לאָמיר נאָר זיין אין דער היים, וועט מען שוין זען.

— מיר זענען אייגענטלעך אַלע שלימזלען. וואָס וועט מען טאַקע קאָנען טון? — טו איך אַ פרעג.

— איך האָב נישט קיין חשק צו גאָרנישט. — ענטפערט קראָפּ אַ מידער. — אין אַ שיינעם פרימאָרגן קאָנסטו דאָך געהרגעט ווערן, וואָס-זשע טויג מיר די גאַנצע מעשה? כ'גלויב בכלל נישט, מיר זאָלן נאָך אַמאָל אַהיימקומען.

— ווען איך טראַכט מיך אַריין וועגן דעם, אַלבערט—זאָג איך אין אַ ווײַלע אַרום און טו זיך אַ קוילער אויפן רוקן — ווילט זיך מיר, בעת מ'נעמט רעדן וועגן שלום אויף אַן אמת, — אָפּטון עפּעס אַן אויסטערלישע זאַך, אַזוי גיט עס מיר אַ זעץ אין קאָפּ אַריין. עפּעס אַזוינס, פאַרשטייסטו, וואָס זאָל ווערט זיין די אַלע שלימזלדיקע צייטן, וואָס מיר זענען דאָ אָפּגעלעגן. כ'ווייס גלאַט נישט, וואָס אַזוינס. אַלץ, וואָס ס'זעט זיך פאָרויס: פאַך, שטודיום, פענסיע און אַזוי ווייטער — אָט דער גאַנצער עסק — שלאָגט מיר צו דער גאַל,

ווייל כ'האָב עס שוין אַדורכגעמאַכט און ס'איז מיר דערווידער. כ'גע־פין גאָרנישט, כ'געפין גאָרנישט, אַלבערט —

פלוצלינג ווייזט זיך מיר אַלץ אויס יאושדיק און צוועקלאָז.

קראָפּ טראַכט אויך וועגן דעם. ס'וועט בכלל אונז אַלע זיין שווערער. זאָל איך זאָגן, אַז אין דער היים גיט מען גאָרנישט קיין קלער וועגן דעם? — צוויי יאָרן שיסן און האַנט־גראַנאַטן — דאָס קאָן מען נישט דערנאָך אַראָפּוואַרפן פון זיך, ווי אַ פּאָר זאָקן —

מיר זענען אַלע גלייך מסכים, אַז יעדער פון אונז איז אין זעלבן מצב, און נישט בלויז מיר דאָ. אומעטום, אַלע, וואָס געפינען זיך אין די אייגענע באַדינגונגען, איינער מער, דער אַנדערער ווייני־קער. עס איז דער בשותפותדיקער גורל פון אונזער דור.

אַלבערט דריקט עס אויס: — „די מלחמה האָט אונז אַלע קאַליע געמאַכט".

ער איז גערעכט. מיר זענען מער נישט קיין יוגנט, מיר ווילן מער נישט שטודירן די וועלט. מיר זענען פּליטים. מיר אַנטלויפן פאַר זיך אַליין. פאַר אונזער לעבן. מיר זענען אַלט געווען צו אַכצן יאָר און האָבן ערשט אָנגעהויבן ליב צו האָבן די וועלט און דאָס לעבן. מיר האָבן געמוזט שיסן אויף דעם. דער ערשטער גראַנאַט, וואָס איז געפאַלן, האָט געטראָפן אין אונזער האַרץ. מיר זענען אָפּ־געשלאָסן פון יעדער טעטיקייט, שטרעבן, פּראָגרעס. מיר גלויבן מער נישט אין אַזעלכע זאַכן. מיר גלויבן אין קריג.

*

אין דער קאַנצעלאַריע ווערט לעבעדיק. דאָס האָט הימלשטאָס זי, אַפּנים, אַלאַרמירט. אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע האָצקעט דער דיקער פעלדפעבל. ס'איז קאָמיש, וואָס כמעט אַלע עטאַט־פעלדוועב־לען זענען דיק.

נאָך אים גייט נאָך דער נקמה־דורשטיקער הימלשטאָס. זיינע שטיוול גלאַנצן אַקעגן דער זון.

מיר הויבן זיך אויף. די שפּיז סאָפּעט: — ווו איז טיאַדען? נאַטילעך ווייסט קיינער נישט. ביי הימלשטאָסן בליצן די

אויגן בייז.—איר ווייסט גאַנץ גוט זיכער. ר׳ ווילט בלויז נישט אויסזאָגן, ירוים מיט לשון.

די שפּיז קוקט זיך אום און זוכט. טיאַדענען זעט מען אין ערגעץ נישט. ער פּרוּווט זיך אויף אַן אַנדער אופן: — אין צען מי־נוט אַרום זאָל טיאַדען זיך מעלדן אין דער קאַנצעלאַריע.

דערמיט מאַרשירט ער אַוועק און הימלשטאַס שלעפּט זיך אים נאָך.

— כ׳האָב דאָס געפיל, אַז ביי די נאָענטסטע שאַנצן וועט ביי מיר אַראָפּפאַלן אַ דראָט־וויקל גלייך אויף הימלשטאַס׳ פיס — זאָגט אַרוים קראָפּ אַן השערה.

— מיר וועלן נאָך שעפּן פון אים גרויס נחת.—לאַכט מילער.

אַט דאָס איז אונזער אַמביציע: אַראָפּוואַרפן אַ בריוו־טרעגער פון זיין גדולה. —

איך גיי אין די באַראַקן און גיב איבער טיאַדענען, ער זאָל מאַכן פּליטה.

דערנאָך טוישן מיר אונזערע ערטער און מיר לייגן זיך אַוועק שפּילן אין קאָרטן. ווייל דאָס האָבן מיר זיך אויסגעלערנט: קאָרטן־שפּילן, שעלטן און מלחמה־האַלטן. נישט אַסך פאַר צוואַנציק יאָר— צופיל פאַר צוואַנציק יאָר.

אין אַ האַלבער שעה אַרום באַווייזט זיך הימלשטאַס אויפ־סניי. קיינער קוקט זיך נישט אום אויף אים. ער פרעגט זיך אויף טיאַדענען. מיר צוקן מיט די אַקסלען. — איר דאַרפט אים אויס־זוכן — האַלט ער זיך ביים זייניקן.

— וואָס הייסט איר? — וויל קראָפּ וויסן.

— נאַ, איר דאָ —

— איך וואָלט אייך געבעטן, איר זאָלט צו אונז נישט רעדן

— איך וואָלט אייך געבעטן, איר זאָלט צו אונז נישט רעדן אויף דו — זאָגט קראָפּ מעשה פּולקאָווניק.

הימלשטאַס זעט אויס, ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל. — ווער זאָגט אייך דען „דו״?

— איר.

— איך?

— יאָ.

דער קאָפּ אַרבעט ביי אים. ער שיקלט צו קראַפּן מיט חשד, ווייל ער הויבט נישט אָן צו וויסן, וואָס יענער מיינט. פונדעסטוועגן איז ער אַליין אויך נישט איינגאַנצן זיכער בנוגע דעם און קומט אונז אַנטקעגן. — איר האָט אים נישט געפונען?

קראַפּ ציט זיך אויס אויפן גראָז און זאָגט: — זענט איר שוין אַמאָל געווען דאָ אויפן פראָנט?

— דאָס גייט אייך לחלוטין נישט אָן—האַלט הימלשטאָס.— איך פאַרלאַנג אַן ענטפער.

— געמאַכט — ענטפערט קראַפּ און הויבט זיך אויף. — איר גיט אַ קוק דאָרטן, ווו ס'שטייען די קליינע וואָלקנדלעך? — דאָס זענען די ענגלישע קאַנאָנען. דאָרטן זענען מיר געווען נעכטן. פינף טויטע, אַכט פאַרוואונדעטע. דערביי איז עס בסך-הכל געווען אַ שפּאַס. ווען איר וועט בקרוב מיט אונז אַרויסגיין, וועלן די סאָל-דאַטן פאַרן טויט זיך פריער אוועקשטעלן פאַר אייך, צוזאַמענשאַרן די פיס און שפּיציק פרעגן: וועט איר, ביטע, ערלויבן אָפּצוטרעטן? וועט איר, ביטע, ערלויבן אויסצושיסן אויף אַזעלכע פאַרשוינען, ווי איר, האָבן מיר דאָ טאַקע געוואַרט.

ער זעצט זיך צוריק אַוועק און הימלשטאָס ווערט נעלם, ווי אַ קאָמעט.

— דריי טאָג אַרעסט — איז זיך משער קאַט.

— אַ צווייט מאָל וועל איך באַקומען לשון — זאָג איך צו אַלבערטן.

און דערמיט איז געענדיקט. דערפאַר קומט פאַר אין אָוונט בעתן אַפּעל אַ פאַרהער. אין דער קאַנצעלאַריע זיצט אונזער לייטע-נאַנט בערטינק און רופט אויס איינעם נאָכן אַנדערן.

איך מוז אויך אַרויסטרעטן ווי אַן עדות און קלער-אויף, פאַר-וואָס טיאַדען האָט ווידערגעשפּעניקט. די געשיכטע מיט די בעט-נעצערס מאַכט אַן איינדרוק. מ'רופט אַריין הימלשטאָסן און איך דערצייל-איבער מיין עדות-זאָגעריי.

— דאָס שטימט? — פרעגט בערטינק הימלשטאָסן.

יענער פּרוּווט זיך אַרויסדרייען און איז מודה ערשט דעמאָלט, ווען קראַפּ דערציילט אויך דאָס אייגענע.

— פארוואָס האָט קיינער באַלד דעמאָלט נישט געמאָלדן? — פרעגט בעטערינק.

מיר שווייגן. ער פאַרשטייט דאָך, מסתמא, אַליין, וואָס פאַר א צוועק ס'האָט פאַר א זעלנער צו באַקלאָגן זיך ביי אַזעלכע קליי-ניקייטן. און צי קאָן מען אין מיליטער בכלל זיך קלאָגן אויף עמעצן? ער כאַפּט זיך, אַפּנים, דערויף, מוסרט קודם-כל אָפּ הימלשטאָסן און גיט אים ענערגיש צו פאַרשטיין, אַז דער פראָנט איז נישט קיין קאַזאַרמע. דערנאָך נעמט ער זיך נאָך פעסטער צו טיאַדענען, וואָס דארף אויסהערן א גרויסע דרשה און באַקומט דריי טעג מיטל-אַרעסט. קראָפּן פּסקנט ער צו בלינצלענדיק א טאָג אַרעסט. — אַנדערש קאָן עס נישט גיין — זאָגט ער צו אים מיט באַדויערן. ער איז א קלוגער חברה-מאַן.

מיטל-אַרעסט איז אָנגענעם. דער אַרעסט-לאָקאַל איז אַן אַמאָ-ליקע הינער-שטאַל. ביידע אַרעסטאַנטן קאָנען דאָ אַפילו אויפנעמען געסט. מיר ווייסן שוין ווי אַזוי זיך אַריינצוקריגן. שווערער אַרעסט וואָלט געווען אין א קעלער. אַמאָל פלעגט מען אויך צובינדן צו א בוים, אָבער איצט טאָר מען דאָס נישט. טיילמאָל באַהאַנדלט מען אונז פאַרט ווי מענטשן.

א שעה נאָכדעם, ווי טיאַדען און קראָפּ זענען אַריינגעזעצט געוואָרן הינטער די דראָטענע קראַטעס, כאַפּן מיר זיך צו צו זיי אַריין. טיאַדען באַגריסט אונז קרייענדיק. דערנאָך נעמט מען שפּילן אין קאָרטן ביז נאַכט. טיאַדען האַלט נאַטירלעך אין איין געווינען, דאָס נארישע שטיק פלייש.

*

פאַרן אוועקגיין פרעגט מיך קאַט: — וואָס זאָגסטו עפּעס צו געבראָטן גענדזנס?

— נישט שלעכט — האַלט איך.

מיר קלעטערן אַרויף אויף אַן אַמוניציע-קאָלאָנע. דער דאָזיקער פאַרגעניגן קאָסט אונז צוויי פּאַפּיראָסן. קאַט האָט זיך גענוי פאַר-צייכנט דאָס אָרט. די שטאַל געהער צו א רעגימענט-שטאַב. איך

בין גרייט צו נעמען די גאַנז און לאָז מיר געבן אינסטרוקציעס. די שטאַל איז הינטער אַ מויער, אָבער בלויז פאַרשפאַרט מיט אַ פלאָקן.

קאַט שטעלט מיר אונטער די הענט, איך שפאַר מיך אָן מיט אַ פוס און נעם קלעטערן איבער דער מויער. קאַט האַלט דערווייל שמירה.

עטלעכע מינוט בלייב איך שטיין, כדי צוצוגעווינען די אויגן צו דער פינצטערניש. דערנאָך דערקען איך די שטאַל. איך קריך פאַמעלעך צו, טאַפ-אָן דעם פלאָקן, הויב אים אפער און עפן די טיר.

איך דערזע צוויי ווייסע פלעקן. צוויי גענז — דאָס איז אַ פוילער עסק. נעמט מען איינע, הויבט אָן די אַנדערע צו שרייען. הייסט עס — ביידע. ווען כ'זאָל זיין פלינק — וועט גיין אָן אַרבעט.

איך שפרינג צו פלוצלינג. איינע דערטאַפ איך תיכף, אין אַ רגע שפעטער — די צווייטע. ווי משוגע—נעם איך קלאַפן זייערע קעפלעך אין דער וואַנט, כדי זיי צו פאַרטייבן. אָבער כ'האָב, מסתמא, נישט גענוג כוח דערצו. די בעסטיעס קרעקן זיך און קלאַפן מיט די פיס און מיט די פליגל. איך קעמף עקשנותדיק, אָבער — צו אַלדי רוחות ווי נעמען זיך צו גענז אַזעלכע כוחותן זיי רייסן זיך, אַז איך וואַקל זיך אַזש. אין דער פינצטערניש זעען-אויס אָט-די ווייסע שטיקער פאַסקודנע. מיינע הענט האָבן באַקומען פליגל, כ'האָב כמעט מורא, כ'זאָל נישט אַמאָל אַרויספליען אין הימל אַריין, גלייך ווי ס'זאָלן מיר נאָכהענגען אַ פאָר לופטבאַלאָנען אויף די לאַפעס.

סוף-כל-סוף ווערט אַ ליאַרם. איינער פון די העלזער האָט אַ כאַפ געטון לופט און גענומען כריפען, ווי אַ וועק-זייגער. נאָך איידער כ'קוק מיך אום, גיט זיך עפעס אַ רוק אַריין פונדרויסן, כ'קריג אַ שטויס, בלייב ליגן אויף דער ערד און דערהער אַ בייז וואָרטשען— אַ הונט. כ'גיב אַ קוק אין אַ זייט — ער ניוכעט שוין צו מיין האַלז.

כ'בלייב תיכף ליגן שטיל און באַהאַלט קודם-כל דעם האַלז אין קאָלנער.

ס'איז אַ דאָג-הונט. ס'דויערט אָן אייביקייט. צום סוף נעמט ער צוריק אַוועק דעם קאָפ און זעצט זיך אַוועק לעבן מיר. פונדעסטוועגן, ווי נאָר איך גיב מיך אַ ריר, נעמט ער וואָרטשען. איך בין מיך מיישב. דאָס איינציקע וואָס ס'לאָזט זיך טון, איז אַרויסקריגן פון

קעשענע מיין קליינעם רעוואָלווער. אַלנפאַלס מוז איך אַנטלויפן פון דאַנען, איידער ס'וועלן אָנקומען מענטשן. צענטימעטערווייז רוק איך אַריין מיין האַנט אין קעשענע.

כ'האָב אַ געפיל, אַז ס'געדויערט שעהן-לאַנג. כסדר רירט זיך עפּעס און ס'האַלט אין איין וואַרטשען אויף אַ נעפערלעכן אופן. מ'דאַרף ליגן שטיל און יעדעסמאָל פּרווון פונסניי. ווען כ'האָב שוין דעם רעוואָלווער אין דער האַנט, הויבט זי אָן ציטערן. איך לייג זי אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע און ס'ווערט מיר קלאָר: אַ ריס טון דעם רעוואָלווער אינדערהויך, אויסשיסן, איידער ער כאַפּט מיך אָן, און מאַכן פּליטה.

איך עטעם אָפּ פּאַמעלעך און ווער רויקער. דערנאָך האַלט איך איין דעם אָטעם, טו אַ צי דעם רעוואָלווער אינדערהויך. ס'גיט אַ קנאַל, דער דאָג-הונט פאַלט אַוועק מיט אַ יללה. איך דערטאַפּ די טיר פון שטאַל און איך פאַל איבער אַן אַנטלאָפענער גאַנז.

אין גאַלאָפּ כאַפּ איך זי גיך אָן, גיב זי אַ וואָרף איבער דער מויער און אַליין קלעטער איך נאָך. נאָך איידער כ'באַוויז אַריבערצו-קריכן, ווערט דער דאָג-הונט ווידער לעבעדיק און שפּרינגט גלייך צו מיר. איך וואַרף זיך אַראָפּ אינדערגיך. צען טריט פאַר מיר שטייט קאַט מיט דער גאַנז אונטערן אָרעם. תיכף ווי ער דערזעט מיך, נעמען מיר אַנטלויפן.

סוף-כל-סוף עטעמען מיר אָפּ. די גאַנז איז טויט. קאַט האָט דאָס ערליידיקט אין איין רגע. מיר ווילן זי גלייך אָפּבראָטן, כדי ס'זאָל קיינעם נישט איינפאַלן קיין חשד. איך ברענג צו טראָגן פון באַראַק טעפּ און האָלץ און מיר קריכן אַריין אין אַ קליינער, פאַר-לאָזטער שאָפּע, וואָס נוצט אונז בלויז אויף אַזעלכע צוועקן. דאָס איינציקע פענצטער-לאָך ווערט גוט פאַרהאָנגען. אַ מין קיך איז פאַראַן. אויף באַק-שטיינער ליגט אַן אייזערנע פּליטע. מיר מאַכן פייער.

קאַט פליקט אָפּ די גאַנז און גרייט זי צו אין טאָפּ אַריין. די פעדערן לייגן מיר זאָרגעוודיק אַוועק אין אַ זייט, מיר ווילן דערפון מאַכן צוויי קליינע קישעלעך מיט אויפשריפטן: „שלאָף רויק אין קוילן-האָגל״.

דאָס אַרטילעריע-פֿייער פֿון פֿראָנט זשומעט איבער אונזער מקום-מקלט. איבער אונזערע פֿנימער פֿלאַקערט-אויף אַ ליכטשיין. שאָטנס טאַנצן איבער דער וואַנט. טײלמאָל גיט אַ טעמפּן קראַך און די שאָפֿע נעמט ציטערן. פֿלי-באָמבעס. איינמאָל דערהערן מיר צוגעדושעטע געשרייען. ס׳האָט, מסתמא, געטראָפֿן אין אַ באַראַק.

פֿלי-מאַשינען רוישן. דער טאַק-טאַק פֿון מאַשין-געווער ווערט העכער. אָבער פֿון אונז דרינגט נישט אַרויס קיין שום שיין, וואָס מ׳וואָלט געקאָנט דערזען.

אַזוי זיצן מיר איינער אַקעגן אַנדערן, קאַט און איך, צוויי סאָלדאַטן מיט אָפּגעריבענע רעק און מיר בראָטן אַ גאַנצן אינמיטן דער נאַכט. מיר רעדן נישט אַסך, אָבער מיר פֿילן זיך אַסך נענטער איינער צום אַנדערן, ווי ס׳קאָן זיין, מיין איך, אַפֿילו אַ פֿאַרליבט פּאָרל. מיר זענען צוויי מענטשן, צוויי איינציקע פֿונקען לעבן. אינדרויסן איז נאַכט און די ממשלה פֿון טויט. מיר זיצן ביי איר גרענעץ, באַהאַלטענע און פֿול מיט סכנה. איבער אונזערע הענט טריפֿט פֿעטס; אונזערע הערצער זענען זיך נאָענט און די צייט זעט אויס, ווי דער חלל: ליכט און שאָטן פֿון אונזערע געפֿילן ציטערן אַקעגן שטילן פֿלאַקער. וואָס ווייסט ער פֿון מיר — וואָס ווייס איך פֿון אים. אַמאָל וואָלט קיין שום געדאַנק אונזערער נישט געווען ענלעך איינער צום אַנדערן. איצט זיצן מיר פֿאַר אַ גאַנז און מיר פֿילן אונזער עקזיסטענץ און מיר זענען זיך אַזוי נאָענט, אַז ס׳ווילט זיך אַפֿילו נישט רעדן וועגן דעם.

אַ גאַנז אָפּצובראָטן געדויערט לאַנג, מעג זי אַפֿילו זיין אַ יונגע און אַ פֿעטע. דערפֿאַר פֿאַרביטן מיר איינער דעם אַנדערן. בשעת איינער שטייט און באַגיסט זי, כאַפּט דערווייל דער צווייטער אַ דרימל. ביסלעכווייז פֿאַרשפּרייט זיך אַ געשמאַקער ריח.

פֿון די רוישן אינדרויסן וואַקסט-אויס איין גרויסער רויש, איין חלום, ביי וועלכן דער זכרון ווערט, אָבער, נישט אינגאַנצן אָפּגעווישט. האַלב-שלאָפֿנדיקע זע איך, ווי קאַט הויבט אויף דעם לעפֿל און שטעקט אים צוריק אַריין. כ׳האָב אים ליב, זיינע אַקסלען, זיין קאַנטיקע, געבויגענע געשטאַלט — און אין דער זעלבער צייט זע איך הינטער אים וועלדער און שטערן. עפּעס אַ האַרציק קול רעדט

צו מיר ווערטער, וואָס באַרויקן; צו מיר, אַ זעלנער מיט גרויסע שטיוול, מיט אַ טאָרבע און אַמוניציע-פּאַסעק, וואָס גייט אונטערן הויכן הימל זיין וועג; אַ מענטש, וואָס פאַרגעסט גיך און איז בלויז זעלטן טרויעריק; וואָס גייט תמיד אַלץ ווייטער אונטער דעם גרויסן נאַכטיקן הימל.

אַ קליינער זעלנער און אַ האַרציק קולן און ווען מ׳זאָל אים נאָך וועלן אַ גלעט טון, וואָלט עס שוין זיכער איבערגעגאַנגען זיין השגה, אַזוי איז ער, דער סאָלדאַט מיט די גרויסע שטיוול און מיטן פאַרשטאָפּטן האַרץ, ער, וואָס מאַרשירט, ווייל ער טראָגט שטיוול און האָט שוין אין אַלעמען פאַרגעסן, אַחוץ אין מאַרשירן. ס׳זענען דען נישטאָ ערגעץ ביים האָריזאָנט בלומען און אַ לאַנדשאַפט, וואָס איז אַזוי שטיל, אַז ס׳גלוסט זיך אים צו וויינען, דעם סאָלדאַט? ס׳שטייען דען דאָרטן נישט בילדער, וועלכע זענען פאַר אים נישט פאַרלוירן געוואָרן דערפאַר, ווייל ר׳האָט זיי קיינמאָל נישט געזען, נישט-קלאָרע, אָבער פונדעסטוועגן איבערגעלאָפענע? שטייען דאָרטן נישט זיינע צוואָנציק יאָר?

איז מיין פּנים נאַס? און ווו בין איך? קאַט שטייט פאַר מיר. זיין ריזיקער, געבויגענער שאָטן פאַלט איבער מיר אַזוי היימיש. ער רעדט שטיל, ער שמייכלט און גייט צוריק צו צום פייער.

דערנאָך זאָגט ער: — שוין פאַרטיק.

— יאָ, קאַט.

איך שאָקל מיך. אינמיטן דער שאָפע שיינט אַרויס דאָס ברוי-נע געבראָטנס, מיר נעמען אַרויס אונזערע צונויפגעלייגטע גאָפּלען און אונזערע מעסערלעך און יעדער שניידט זיך אָפּ אַ שטיק. דערצו עסט מען צו זעלנעריש ברויט, וואָס מיר טונקען אין בראָט-יויך. מיר עסן פּאַמעלעך און מיט גרויס תענוג.

— ס׳איז גוט, קאַט?

— גוט, און וואָס זאָגסטו?

— ס׳איז גוט, קאַט.

מיר זענען ברידער און רוקן אונטער איינער דעם אַנדערן די בעסטע שטיקער. דערנאָך פאַררויכער איך אַ פּאַפּיראָס, קאַט אַ צי-גאַר. ס׳איז נאָך איבערגעבליבן אַסך.

— וואָס זאָגסטו דערצו, מיר זאָלן קראָפּן און טיאַדרענען אויך אהינטראָגן אַ שטיקל נעבראָטנס?

— געמאַכט — ענטפערט ער. מיר שניידן אָפּ אַ פּאָרציע און וויקלען זי זאָרגעוודיק איין אין צייטונגס-פּאַפּיר, דעם רעשט וואָלטן מיר געוואָלט מיטנעמען פאַר זיך אין די באַראַקן. אָבער קאַט לאַכט און זאָגט בלויז דאָס איינציקע וואָרט: — טיאַדרען.

איך פאַרשטיי, וועגן וואָס ס'גייט. מיר מוזן מיטנעמען אַלץ. באַלד דערנאָך לאָזן מיר זיך אַרויס צו דער הינטער-שטאַל, כדי ביידע אויפצוועקן. פריער רוימען מיר צו די פעדערן.

קראָפּ און טיאַדרען מיינען אין אָנהויב, אַז ס'איז אַ חלום. דערנאָך נעמען זיי זיך צום רייבן. טיאַדרען האַלט אין מויל אַ פליגל, ווי אַ האַרמאָניקע מיט ביידע הענט און ער קייט. ער זויפּט-אויס דאָס פעטס פון טאָפּ און סמאַקעוועט: — דאָס וועל איך אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

מיר גייען צוריק אין די באַראַקן. דער הויכער הימל איז אויסגעשטערנט און פאַרטאָגיק און איך שפּאַן אונטער אים — אַ סאָלדאַט מיט גרויסע שטיוול און אַ פולן בויך, אַ קליינער זעלנער אין פרימאָרגן. אָבער לעבן מיר גייט אַ געבויגענער און קאַנטיקער קאַט, מיין חבר.

די קאָנטורן פון די באַראַקן טיילן זיך אויס פאַר אונז אין דער פאַרטאָגיקייט, ווי אַ שוואַרצער, גוטער שלאָף.

## VI

מ׳מורמלט עפּעס וועגן אַן אָפּענסיווע. מיר גייען אַוועק אויפֿן פראָנט מיט צוויי טעג פריער, ווי דער שטייגער איז. אויפֿן וועג גייען מיר פאַרבײַ דורך אַ צעשאָסענע שול. לענג־אויס איז אויפגעשטעלט אַ צווייטע הויכע מויער פון נייע, ווייסע נישט־פּאָלירטע טרומנעס. ס׳שמעקט פון זיי מיט זשיוויצע, בוים און וואַלד. ס׳איז דאָ פאַראַן מינדסטנס הונדערט.

— מ׳האָט זיך גוט צוגעגרייט צו דער אָפּענסיווע — זאָגט מיללער אַ דערשטוינטער.

— דאָס איז פאַר אונז — מרוקעט דעטערינג.

— רעד נישט קיין שטותים — האַקט אים קאַט איבער.

— פריי דיך, וואָס וועסט כאָטש קריגן אַ טרומנע — ווינקט מיט חוזק טיאַדען. פאַר דיין שים־בײַדל־פיגור וועט מען יוצא זיין מיט אַ לײַוונט־געצעלט.

די איבעריקע וויצלען זיך אויך, פוילע וויצן. אַ ברירה האָט מען? די טרומנעס זענען דאָך ממש פאַר אונז. אויף אַזעלכע זאַכן פונקציאָנירט די אָרגאַניזאַציע.

אויפֿן פראָנט קאָכט זיך אומעטום. אין דער ערשטער נאַכט פרוון מיר אַרומקוקן זיך, ווו מ׳איז. עס איז גראָד גאַנץ שטיל און מיר הערן, ווי ס׳ציען זיך טראַנספּאָרטן הינטער דעם קעגנערישן פראָנט, אומאויפהערלעך, ביז אין פאַרטאָג אַריין. קאַט זאָגט, אַז זיי פאָרן נישט אַוועק, נאָר אַז זיי ברענגען נייע אָפּטיילונגען, אַמוניציע, האַרמאַטן.

די ענגלישע אַרטילעריע איז פאַרשטאַרקט, דאָס הערן מיר תיכף. רעכטס פון דער פאַרמע שטייען מינדסטנס פיר באַטעריען 20,5 און הינטער דעם אָפּגעהאַקטן טאָפּאָל־שטאַם זענען אײַנגעבויט מינען־וואַרפער. אויסערדעם איז צוגעקומען אַ געוויסע צאָל פון יענע קליינע פראַנצויזישע בעסטיעס מיט צינדערס.

מיר זענען אין אַ געדריקטער שטימונג. נאָך דעם, ווי מיר ליגן צוויי שעה אונטער דער ערד, האָט פּלוצלינג אונזער אייגענע אַרטילעריע אָנגעהויבן צו שיסן צו אונז אין די גרובנס. אין משך פון פיר וואָכן געשעעט עס שוין צום דריטן מאָל. ווען ס׳וואָלט בלויז געווען אַ טעות אין צילן, וואָלט קיינער גאָרנישט געזאָגט, די מעשה איז אָבער די, וואָס די רערן זענען צו אָפּגענוצט. זיי וואַרפן די קוילן נאָך אין אונזער זייט, אַזוי אומזיכער ווערן גאַנץ אָפט די שאָסן. אין דער היינטיקער נאַכט האָבן מיר צוליב דעם געהאַט צוויי פאַרוווּנדעטע.

*

דער פראָנט איז אַ שטייג, אין וועלכן מ׳מוז, ווי נערוועז מ׳זאָל נישט זיין, וואַרטן אויפן גרייטן. מיר ליגן הינטער די קראַטעס פון די גראַנאַטן-בויגנס און לעבן אין געשפּאַנטקייט צוליב דער אומ-זיכערקייט. איבער אונז שוועבט דער צופאַל. ווען ס׳הויבן אָן פאַלן שאָסן, בויג איך מיך איין — דאָס איז אַלץ, וואָס כ׳קאָן טון. ווו ס׳וועט טרעפן — איז נישט איך וויים, נישט כ׳קאָן עפּעס טון דערצו.

טאַקע אָט די צופעליקייט מאַכט אונז גלייכגילטיק. מיט עט-לעכע חדשים צוריק בין איך געזעסן אין אַ שוץ-גראָבן און געשפּילט אין קאָרטן. דערנאָך בין איך אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען צו באַקאַנטע אין אַן אַנדער גרובן. ווען כ׳בין צוריקגעקומען, איז שוין פונעם ערשטן נישט געבליבן קיין זכר. ר׳איז אינגאַנצן צעריבן גע-וואָרן פון אַ שווערן טרעפער. כ׳בין צוריקגעגאַנגען צום צווייטן און געקומען גראָד צו דער רעכטער מינוט, ווייל כ׳האָב אים געדאַרפט העלפן אויפגראָבן. אין משך פון דער קורצער צייט איז ער דער-ווייל פאַרשיט געוואָרן.

פונקט אַזוי צופעליק, ווי ס׳קען מיך טרעפן, קאָן איך אויך בלייבן לעבן. אַמאָל קאָן איך צעקוועטשט ווערן אין אַ באָמבן-זיכערן באַהעלטעניש און אויפן פרייען פעלד אָפּשטיין צען שעה אין אַ האָגל פון קוילן און פונדעסטוועגן נישט פאַרוווּנדעט ווערן. יעדער

סאָלדאַט בלײַבט לעבן נאָר אַדאַנק טויזנט צופאַלן. און יעדער סאָלדאַט גלייבט און האָט צוטרוי צום צופאַל.

*

מיר מוזן אַכטונג-טון אויף אונזער ברויט. לעצטנס, זינט די גרובנס זענען מער נישט אַזוי אין אָרדנונג, ווי פריער, האָבן זיך גענומען מערן שטשורעס. דעטערינג האַלט דאָס פאַרן בעסטן סימן, אַז די לופט ווערט קאַליע.

די שטשורעס דאָ זענען באַזונדערס דערווידער צוליב זייער גרייס. ס׳איז פון דעם מין, וואָס מ׳רופט מתים-שטשורעס. זיי האָבן פאַסקודנע, בייזע, נאַקעטע פנימער און ס׳קאָן נישט גוט ווערן, ווען מ׳קוקט אָן זייערע לאַנגע, גלאַטיקע ווײַדלען.

זיי זענען, ווייזט אויס, שטאַרק אויסגעהונגערט. זיי האָבן אָפּגעגריזשעט דאָס ברויט כמעט בײַ אַלע זעלנער. קראָפּ האָט עס אײַנגעוויקלט אין געצעלט-לײַוונט און געלייגט צוקאָפּנס, אָבער ר׳האָט נישט געקאָנט אײַנשלאָפן, ווײַל זיי זענען אים געלאָפן איבערן פּנים און געוואָלט אַרויסשלעפּן. דעטערינג האָט געוואָלט זײַן אַ חכם. ער האָט צוגעבונדן צו דער דעקע אַ דינעם דראָט און דערויף אָנגעהאָנגען זײַן זעקל מיט ברויט. אָבער בײַנאַכט, ווען ער האָט אָנגעצונדן זײַן טאַשן-לעמפּל, האָט ער דערזען, ווי די דראָט וויגט זיך אַהין-און-אַהער. אויפן ברויט איז געריטן אַ פעטער שטשור.

ענדלעך האָבן מיר געמאַכט אַ סוף. די שטיקלעך ברויט, וווּ די שטשורעס האָבן געגריזשעט, האָבן מיר זאָרגעוודיק אויסגעשניטן. אינגאַנצן אַוועקוואַרפן דאָס ברויט האָבן מיר בשום-אופן נישט געקאָנט, ווען נישט, וואָלטן מיר מאָרגן נישט געהאַט וואָס צו עסן.

די אָפּגעשניטענע פּענעצלעך האָבן מיר אַלע צוזאַמען אַוועקגעלייגט אין מיטן אויף דער ערד. דערנאָך האָט יעדער אַרויסגענומען אַ שפּאַדעל און זיך אַוועקגעשטעלט לאָקערן. דעטערינג, קראָפּ און קאַט האָבן געהאַלטן גרייט זייערע טאַשן-לעמפּלעך.

נאָך עטלעכע מינוט האָבן מיר דערהערט דאָס ערשטע סמאַטשקען און רײַסן. ס׳איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, די קלײנפיסלדיקע באַ-

שעפעניש‍ן זענען געוואָרן מער. פּלוצלינג האָבן א בלישטש געטון די טאַשן-לעמפּלעך און אַלע זענען אַרויפגעפאַלן אויף דער שוואַרצער קופּע, וואָס האָט זיך באַלד גענומען צעלויפן. ס'איז אונז איינגעגאַנגען געראָטן. באַלד דערנאָך האָבן מיר אוועקגעשלעפּט די צעהאַקטע שטשורעס צום ראַנד פון גרובנס און זיך ווידער אוועקגעלייגט לאָקערן..

שפּעטער איז אונז נאָך עטלעכע מאָל כסדר געראָטן. דערנאָך האָבן די באַשעפעניש‍ן זיך, אַפּנים, אָנגעשטויסן, אָדער דערשפּירט דעם ריח פון בלוט, ווייל ס'איז שטיל געוואָרן. פונדעסטוועגן האָבן זיי צומאָרגנס ווידער אוועקגעשלעפּט די רעשטלעך פון דער ערד.

אין שכנותדיקן ווינקל זענען זיי באַפאַלן צוויי גרויסע קעץ און א הונט, צעביסן זיי און אָפּגעגריזשעט.

*

צומאָרגנס איז געווען אייזאַמער קעז. יעדער איינער האָט גע-קריגן א פערטל קעזל. דאָס איז נישקשה, ווייל אייזאַמער איז באַטעמט. אָבער ס'איז א פוילער עסק, ווייל ביז איצט זענען אַלעמאָל די דיקע רויטע קוילן קעז געווען א סימן, אַז ס'וועט שלימזלדיק. בעת מ'האָט גענומען טיילן שנאַפּס, איז אונזער חשד נאָך גרעסער געוואָרן. דערווייל טרינקען מיר. אָבער ס'איז אונז דערביי שלעכט אויפן האַרץ.

אין משך פון טאָג האָבן מיר געמאַכט וועט-שאָסן אויף שטשו-רעס און זיך אַרומגעשלעפּט. מיר באַקומען איצט מער פּאַטראָנען און האַנטגראַנאַטן. מיר אַליין רעווידירן די באַיאָנעטן, ווייל ס'זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס אויף דער שטומפּיקער זייט זענען זיי זעגן. ווען יענע דאָרטן כאַפּן עמעצן דערמיט, איז ער אָפּגעקוילעט אויף אייביק. אין דער שכנותדיקער אָפּטיילונג האָט מען געפונען עטלעכע אונזערע מענטשן, ביי וועלכע די נעז זענען אָפּגעשניטן געוואָרן און די אויגן אויסגעשטאָכן פון אַזאַ מין זעג-געווער. דערנאָך האָט מען זיי אויגן און נאָז אָנגעשטאָפּט מיט זעגעכץ און אַזוי-אַרום דערשטיקט.

עטלעכע רעקרוטן האָבן נאָך זייט-געווער פון דעם מין. מיר נעמען דאָס בײַ זיי צו און מיר פֿאַרזאָרגן זיי מיט אַנדערס.

בכלל האָט דאָס זייטן-געווער פֿאַרלוירן דעם ווערט. אין שטורם איז לעצטנס די מאָדע צו באַנוצן זיך בלויז מיט האַנט-גראַנאַטן און שפּאַדלעס. אַ געשאַרפטע שפּאַדלע איז אַ לייכטערער כלי-זין און אַ פילזייטיקערער. מיקאָן דערמיט נישט בלויז פֿאַרפֿאָרן אונטער דער נאָמבע, נאָר קודם-כל דערמיט שלאָגן און דאָס האָט מער וואָג, איבער-הויפּט ווען מ'טרעפט קרומלעך צווישן אַקסל און האַלז, קאָן מען אַריינשניידן ביז דער ברוסט. אין שטעך-קאַמף בלייבט דאָס זייט-געווער אָפט שטעקן. מ'מוז פריער יענעם מיטן גאַנצן כוח אַ טרעט טון אין בויך אַריין, ביז מ'קריגט עס אַרויס. דערווייל קאָן מען אַליין אַרײַנכאַפּן. אַחוץ דעם ברעכט זיך עס טײלמאָל אָפּ.

ביינאַכט לאָזט מען אָפּ גאַז. מיר ריכטן זיך אויף דער אַטאַקע און ליגן מיט די מאַסקעס אויף די פּנימער, גרייט זיי אַראָפּצורייסן, ווי נאָר ס'וועט זיך באַווייזן אַ שאָטן פון אַ מענטש.

דער פֿאַרטאָג הויבט אָן גרויען און ס'איז דערווייל נאָך גאָר-נישט געשען. מ'הערט בלויז אין יענער זייט דאָס כסדרדיקע פֿאָרן, וואָס צערייסט פּשוט די נערוון. צוגן, צוגן, משא-וואָגנס, משא-וואָגנס, — וואָס אַלץ קאָנצענטרירט זיך דאָ נישט? אונזער אַרטילעריע גיט זיי כסדר צו שמעקן פולווער, אָבער ס'הערט נישט אויף, ס'הערט נישט אויף.

מיר האָבן מידע פּנימער און קוקן איינער ערגעץ איבער דעם אַנדערן. — ס'וועט זיין, ווי בײַ דער סאָמע, ווו מיר האָבן געהאַט אַ פייער-האָגל זיבן טעג און זיבן נעכט דורכאַנאַנד, — זאָגט קאַט פינסטער. זינט מיר זענען אָט-דאָ, האָט ער זיך אויפגעהערט חכמה-נען, און דאָס איז אַ שלעכטער סימן, ווייל קאַט איז אַן אַלטער פראָנט-הונט און האָט אַ חוש-הריח. בלויז טיאַדען פרייט זיך מיט די גוטע פּאָרציעס און מיטן רום. ער האַלט אַפילו, אַז מיר וועלן צוריקגיין בשלום, ס'וועט גאָרנישט געשען.

ס'זעט כמעט אַזוי אויס. ס'גייט פאַרבײַ אַ טאָג נאָך אַ טאָג. בײנאַכט זיץ איך אין לאָך אויף אַ האָרך-פּאָסטן. איבער מיר הויבן זיך אויף און ס'פאַלן אַראָפּ די ראַקעטן און לייכט-שירמען. איך בין

פֿאַרזיכטיק און געשפּאַנט, מיין האַרץ קלאַפּט. מיין אויג איז כּסדר אָנגעשטעלט אויף דעם זייגער מיטן לייכטנדיקן ציפֿערבלאַט. דער וויי־זער שטייט אויף איין אָרט. אויף מיינע וויעס הענגט דער שלאָף. איך ריר מיט די פֿינגער אין די שטיוול, כּדי נישט איינצושלאָפֿן. ביז איך ווער פֿאַרביטן, געשעט גאָרנישט — בלויז דאָס כּסדרדיקע פֿאָרן אויף יענער זייט. מיר ווערן ביסלעכווייז רויקער און שפּילן כּסדר אין קאָרטן און אין משה־קוישע. אפֿשר וועלן מיר האָבן מזל.

דער הימל איז אַ גאַנצן טאָג באַהאָנגען מיט קייטן־באַלאָנען. מ׳שמועסט, אַז דאָסמאָל וועט דער שונא אויך באַנוצן טאַנקס און אינפֿאַנטיר־פֿליערס ביי דער אַטאַקע. אָבער דאָס אינטערעסירט אונדז ווייניקער, ווי די מעשה מיט די נייע פֿלאַמענוואַרפֿערס.

*

אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר זיך אויפֿגעכאַפּט. די ערד דונערט. אַ שטאַרק פֿייער גייט איבער אונדז. מיר באַהאַלטן זיך אין די ווינקלען, מיר דערקאָנען שאָסן פֿון אַלע מינים.

יעדער נעמט זיינע זאַכן און מ׳האַלט זיך יעדער רגע אין איין אָרומטאַפּן, צי זיי זענען נישט געלם געוואָרן. דער גרובן ציטערט, די נאַכט איז פֿול מיט שטורם און בליצן. מיר קוקן זיך אָן ביים סעקונדן־דויערנדיקן ליכט און שאָקלען די קעפּ מיט בלייכע פּנימער און פֿאַרביסענע ליפּן.

יעדער שפּירט, ווי די שווערע שאָסן רייסן אַוועק די גרובן־ווענט, ווי זיי גראָבן־דורך די וואַלן און צעברעקלען די אויבערשטע בעטאָן־קלעצער. אין דעם טעמפּערן, צעיושעטערן שאָס, וואָס איז ענלעך צום קלאַפּ פֿון די לאַפּעס ביי אַ סאַפּנדיקער, ווילדער חיה, דערקענען מיר, אַז ס׳האָט געטראָפֿן אין אַ גרובן. אינדערפֿרי זענען עטלעכע רעקרוטן שוין גרין און זיי ברעכן. זיי זענען נאָך ווייניק צוגעוווינט.

פּאַמעלעך און דערווידער נעמט אַריינרינען די גרויע שיין אין די הייל און מאַכט גרויער די שיסעריי־בליצן. ס׳איז פֿרימאָרגן. איצט מישן זיך אַריין אינעם אַרטילעריע־פֿייער עקספּלאָדירנדיקע מינעס.

דאָס דערפֿירט צו דער סאַמע ווילדסטער אויפֿטרייסלונג. דאָרט, וווּ זיי האָגלען אַריין, ווערט בֿאַלד אַ מאַסן-קבֿר. די פֿאַרבֿייטער גייען אַרויס, די באַבאַכטער קומען צוריק וואַקלענדיקע, פֿאַראומרייניקטע, ציטערנדיקע. איינער לייגט זיך שווייגנדיק אַוועק אין אַ ווינקל און נעמט עסן. אַן אַנדערער — אַן ערזאַץ-רעזערוויסט, כּליפֿעט. צוויי מאָל איז ער געפֿלויגן איבערן וואַל צוליבֿן לופֿטדרוק פֿון די עקספּלאָזיעס און אַריינגעכאַפּט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ נערוון-צעטרייסלונג.

די רעקרוטן קוקן זיך צו צו אים. עפּעס אַזוינס שטעקט אָן זייער גיך, מיר מוזן אַכטונג טון, ווייל פֿון אַלע זייטן הויבֿן ליפּן שוין אָן צו פֿלאַטערן. ס'איז נאָך גוט, וואָס ס'ווערט טאָג. אפֿשר וועט די אַטאַקע זיך אָנהויבֿן פֿאַרמיטאָג.

דאָס פֿייער ווערט נישט שוואַכער. ס'איז סאַמע הינטער אונז. ווי ווייט מ'קאָן זען, שפּריצן אייזן- און שמוץ-פֿאָנטאַנען. אַ ברייטער שטח ווערט בֿאַשאָסן.

די אַטאַקע הויבֿט זיך נישט אָן, אָבֿער די שאָסן הערן נישט אויף. מיר ווערן בּיסלעכווייז טויבֿ. עמעץ רעדט נאָך קוים אַרויס אַ וואָרט. מ'קאָן זיך אַפֿילו נישט פֿאַרשטענדיקן.

אונזער גרובֿן איז כּמעט אָפּגעווישט געוואָרן. אויף אַסך ערטער איז ער נישט העכער פֿון אַ האַלבֿן מעטער, פֿול דורכגעבֿויערט מיט לעכער, עפֿנונגען און בֿערגלעך ערד. דירעקט פֿאַר אונזער גרובֿ פֿלאַצט אַ גראַנאַט. ס'ווערט תּיכּף פֿינסטער. מיר זענען פֿאַרשיט געוואָרן און מוזן זיך אויפֿגראָבֿן. אין אַ שעה אַרום איז דער אַריינגאַנג ווידער פֿריי און מיר זענען מער בֿאַרויקט צוליבֿ דער אַרבֿעט.

אונזער קאָמפּאַניע-פֿירער קלעטערט אַריין און גיט צו וויסן, אַז צוויי גרובֿנס זענען פֿאַרשווונדן געוואָרן. די רעקרוטן בֿאַרויקן זיך, ווען זיי דערזעען אים, ער זאָגט, אַז היינט אין אָוונט וועט מען פּרוּוון צוצוברענגען עסן.

דאָס איז אַ שטיקל טרייסט, כאָטש קיינער האָט נישט געקלערט וועגן דעם, אַחוץ טיאַדענען. הייסט עס, אַז פֿונדעסטוועגן איז מען נאָך פֿאָרט נישט אַזוי אָפּגעריסן. אויבֿ מ'קאָן ברענגען עסן, איז נאָך נישט אַזוי שלעכט — טראַכטן די רעקרוטן. מיר שטערן זיי נישט.

מיר ווייסן, אַז עסן איז פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי אַמוניציע און בלויז דערפֿאַר מוז מען עס צופֿירן.

אָבער ס׳גערעט נישט. ס׳לאָזט זיך אַרויס אַ צווייטע גרופּע, אָבער זי מוז אויך צוריקקומען. צום סוף נעמט זיך דערצו קאַט, אָבער אַפֿילו ער קומט אויך צוריק מיט גאָרנישט. מ׳קאָן בשום-אופֿן נישט אַדורכגיין. דאָס מינדסטע באַשפּעניש וואָלט נישט אַדורך גאַנץ אין אַזאַ פֿייער.

מיר פֿאַרציען ענגער אונזערע פּאַסקעס און מיר קייען יעדער ביסן דריי מאָל אַזוי לאַנג. פֿונדעסטוועגן קלעקט נישט. ס׳שלאָגט אַרויף זייער אויף אַ פּאַסקודנע אופֿן. איך האָב מיר באַהאַלטן אַ סקאָרינקע. דאָס ווייכע האָב איך אויפֿגעגעסן און דאָס דאַרע בלייבט ליגן אין דער טאָרבע. אַלעמאָל גריזשע איך אָפּ אַ שטיקל.

*

די נאַכט איז נישט אויסצוהאַלטן. מיר קאָנען נישט שלאָפֿן. מיר שטייען און דרימלען. טיאַדען באַדויערט, פֿאַרוואָס מיר האָבן אַ תּל געמאַכט פֿון די אָפּגעגריזשעטע שטיקער ברויט ביים כאַפּן די שטשורעס. מיר וואָלטן זיי פּשוט געדאַרפֿט באַהאַלטן. יעדער וואָלט דאָס איצט געגעסן. וואַסער פֿעלט אונז אויך, אָבער נאָך נישט אַזוי שטאַרק.

פֿאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך טונקל, ווערט פּלוצלינג אַ מהומה. דורך דעם אַריינגאַנג רייסט זיך אַריין אַ מחנה אַנטלויפֿנדיקע שטשורעס און צעלויפֿן זיך איבער די ווענט. די טאַשן-לעמפּלעך באַלויכטן די בהלה. אַלע שרייען און שעלטן און שלאָגן. דער צאָרן און די פֿאַרצווייפֿלונג פֿון אַלע שעהן לאָדט זיך פּלוצלינג אויס. די פּנימער ווערן פֿאַרצערט, די הענט שלאָגן, די שטשורעס קוויטשען. ס׳איז פּשוט שווער אויפֿצוהערן, איינער איז כמעט גרייט אָנצופֿאַלן אויפֿן צווייטן.

דער אויסברוך האָט אונז פֿאַרמאַטערט, מיר ליגן און וואַרטן ווידער. ס׳איז אַ וווּנדער, הלמאי אונזער גרובן האָט נאָך ביז איצט נישט געהאַט קיין שום פֿאַרלוסטן. ס׳איז איינער פֿון די געציילטע טיפֿע גרובנס, וואָס זענען נאָך געבליבן.

ס׳קריכט אַריין אַן אונטעראָפֿיציר. ער טראָגט מיט זיך

אַ ברויט. דריי פֿאַרשוין איז געראָטן ביינאַכט זיך דורכצוגנבֿענען און צו ברענגען אַביסל פּראָוויאַנט. זיי האָבן דערציילט, אַז דאָס פֿייער גייט אין דער זעלבער שטאַרקייט ביז צו דער אַרטילעריע. ס׳איז פּשוט אַ רעטעניש, פֿון וואַנען זיי פֿון יענער זייט האָבן צוגעפֿנגעברענגט אַזוי פֿיל האַרמאַטן.

מיר מוזן וואַרטן, וואַרטן. מיטאָג-צייט נעשעט עפּעס אַזוינס, אויף וואָס כ׳האָב זיך שוין גערעכט. איינער פֿון די רעקרוטן באַקומט אַן אַנפֿאַל. כ׳האָב מיך שוין לאַנג צוגעקוקט צו אים, ווי ער האָט אַן אויפֿהער געמאַכט מיט די ציין און געהאַלטן אין איין ביילן און פֿאַרקוועטשן די פֿויסטן. אַט-די צערייצטע, אַרויסגעזעצטע אויגן קאָנען מיר שוין צו-גוט. אין דער לעצטער שעה האָט זיך בלויז געדוכט, אַז ער ווערט שטילער. ער איז צוזאַמענגעפֿאַלן, ווי אַ פֿרוכנער בוים.

איצט שטייט ער אויף. ער קריכט אַדורך אומבאַמערקט דורכן גרובן, בלייבט אַ ווײַלע שטיין און גליטשט זיך אַרויס צום אַרויסגאַנג. איך בייג מיך צו און פֿרעג: — וווהין ווילסטו גיין?

— כ׳וועל תיכּף צוריקקומען — זאָגט ער און וויל ווייטער גיין.

— וואַרט נאָך צו, דאָס פֿייער הערט דאָך שוין אויף.

ער האָרכט זיך צו און זיין אויג ווערט אַ ווײַלע קלאָר. דערנאָך באַקומט עס ווידער אַ מאַטן גלאַנץ, ווי ביי אַ משוגענעם הונט. ער שווייגט און שטופּט מיך אָפּ.

— איין מינוט, חבר — רוף איך. קאַט ווערט אויפֿמערקזאַם. גראָד דעמאָלט, ווען דער רעקרוט שטויסט מיך אַוועק, קומט ער אונטער און מיר האַלטן אים פֿעסט צו.

ער נעמט תיכּף ווילדעווען: — לאָזט מיך אָפּ, לאָזט מיך ירויס, כ׳וויל ירויסן

ער וויל פֿון גאָרנישט נישט הערן און האַקט אין אַלע זייטן. דאָס מויל איז נאַס און שפּריצט מיט ווערטער, האַלב-פֿאַרשלונגענע, אומזיניקע ווערטער. ס׳איז אַן אַנפֿאַל פֿון גרובן-שרעק. ס׳דוכט זיך אים, אַז ער וועט דאָ דערשטיקט ווערן און האָט בלויז איין דראַנג: אַרויסצוקומען. ווען מ׳לאָזט אים לויפֿן, וואָלט ער אַוועק ערגעץ אָן יענער דעקונג. ר׳איז נישט דער ערשטער.

אזוי ווי ער איז אָבער שטאַרק ווילד און די אויגן הויבן זיך שוין אָן צו פאַרדרייען, פועלט מער גאַרנישט. מיר מוזן אים אָנקאַטע-ווען, כדי ער זאָל קומען צום שכל. מיר טוען דאָס אינדערגיך, אָן רחמנות און דערגרייכן דערצו, אַז לעת-עתה ווערט ער ווידער רויק. אויך די איבעריקע זענען בלייך געוואָרן בעת דער דאָזיקר געשיכטע, און מיקאָן האָפן, אַז דאָס וועט אויף זיי אָנוואַרפן אַ מורא. אָט דער פייער-האָגל איז שוין צופיל פאַר די אומגליקלעכע חברה-לייט. פון פעלד-רעקרוטן-דעפאָ גלייך אַריינגעפאַלן אין אָט-דער צרה, פון וועל-כער אַן עלטערער מענטש קאָן אויך מיטאַמאָל גראָ ווערן.

נאָך אָט דער מעשה הויבט די שטיקנדיקע לופט נאָך מער זיך צו לייגן אויף אונזערע נערוון. מיר זיצן, ווי אין קבר און וואַרטן, ביז מ׳וועט אונז פאַרשיטן.

פלוצלינג נעמט אויסטערליש דונערן און בליצן. דער גרובן קראַכט אין אַלע ווינקלען אונטער אַ טרעפער. צום גליק איז עס אַ לייכטער און די בעטאָן-קלעצער האַלטן אים אויס. ס׳קלינגט מע-טאַליש און מוראַדיק, די ווענט שאָקלען זיך, ס׳פליען — געווער, העלמען, שטיקער ערד, שמוץ און שטויב. ס׳בלאָזט אַריין אַ שוועבל-רויך. ווען מיר וואָלטן איצט נישט געזעסן אין אַ פעסטן אונטער-ערד-גרובן, נאָר אין איינעם פון די לייכטע, ווי מ׳בויט לעצטנס, וואָלט איצט קיינער מער נישט געבליבן ביים לעבן.

אָבער דער רושם איז אַזוי-אויך גענוג אַ שטאַרקער. דער פריערדיקער רעקרוט אַרבעט שוין ווידער מעשים און נאָך צוויי אַנ-דערע העלפן אים צו. איינער כאַפּט זיך אַרויס און לויפט אַוועק. מיט די איבעריקע צוויי האָבן מיר אַ שווער שטיקל אַרבעט. איך וואַרף מיך אויף דעם אַנטלויפנדיקן און איך טראַכט, צי כ׳זאָל אים נישט אַמאָל אַ שאָס טון אין פוס אַריין. אָבער פלוצלינג נעמט ווי-דער פייפן. איך וואַרף מיך אַנידער, און ווען כ׳שטיי צוריק אויף, איז די גרובן-וואַנט אינגאַנצן באַדעקט מיט הייסע גראַנאַטן, שפּלי-טערס, מיט שטיקער פלייש און אוניפאָרם-שמאַטעס. איך קלעטער צוריק.

דער ערשטער איז, אפנים, באמת משוגע געוואָרן. ווען מ'לאָזט אים אָפּ, לויפֿט ער אַריין גלייך אין דער וואַנט, ווי אַ באָק. ביינאַכט זועלן מיר פּרוּוון אים אַוועקפֿירן. דערווייל בינדן מיר אים אויף אַזאַ אופן, אַז מ'זאָל אים קאָנען בעת דער אַטאַקע ווידער תּיכּף אויפֿבינדן.

קאָט לייגט פּאָר, מ'זאָל שפּילן אין קאָרטן. וואָס לאָזט זיך טון — אפשר וועט אַזוי זיין לייכטער. אָבער ס'לאָזט זיך אויס מיט גאָרנישט. יעדעס מאָל, וואָס אַ שאָס טרעפֿט נענטער, שטעלן מיר אָן די אויערן און מיר זענען זיך טועה ביים איינגעמען די קאָרטן, אָדער מיר גיבן נישט צום קאָליר. מיר מוזן אויפֿהערן. מיר זיצן, ווי אין אַ געוואַלדיק דונערנדיקן קעסל, אויף וועלכן מ'פּויקט פֿון אַלע זייטן.

נאָך אַ נאַכט. מיר זענען איצט טעמפּ פֿון געשפּאַנטקייט. ס'איז אַ טויטע געשפּאַנטקייט, וואָס קראַצט אין אונזער חוט-השדרה, ווי אַ מעסער מיט שטשערבן. די פֿיס דינען נישט מער, די הענט ציטערן, דער קערפּער איז ווי אַ דינע הויט איבער דעם קוים-איינגע-האַלטענעם שגעון, איבער אַן אומענדלעך רעווען, וואָס וועט תּיכּף אַרויסרייסן זיך אָן אָפּהאַלט. מיר האָבן מער נישט קיין פֿלייש און קיין מוסקולן; פֿון מורא פֿאַר עפּעס אומגעריכטס—קאָנען מיר מער זיך נישט קוקן אין די אויגן אַריין. מיר פֿאַרביסן די ליפּן — ס'וועט איבערגיין — ס'וועט איבערגיין — אפשר וועלן מיר פֿאַרט אַרויס פֿון דעם אַלעמען.

*

מיט איינמאָל הערן אויף די נאָענטע שאָסן. דאָס פֿייער הערט נישט אויף, אָבער ס'איז ווייטער, אונזער גרובן איז פֿריי. מיר נעמען די האַנט-גראַנאַטן, וואַרפֿן זיי פֿאַרן גרובן און מיר שפּרינגען אַרויס. דאָס האַרמאַטן-פֿייער האָט אויפֿגעהערט. דערפֿאַר, אָבער, גייט הינ-טער אונז אַ שווער פֿאַרהאַלט-פֿייער. די אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן.

קיינער וואָלט נישט געגלויבט, אַז אין דער דאָזיקער צעגראָבע-

נער וויסטעניש קאָנען זיך נאָך געפינען מענטשן. פונדעסטוועגן הויבן זיך אַרויס פון אַלע גרובנס שטאָל-העלמען און פופציק מעטער פון אונז ווערט שוין אויפגעשטעלט אַ מאַשין-געווער, וואָס נעמט תיכף שפּייען.

די דראָט-פאַרצוימונג איז צעפּיצלט, פונדעסטוועגן פאַרהאַלטן זיי נאָך וועמען. מיר זעען אָנקומען די שטורם-לייט. אונזער אַרטי-לעריע פייערט, מאַשינען-געווערן קנאַלן. פון יענער זייט פּרוווט מען זיך אַדורכרייסן. האַיע און קראָפ נעמען זיך צו די האַנט-גראַנאַטן. זיי וואַרפן אַזוי גיך, ווי זיי קאָנען. מ׳דערלאַנגט זיי די הענטלעך אָפּ-געצויגענערהייט. האַיע וואַרפט זעכציק מעטער ווייט, קראָפ פופציק. דאָס איז אויסגעפּרוווט און וויכטיק. זיי דאַרטן קאָנען גאָרנישט אויפטון ביים לויפן, איידער זיי קומען נישט צו דרייסיק מעטער פון אונז.

מיר דערקענען די אויסגעקרימטע פּנימער, די פלאַכע העלמען, דאָס זענען פראַנצויזן. זיי דערגרייכן צו די רעשטלעך פון די דראָט-פאַרצוימונגען און האָבן שוין בולטע פאַרלוסטן. אַ גאַנצע שורה ווערט אָוועקגעלייגט פונעם מאַשין-געווער, וואָס לעבן אונז. דערנאָך האָבן מיר אַסך שטערונגען ביים אָנלאָדן און זיי קומען צו נענטער.

כ׳זע, ווי איינער פון זיי פאַלט אַריין אין אַ „שפּאַנישן רייטער״*). דער קערפּער לאָזט זיך אַראָפּ, די הענט בלייבן הענגען, ווי אין אַ תפילה. דערנאָך פאַלט דער קערפּער אינגאַנצן אַראָפּ און אויפן דראָט בלייבן-הענגען בלויז די אָפּגעשאָסענע הענט מיט די שטיקלעך אָרעמס.

אין דער רגע, ווען מיר נעמען צוריקגיין, הויבן זיך אויף פון דער ערד דריי פּנימער. פון אונטער איין העלם קוקט אַרויס אַ שפּי-ציק בערדל און צוויי אויגן, וואָס זענען אָנגעשטעלט גלייך אויף מיר. כ׳הויב אויף די הענט, אָבער כ׳קאָן נישט אַ וואָרף טון דעם גראַנאַט אין אָט-די מאָדנע אויגן. אין משך פון איין משוגע-ווילדן

*) „שפּאַנישער רייטער״ איז אַ פאַרצוימונג פון קליינע געקרייצטע הילצערנע סלופּעס, וואָס זענען פאַרבינדן אין דער ברייט דורך אַ באַלקן פון אַ פינף-זעקס מעטער די לענג.

מאָמענט דרייט זיך אַרום מיר די גאַנצע שלאַכט, ווי אַ צירק, צוזאַמען מיט די פּאָר אויגן, וואָס זענען ווי פאַרגלייוועט. דערנאָך גיט זיך אַ הויב דער קאָפּ, אַ האַנט, אַ באַוועגונג — און מיין האַנט־גראַנאַט פליט שוין אַהין, אַריין אין אים.

מיר לויפן צוריק, שלעפּן אַריין אין די גרובנס „שפּאַנישע רייטער" און וואַרפן הינטער זיך אָפּגעצווינגענע האַנט־גראַנאַטן, וואָס פאַרזיכערן אונז אַ פייערדיקן צוריקגאַנג. פון דער נאָענטסטער שטע־לונג פייערן די מאַשין־געווערן.

מיר זענען געוואָרן געפערלעכע חיות. מיר קעמפן נישט, מיר פאַרטיידיקן זיך בלויז, כדי נישט אומצוקומען. מיר וואַרפן נישט די גראַנאַטן גראָד צו מענטשן. וואָס ווייסן מיר אין דער רגע וועגן דעם אַלעמען? דאָרטן יאָגט אויף אונז דער טויט מיט הענט און העל־מען. נאָך דריי טאָג — קוקן מיר אים ערשט איצט אָן פּנים אל פּנים, נאָך דריי טאָג — קאָנען מיר ערשט איצט דאָס ערשטע מאָל זיך אַקעגנשטעלן קעגן אים. ס'נעמט אונז אָן אַ משוגענער צאָרן. מיר ליגן נישט מער אוממעכטיקע און וואַרטן אויפן שאַפאָט. מיר קאָנען חרוב מאַכן און הרגענען, כדי אַזוי אַרום זיך צו ראַטעווען, און זיך ראַטעווען, זיך נוקם זיין.

הינטער יעדן ווינקל, הינטער יעדן געשטעל פון שטעכעדיקן דראָט זעצן מיר זיך איין און איידער מיר מאַכן פּליטה, וואַרפן מיר צו די פיס פון די נאָכיאָגער עקספּלאָזיע־קנוילן. די קראַכנדיקע האַנט־גראַנאַטן שיסן פעסט אין אונזערע הענט, אין אונזערע פיס. מיר לויפן איינגעהויקערטע, ווי קעץ. איינגאַנצן פאַרשלונגענע אין דער כוואַליע, וואָס טראָגט אונז, פילט אונז אָן מיט אכזריות, מאַכט פון אונז וועג־גזלנים, מערדערס, רוחות; אַט־די כוואַליע, וואָס גיט אונז טאָפּלטע כוחות מחמת מורא, צאָרן און תאווה צום לעבן, וואָס זוכט און קעמפט־אויס פאַר אונז דאָס לעבן. ווען דיין אייגענער פאָטער וואָלט געווען צווישן יענע דאָרטן, וואָלסטו זיכער נישט געקלערט אַסך און אים געגעבן מיטן גראַנאַט אין דער ברוסט אַריין!

די פאָדערשטע גרובנס גיבן מיר אָוועק. עס זענען דען נאָך גרובנס? זיי זענען צעשאָסן, חרוב. ס'זענען בלויז איינצלנע שטיקער פון גרובנס, לעכער פאַרייניקט מיט דורכגענג, הײלן, מער גאָרנישט.

אָבער די פאַרלוסטן פון יענע דאָרטן ווערן גרעסער. אויף אַזאַ ווידער־שטאַנד האָבן זיי זיך נישט גערעכנט.

ס׳וועדט מיטאָג־צייט. די זון ברענט שטאַרק, שווייס בייסט אונז אין די אויגן, מיר ווישן אים אָפּ מיט די אַרבל, טיילמאָל ווייזט זיך אויך בלוט. ס׳שיילט זיך אַרויס דער ערשטער אַביסל־בעסערער גרובן. ער איז באַזעצט און צוגעגרייט צו דער קאָנטער־אַטאַקע. ער נעמט אונז אַריין. אונזער אַרטילעריע נעמט מעכטיק שיסן און פאַר־האַלט די אַטאַקע.

די רייען הינטער אונז בלייבן שטיין. זיי קאָנען נישט גיין פאָרויס. די אַטאַקע ווערט צעשפּליטערט דורך אונזער אַרטילעריע. מיר לאָקערן. דאָס פייער שפּרינגט הונדערט מעטער ווייטער און מיר נעמען ווידער גיין פאָרויס. לעבן מיר ווערט ביי אַ געפרייטער אָפּ־געריסן דער קאָפּ. ער לויפט נאָך עטלעכע טריט און בשעת־מעשה זעצט אים דאָס בלוט פון האַלז, ווי פון אַ פאָנטאַן.

צו קיין האַנט־צוזאַמענשטויס ממש דערגייט נישט. יענע מוזן אָפּטרעטן צוריק, מיר קומען ווידער צו צו אונזערע חרובע גרובנס און גייען ווייטער פאָרויס.

אָ, אָט דאָס אויסדרייען זידן מיר זענען שוין געהאַט צוגע־קומען צו די שיצנדיקע רעזערוו־שטעלונגען. עס האָט זיך געוואָלט אַריינקריכן, פאַרשווונדן ווערן—איצט מוז מען אויסדרייען און צוריק אין דער בהלה אַריין. ווען מיר וואָלטן אין אָט דער רגע נישט געווען קיין אויטאָמאַטן, וואָלטן מיר געבליבן ליגן אויסגעמאַטערטע, אָן יעדער ווילן. אָבער מיר ווערן געצויגן פאָרויס, אָן יעדן ווילן און פונ־דעסטוועגן — משוגע־ווילד און צאָרניק. מיר ווילן הרגענען, ווייל יענע דאָרטן זענען אונזערע דם־שונאים, זייער געווער און זייערע גראַנאַטן זענען געווענדט קעגן אונז. אויב מיר וועלן פון זיי נישט אַ תל מאַכן, וועלן זיי פון אונז אַ תל מאַכן.

די ברוינע ערד, די צעריסענע, צעשפּאָלטן־ברוינע ערד, וואָס

גלאַנצט פּעט אונטער דער זון, איז דער הינטערגרונד פון דעם אומ־אויפהערלעכן טעמפּן אויטאָמאַטן־גאַנג. אונזער קייכן איז ווי דאָס סקריפּען פון אַ שפּרונג־פעדער, די ליפּן זענען טרוקן, דער קאָפּ איז מער אויסגעלייזדיקט, ווי נאָך אַ גאַנצער נאַכט שיכורן. — אַזוי אַרום טשאַפּען מיר פאָרויס. אין אונזערע צעשטאָכענע, דורכגעלעכערטע נשמות בויערט זיך טיף און ווייטיקלעך אַריין דאָס בילד פון דער ברוינער ערד מיט דעם פעטן זון־גלאַנץ און מיט די גוססדיקע און טויטע סאָלדאַטן, וואָס ליגן אַזוי, גלייך ס׳וואָלט גאָרנישט געקאָנט זיין אַנדערש, און וואָס כאַפּן אָן אונזערע פיס און שרייען, בעת מיר היפּערן איבער זיי.

מיר האָבן פאַרלוירן יעדעס געפיל איינער פאַרן אַנדערן. מיר דערקענען זיך כמעט נישט, בעת ס׳שיינט־אויף דאָס בילד פון אַ צווייטן אין אונזער געיאָגטן בליק. מיר זענען פאַרגליווערטע מתים, וואָס קאָנען נאָך לויפן און הרגענען צוליב עפּעס אַ קונץ, אַ געפער־לעכן כישוף.

אַ יונגער פראַנצויז בלייבט הינטערשטעליק. מ׳דעריאָגט אים. ער הויבט אויף די הענט. אין איינער האַלט ער נאָך דעם רעוואָלווער און מ׳קאָן נישט וויסן, צי ער וויל זיך אונטערגעבן, אָדער גאָר שיסן. אַ קלאַפּ מיטן שפּאַדעל צעשפּאַלט אים דאָס פּנים. אַ צווייטער זעט עס און פּרוווט אַנטלויפן. אַ באַגנעט פאַרפאָרט אים אין רוקן אַריין. ער גיט אַ שפּרונג אינדערהויך, די הענט פאַנאַנדערגעשפּרייט, דאָס מויל ברייט צעעפנט אין אַ געשריי און אַזוי נעמט ער לויפן אַ וואַק־לענדיקער. אין זיין רוקן שטעקט דער באַגנעט. אַ דריטער וואַרפט אַוועק דאָס געווער, קאָרטשעט זיך איין, די הענט פאַר די אויגן. ער בלייבט איבער מיט נאָך עטלעכע אַנדערע געפאַנגענע, כדי אַוועק־צוטראָגן פאַרוווּנדעטע.

פּלוצלינג דערגרייכן מיר יאַגנדיק צו דעם שונאס שטעלונגען.

מיר זענען אַזוי נאָענט צו די אַנטלויפנדיקע קעגנער, אַז ס׳גיט זיך אונז כמעט איין, צו קומען אַהין צוזאַמען מיט זיי. צוליב דעם האָבן מיר ווייניק פאַרלוסטן. אַ מאַשין־געווער בילט נאָך, אָבער אַ האַנט־גראַנאַט פאַרשטופּט אים ס׳מויל. פונדעסטוועגן קלעקן די פּאָר סעקונדעס דערצו, מען זאָל ביי אונז אַריינכאַפּן פינף בויך־שאָסן,

ביי איינעם פון די מאַשינען-געווער-שיסער, וואָס איז געבליבן נישט-פאַרוואונדעט, צערייבט קאַט דאָס פנים מיט דער קאָלבע. די איבעריקע דערשטעכן מיר, נאָך איידער זיי קריגן אַרויס זייערע האַנט-גראַנאַטן. דערנאָך זויפן מיר דורשטיק אויס דאָס קיל-וואַסער.

אומעטום קנאַקן דראָט-צוואַנגען, ברעטער קלאַפן איבער פאַרצוימונגען און אַזוי-אַרום שפרינגען מיר דורך די שמאָלע צוגענג אין די גרובנס אַריין. האַיע פאַרפאָרט מיט אַ שפאַדעל אַ ריזיקן פראַנצויז אין האַלז אַריין און וואַרפט דעם ערשטן האַנט-גראַנאַט. מיר בייגן זיך אַראָפ אויף עטלעכע סעקונדן הינטער דעם וואַל, דערנאָך ווערט דאָס גלייכע שטיק גרובן אַקעגן אונז ליידיק. קרימלעך איבערן ווינקל גיט אַ פייף דער צווייטער גראַנאַט און שאַפט אַ פרייען וועג. אינעם גייענ׳ג פאַלן אין די גרובנס אַריין אויפרייס-באַלן, די ערד ציטערט, ס׳קראַכט, ס׳זעצט אַ דאַמף און ס׳קרעכצט. מיר שטויסן זיך אָן אין גליטשיקע שטיקער פלייש און ווייכע קערפערס. איך פאַל איבער אַן אויפגעריסענעם בויך, אויף וועלכן ס׳ליגט אַ ניי, זויבער אָפיציר-היטל.

דאָס געשלעג הערט אויף. די פאַרבינדונג מיטן שונא רייסט זיך איבער. אָבער אַזוי ווי מיר קאָנען זיך דאָ לאַנג נישט האַלטן, ווערן מיר צוריקגעפירט צו אונזערע פאָזיציעס אונטערן שוץ פון אונזערע אַרטילעריע. תיכף ווי מיר ווערן דאָס געוואָר, וואַרפן מיר זיך אין דער גרעסטער איילעניש אַריין אין די נאָענטסטע גרובנס, כדי צו כאַפן, איידער מיר ציען אָפ, די קאָנסערוון און קודם-כל — די פושקעס מיט קאָרנעד-בעף און פוטער.

מיר קומען צוריק בשלום. לעת-עתה הויבט מען נישט אָן פון יענער זייט קיין שום ווייטערדיקע אַטאַקע. אַ גאַנצע שעה מוזן מיר ליגן, פאָכן מיט דער נשמה און רוען, ביז מיר קאָנען אַ וואָרט אַרויסרעדן. מיר זענען אַזוי שטאַרק אויסגעמאַטערט, אַז ביים גאַנצן הונגער פאַרגעסן מיר אין די קאָנסערוון. ערשט ביסלעכווייז באַקומען מיר צוריק אַ מענטשלעכע צורה.

דער קאָרנעד-בעף פון זיי דאָרטן איז באַרימט אויפן גאַנצן פראָנט. טיילמאָל איז ער אפילו דער הויפט-גורם צו אַן איבעראַשנ-

דיקן אָנפֿאַל מצד אונז, ווייל אונזער ערנערונג איז בכלל אַ שלעכטע. מיר זענען אַלעמאָל הונגעריקע.

סך-הכל האָבן מיר דערטאַפּט פינף פּושקעס. דער עולם דאָרטן קריגט צו עסן, אַז ס'איז אַ גן-עדן אַקעגן אונזער שטענדיקן הונגער און דער ריבן-מאַרמעלאַד, מיט וועלכער מ'שפּייזט אונז. פלייש וואַלגערט זיך פּשוט ביי זיי, מ'דאַרף בלויז אויסשטרעקן אַ האַנט און נעמען. האַיע האָט אַחוץ דעם געפּאַקט דאָרטן אַ ווייס, פראַנצויזיש ברייטל און עס פאַרשטעקט הינטערן פּאַסעק, ווי אַ שפּאַדעל. דאָס רעפטל איז אַביסל איינגענעצט מיט בלוט, אָבער מ'קאָן עס אוועקשניידן.

ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס מיר קאָנען זיך איצט גוט אָנעסן. מיר דאַרפן נאָך כוחות אויף שפּעטער. עסן צו דער זעט איז אַקוראַט אַזוי נוצלעך, ווי אַ גוטער גרובן. דערפאַר זענען מיר אַזוי גיריק דער-צו, ווייל ס'קאָן אונז פּשוט ראַטעווען פון טויט.

טיאַדען האָט אַפילו דערווישט צוויי פעלד-פלאַשן קאָניאַק. יעדער גיט אַ שלוק.

*

ס'הויבט זיך אָן דער געבענטשטער אָוונט. ס'ווערט נאַכט. פון די לעכער הויבט זיך אַרויס אַ נעפּל. ס'זעט-אויס, ווי די לעכער וואָלטן פול געווען מיט פאַרכישופטע סודות. די ווייסע פאַרע קייקלט זיך לאַנג און שרעקעוודיק ביים ראַנד, איידער זי צעגייט זיך ווייטער. דערנאָך ציען זיך לאַנגע פאַסן פון לאָך צו לאָך.

ס'איז קיל, איך שטיי אויף מיין פּאָסטן און גלאָץ אין דער טונקלקייט. כ'פיל זיך שוואַך, ווי אַלעמאָל נאָך אַן אַטאַקע און דער-פאַר ווערט מיר שווער צו בלייבן אַליין מיט מיינע געדאַנקען. אייגנטלעך זענען עס נישט קיין געדאַנקען. ס'זענען זכרונות אַזעלכע, וואָס באַפאַלן מיך אין מיין שוואַכקייט און רופן אַרויס אַן אויסטער-לישע שטימונג.

די לייכט-שירמען הויבן זיך אויף הויך—און כ'דערזע אַ בילד: אַ זומער-אָוונט, איך דריי זיך אַרום אונטער די הויף-פילאַרן פון דער

קירכע און קוק מיך צו צו די הויכע רויזן-קוסטעס, וואָס בליען אין מיטן פון קליינעם קרייז-גערטנדל, ווו ס׳ווערן באַגראָבן די גלחים. אַרום-און-אַרום שטייען די סקולפּטורן, וואָס באַצייכענען די סטאַציעס פון רויזנקראַנץ. קיינער איז נישטאָ, אַ גרויסע שטילקייט האָט אַרומגעכאַפּט דאָס בליענדיקע פּירעקיקע גערטנדל, די זון הויערט אַ ווארעמע אויף די דיקע גרויע שטיינער. כ׳ליג אַרויף די האַנט און שפּיר די וואַרעמקייט. איבערן רעכטן ראַנד פונעם דאַך בויערט זיך אַריין דער גרינער קירך-טורם אין דער מאַטער, ווייכער בלויקייט פונעם אָוונט. צווישן די קליינע, גלאַנציקע זיילן פון די אַרומיקע קאָרידאָרן ליגט אַ קילע טונקלקייט, אַזעלכע, וואָס איז נאָר פאַראַן אין קירכעס. כ׳שטיי דאָרטן און טראַכט וועגן דעם, אַז צו צוואַנציק יאָר וועל איך שוין קענען די אַלע פּלאַנטערנישן, וואָס קומען פון פרויען.

דאָס בילד איז דערשלאָגנדיק נאָענט, ס׳רירט מיך אָן און ס׳צעגייט ביים אויפפלאַם פון דער נאָענטסטער לייכט-קויל.

כ׳נעם אָן מיין געוועהר און ברענג עס אין אָרדנונג. די לופע איז פייכט. איך כאַפּ זי פעסט אַרום מיט דער האַנט און צערייב די פייכטקייט מיט די פינגער.

צווישן די לאָנקעס הינטער אונזער שטאָט האָט זיך ביים טייך געצויגן אַ שורה פון אַלטע טאָפּאָלעס. מ׳האָט זיי געזען פון גאָר-ווייט און כאָטש ס׳איז בלויז געווען איין שורה, האָט מען זיי פונדעסטוועגן גערופן די טאָפּאָלעס-אַלע. נאָך אין די קינדער-יאָרן האָבן מיר זיי באַזונדערס ליב געהאַט. זיי האָבן אונז צוגעצויגן אָן אַ פאַרוואָס. גאַנצע טעג זענען מיר דאָרטן אָפּגעזעסן און זיך צוגעהערט צו זייער שטילן רויש. מיר זענען געזעסן אונטער זיי ביים ברעג פון טייך און געהאַלטן די פיס אין די ליכטיקע, אײַליקע כוואַליעס. דער ריינער ריח פון וואַסער און די מעלאָדיע פון ווינט צווישן די טאָפּאָלעס האָבן אינגאַנצן באַהערשט אונזער פאַנטאַזיע. מיר האָבן זיי זייער ליב געהאַט און דער אָפּשיין פון יענע טעג מאַכט מיר נאָך איצט האַרצקלאַפּעניש.

ס׳איז מאָדנע, וואָס די אַנטלויפנדיקע זכרונות האָבן אַלעמאָל אָט-די צוויי אייגנשאַפטן. זיי זענען אַלעמאָל פול מיט שטילקייט — דאָס איז זייער שטאַרקסטע זייט. אַפילו אויב ס׳איז באמת נישט

געוועז אזוי ווייט שטיל — ווירקן זיי פונדעסטוועגן אזוי. עס זענען שטומע ערשיינונגען, וואָס רעדן צו מיר דורך בליקן און תנועות, אָן ווערטער און שווייגנדיק. זייער שווייגן דערשיטערט מיך און צווינגט מיך, כ׳זאָל יעדעס מאָל מיך אַ טאַפּ טון ביים אַרבל און ביים געוועזר, כדי נישט צו פּארגיין אין אָט-דער פאַנאַנדערפאַלונג, אין וועלכער מיין קערפּער וויל זיך אויסברייטערן און לייכט אריינפליסן אין די שטילע כוחות. אין יענער זייט פון זיין. די זכרונות זענען אזוי שטיל נאָר דערפאַר, ווייל עס איז אונז אזוי שווער צו באַנעמען שטילקייט. אויפן פראָנט איז נישטאָ קיין שטילקייט און די שליטה פון פראָנט גרייכט אזוי ווייט, אז מיר קאָנען קיינמאָל זיך נישט באַפרייען פון איר. אפילו אין די ווייט-אָפּגערוקטע דעפּאָס און רו-קוואַרטירן דערגייט נאָך אַלץ צום אויער דאָס זשומען און דאָס צוגעדושעטע קלאַפּן פון שאָסן. מיר זענען קיינמאָל נישט גענוג ווייט, מ׳זאָל עס נישט הערן. אָבער אין יענע טעג איז עס געווען אומדערטרעגלעך.

די שטילקייט איז גורם, אז די בילדער פון אמאָל זאָלן אזוי ווייט נישט דערוועקן פאַרלאַנגען, ווי טרויער. אַן אומגעהויערע, אומבאַהערשטע מרה-שחורה. עפּעס איז געווען, אָבער ס׳וועט מער נישט צוריקקומען. ס׳איז פאַרביי, ס׳איז אַ וועלט, וואָס איז פאַר אונז שוין אוועק. אויפן קאַזארמע-הויף האָבן אָט-די זכרונות אַרויסגערופן אַ ווילדן בונטאַרישן באַגער. דעמאָלט זענען זיי נאָך געווען פאַרבונדן מיט אונז. מיר זענען נאָך דעמאָלט געווען זייער און זיי — אונזער, כאָטש מיר זענען שוין געווען צעשיידט. זיי זענען אויפגעוועקט געוואָרן דורך די סאָלדאַטן-לידער, וואָס מיר האָבן געזונגען, בעת מיר האָבן צווישן רויטלעכן זון-אויפגאַנג און שוואַרצן וואַלדסילועט מאַרשירט צום סטעפּ אויף איבונגען. עס איז געווען אַ שטאַרקע דערמאָנונג, וואָס איז געווען אין אונז און פון אונז אַרויסגעוואַקסן.

אָבער דאָ אין די גרובנס איז אָט-די דערמאָנונג אוועק פון אונז. זי קומט נישט מער אויף אין אונז. מיר זענען טויטע און זי שוועבט איבערן האָריזאָנט, זי איז אַן ערשיינונג, אַ משונהדיקער אָפּ-

שיין, וואָס באַווייזט זיך, פֿאַר וועלכן מיר האָבן מורא און האָבן אים ליב אין יעדער האָפֿנונג. זי איז שטאַרק און אונזער באַגער איז שטאַרק, אָבער מיקאָן זי נישט דערגרייכן און מיר ווייסן דאָס. זי איז אַקוראַט אַזוי בחנם, ווי די האָפֿנונג צו ווערן אַמאָל אַ גענעראַל.

און ווען מיזאָל אונז אַפֿילו צוריקגעבן, אָט-די לאַנדשאַפֿט פֿון אונזער יוגנט, וואָלטן מיר אויך גאַנץ ווייניק געוווסט, וואָס צו טון מיט איר. די איידעלע און סודותדיקע כוחות, וואָס האָבן געשטראָמט פֿון איר צו אונז, קאָנען זיך מער נישט דערוועקן פֿונסניי. מיר וואָלטן געווען אין אָט-דער לאַנדשאַפֿט און אַרומגעגאַנגען אין איר; מיר וואָלטן זיך דערמאָנט אין איר, זי ליב געהאַט און גערירט געווען פֿון איר אויסזען. אָבער ס׳איז דאָס אייגענע, ווי בעת מ׳פֿאַרטיפֿט זיך אין דער פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ טויטן חבר: די שטריכן זענען זיינע, דאָס פּנים איז זיינס און די טעג, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט צוזאַמען מיט אים, ווערן כלומרשט צוריק לעבעדיק אין אונזער זכרון. אָבער ס׳איז פֿאָרט נישט ער אַליין.

מיר וואָלטן מער נישט געווען אַזוי פֿאַרבינדן מיט אָט-דער לאַנדשאַפֿט, ווי מיר זענען געווען אַמאָל. נישט איר שיינקייט און איר שטימונג האָט אונז דעמאָלט צוגעצויגן, נאָר דאָס בשותּפֿותדיקע צווישן אונז, דאָס פֿילן זיך פֿאַרברידערט מיט אַלע זאַכן און געשעענישן פֿון אונזער זיין, זי, וואָס האָט אונז אָפּגעזונדערט און גורם געווען, אַז די וועלט פֿון אונזערע עלטערן זאָל אונז אויסקומען אַביסל נישט פֿאַרשטענדלעך. ווייל מיר זענען צו אָט-דער לאַנדשאַפֿט אַלעמאָל געווען צאַרט צוגעבונדן און איבערגעגעבן, און יעדע מינדסטע קלייניקייט האָט אונז כאָטש איינמאָל געפֿירט אויפֿן וועג צו דער אומענדלעכקייט. אפשר איז עס בלויז געווען די פּריווילעגיע פֿון אונזער יוגנט. מיר האָבן נאָך נישט געזען קיין שום גרענעצן און אין ערגעץ זיך נישט געוואָלט פֿאָרשטעלן אַ סוף. מיר האָבן אין זיך געהאַט די ערוואַרטונג פֿון בלוט, וואָס האָט אונז צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם לויף פֿון אונזערע טעג.

היינט וואָלטן מיר זיך אין דער לאַנדשאַפֿט פֿון אונזער יוגנט אַרומגעדרייט ווי פֿרעמדע געסט. מיר זענען פֿאַרברענט פֿון פֿאַקטן. מיר קענען אונטערשיידן זאַכן, ווי סוחרים און פֿאַרשטייען דעם מוז,

ווי קצבים. מיר זענען מער נישט מענטשן אָן דאגות. מיר זענען מורא־דיק גלייכגילטיק. מיר וואָלטן דאָרטן געווען, אָבער צי וואָלטן מיר דאָרטן אויך געלעבט?

מיר זענען פאַרלאָזט, ווי קינדער און אויסגעפּרוווט, ווי אַלטע. מיר זענען רוי און טרויעריק און פלאַך. איך רעכן, אַז מיר זענען פאַרלוירענע.

*

מיינע הענט ווערן קאַלט און מיין הויט שווידערט, כאָטש די נאַכט איז אַ וואַרעמע. בלויז דער נעפּל איז קיל, אָט דער אומהיימ־לעכער נעפּל, וואָס קייקלט זיך איבער די מתים, פאַר אונז און זויגט אויס זייער לעצט ביסל באַהאַלטן לעבן. מאָרגן וועלן זיי זיין בלייך און גרין, זייער בלוט וועט זיין פאַרגליווערט און שוואַרץ.

די לייכט־שירמען הויבן זיך נאָך אַלץ אין דער הויך און וואַרפן זייער אומבּרחמנותדיקע ליכט איבער דער פאַרשטיינערטער לאַנד־שאַפט, וואָס איז פול מיט קראַטערס און קאַלטער שיין, ווי די לבנה. פונעם בלוט הינטער מיין הויט זעצט אין מוח אַריין אַ מורא און אַן אומרו. די געדאַנקען ווערן שוואַך און ציטערן, זיי דאַרפן וואַרעמ־קייט און לעבן. זיי קאָנען נישט אויסהאַלטן אָן טרייסט און אילוזיע. דאָס נאַקעטע בילד פון יאוש צעטומלט זיי אינגאַנצן.

כ׳הער דאָס אָנקלאַפּן זיך פון קיך־געפעס און באַקום תיכף אַ שטאַרקן חשק צו וואַרעם געקעכטס. ס׳וועט מיך מחיה זיין און מיך באַרויקן. איך האַלט זיך קוים איין נישט אוועקצוגיין, ביז מ׳וועט מיך פאַרבייטן.

שפּעטער גיי איך אַראָפּ אין גרובן און טרעף אַ בעכער מיט גרויפּן. זיי זענען געקאָכט פעט און באַטעמט. איך עס זיי פּאַמעלעך, אָבער איך בלייב שטיל, כאָטש דער איבעריקער עולם איז בעסער געשטימט: דאָס פייער האָט אויפגעהערט.

*

די טעג גייען און יעדער שעה איז אי אי נישט צו באַנעמען, אי זעלבסטפאַרשטענדלעך. ס׳גייען אַטאַקעס און קאָנטער-אַטאַקעס און די קופּעס טויטע אויפן צעלעכערטן פעלד וואַקסן פּאַמעלעך צווישן די גרובנס. די פאַרוווּנדעטע, וואָס ליגן נישט זייער ווייט פון אונז, קאָנען מיר על פּי רוב מיטנעמען. אַנדערע, אָבער, בלייבן ליגן און מיר הערן, ווי זיי שטאַרבן.

איינעם האָבן מיר אומזיסט אַרומגעזוכט אין משך פון צוויי טעג. ער איז, מסתמא, געלעגן אויפן בויך און זיך נישט געקאָנט אויסדרייען. ווען נישט איז נישט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר האָבן אים נישט געפונען. ווייל נאָר בעת מ׳שרייט מיטן מויל בײַ דער סאַמע ערד איז שווער צו וויסן, פון וואַנען ס׳קומט דאָס קול.

ער האָט, ווייזט אויס, געקריגן אַ שלעכטן שאָס, איינע פון יענע שלימזלדיקע ווונדן, וואָס זענען נישט גענוג שווער, כדי אָפּצושוואַכן אויף אַזוי ווייט דעם קערפּער ער זאָל אַזש אויסגיין אין האַלב-חלשות, און פון דער אַנדערער זייט — נישט גענוג לייכט מ׳זאָל קאָנען אויסהאַלטן די יסורים מיט דער האָפענונג צוריק אויסגעהיילט צו ווערן. קאַט האַלט, אַז אָדער דער שאָס האָט אים צעשמעטערט דעם בעקן, אָדער געטראָפן אין דער שדרה. די ברוסט איז, מסתמא, נישט פאַרוווּנדעט, ווען יאָ, וואָלט ער נישט געהאַט קיין כוח אַזוי פיל צו שרייען. ער וואָלט זיך אויך געקאָנט רירן בײַ אַן אַנדערער ווונד.

ער ווערט ביסלעכווייז הייזעריקער. דאָס קול האָט אַזאַ אומגליקלעכן קלאַנג, אַז אין יעדער זייט קאָן זיך אויסדוכטן, — עס קומט פון דאָרטן. אין דער ערשטער נאַכט זענען דריי מאָל אונזערע מענטשן אַרויס זוכן. אָבער וויפיל מאָל זיי האָבן כלומרשט געפּאַקט די ריכטונג און גענומען אַהינקריכן, — האָט זיך פּלוצלינג דאָס קול געלאָזט הערן ערגיץ אַנדערש.

מיר האָבן געזוכט אומזיסט ביז פאַרטאָג. אין משך פון טאָג האָט מען געפאָרשט דעם שטח מיט פאַרגרעסער-גלעזער, אָבער מען האָט גאָרנישט דערזען. צומאָרגנס איז דער פאַרוווּנדעטער געוואָרן שטילער. מ׳האָט דערקענט, אַז די ליפּן און דאָס מויל זענען בײַ אים אויסגעטריקנט.

אונזער קאָמפּאַניע-פירער האָט צוגעזאָגט דעם, וואָס וועט אים געפינען, דעם ערשטן אורלויב און דריי טעג פּאַר א צוגאָב. דאָס איז אַ געוואַלדיק מיטל, אָבער מיר וואָלטן סיי-ווי-סיי אַלץ געטון, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, ווייל די געשרייען זענען געווען מוראדיקע. קאַט און קראָפּ זענען אפילו נאָכמיטאָג ארויסגעגאַנגען נאָכאַמאָל. אָלבערטן האָט מען דערביי אָפּגעשאָסן דאָס לעפּל פון אויער. ס'איז אומזיסט, מ'איז צוריקגעקומען אָן אים.

דערביי הערט מען גאַנץ דייטלעך, וואָס ער שרייט. אין אָנהויב האָט ער כסדר גערופן הילף. אין דער צווייטער נאַכט האָט ער שוין געמוזט האָבן אַביסל היץ. ער האָט גערעדט מיט זיין פרוי און קינדער. מיר האָבן גאַנץ אָפּט דערהערט דעם נאָמען עליזע. היינט וויינט ער נאָך בלויז. אין אָוונט איז דאָס קול אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביז צו אַ קרעכצן און ער האָט אַזוי אָפּגעקרעכצט אַ גאַנצע נאַכט. מיר האָבן עס גוט געהערט, ווייל דער ווינט האָט געיאָגט אין דער זייט פון אונזער גרובן. צומאָרגנס, ווען מיר זענען זיכער געווען, אַז עס איז שוין לאַנג נאָך אַלעמען, האָט מען נאָך דערהערט אַ כאָרכלען פון גסיסה.

די טעג זענען הייסע און די טויטע ליגן נישט באַגראָבענע. מיר קאָנען נישט אַלע צונעמען, מיר ווייסן נישט, ווו זיי אהינצוטון. די גראַנאַטן באַגראָבן זיי שוין אליין. ביי אַ טייל ווערן די בייכער אָנגעלאָפן ווי באַלאָנען. זיי פייפן, גרעבצן און רירן זיך. דער גאַז רודערט אין זיי.

דער הימל איז בלוי און אָן וואָלקנס. אין אָוונט ווערט פאַרנע און פון דער ערד זעצט אַ היץ. דער ווינט, וואָס ווייעט אריבער צו אונז, טראָגט מיט זיך דעם ריח פון בלוט, וואָס איז שווער און דערווידערלעך, זיסלעך — עס איז דער מתים-דאַמף פון די לעכער ארויס, וואָס שפּירט זיך ווי אַ געמיש פון כלאָראָפאָרם און פוילונג און איז גורם, ס'זאָל נישט גוט ווערן און מ'זאָל ברעכן.

*

די נעכט ווערן רויק און ס'הויבט זיך אָן דאָס געיעג אויף די קופּערנע רינגען פון גראַנאַטן און זייד-שירמען פון פראַנצויזישע לייכט-קוילן. פאַרוואָס מ'יאָגט זיך אַזוי נאָך די קופּערנע רינגען ווייסט, אייגנטלעך, קיינער נישט גוט. די זאַמלער טענהן פּשוט, אַז די רינגען האָבן אַ ווערט. ס'זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס שלעפּן מיט זיך אַזויפיל, אַז זיי גייען קרום און איינגעבויגן אונטער דער משא בעת מיר טרעטן אָפּ.

האַיע האָט לכל הפּחות אַ תירוץ. ער וויל זיי שיקן דער כלה אַנשטאָט זאָקן-בענדלעך. דער דאָזיקער איינפאַל רופט, נאַטירלעך, אַרויס בײַ די פריזן אַ אומגעצוימטע לוסטיקייט. זיי קלאַפּן זיך אויף דער קני. דאָס איז אַ וויץ, צו אַלדי רוחות, האַיע איז באמת אַ יונג מיט ביינער. דער עיקר קאָן זיך נישט איינהאַלטן טיאַדען. ער האַלט אין דער האַנט איינעם פון די גרעסטע רינגען און ער האַלט אין איין אַריינקריכן מיטן פוס, כדי צו ווייזן, ווי לויז ס'איז נאָך. — האַיע, מענטש, יענע מוז שוין איינמאָל האָבן אַ פּאָר פיסן — באַלד נעמט די פאַנטאַזיע קריכן העכער. — און אַ הינטן מוז זי דאָרטן האָבן, ווי אַ העלפאַנט.

ער קאָן נישט גענוג אָנקווען. — מיט דער וואָלט איך אַמאָל געוואָלט אַ שפּיל-טון אין פאַטשעניש, דער רוח זאָל עס נעמען —

האַיע שטראַלט, וואָס זיין כלה האָט אַזויפיל אַנערקענונג און ער דריקט זיך אויס צופרידן און בקיצור: — אַ פעסטע מוידן

די זייד-שירמען האָבן שוין מער פּראַקטישן ווערט. פון דריי אָדער פיר קאָן אַרויס אַ בלוזע, ס'וועגדט זיך לויט דער ברייט פון דער ברוסט. קראָפּ און איך נוצן זיי פאַר טאַשטיכלעך. אַנדערע שיקן זיי אַהיים. ווען די ווייבער וואָלטן געוווסט, ווי אַזוי מ'שטעלט זיך איין דאָס לעבן בײַ אַט-די דינע שמאַטקעס, וואָלטן זיי זיך היפּש דערשראָקן.

קאַט כאַפּט טיאַדענען בײַ דער האַנט, ווי ער פּרוווט גאַנץ רויק און געלאַסן אָפּשלאָגן די רינגען פון אַ נישט-אויסגעשאָסענעם גראַנאַט. בײַ אַן אַנדערן וואָלט עס זיכער אויפגעריסן, אָבער טיאַדען האָט אַלעמאָל מזל.

אַ גאַנצן פאַרמיטאָג שפּילן זיך פאַר אונזער גרובן צוויי זו-

מער-פייגעלעך. עס זענען ציטרין-שמעטערלינגען. אויף זייערע געלע פליגל זענען פאַראַן רויטע פינטעלעך, וואָס האָט זיי געקאָנט פאַרטראָגן אַזש ביז אַהער? אַרום-און-אַרום איז נישטאָ קיין סימן פון קיין געוויקס אָדער בלום. זיי שטעלן זיך אָפּרוען אויף די ציין פון אַ שאַרבן. פּונקט אַזוי אָן זאָרג זענען אויך די פייגל, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג צוגעוווינט צו דער מלחמה. יערן אינדערפרי באַווייזן זיך אויפן פראָנט זינג-פייגעלעך. פאַראַיאָרן האָבן מיר אפילו געזען, ווי זיי וואַרעמען-אויס אייערלעך און ווי יונגע פּיקן זיך אויס.

פון די שטשורעס האָבן מיר איצט מנוחה אין גרובן. זיי זענען אויך נענטער צום פראָנט — מיר ווייסן צו וואָס. זיי ווערן פעט. אויב מיר דערזעען איינעם, לייגן מיר אים אַוועק. ביינאַכט הערן מיר ווידער אַ פאָרן אויף יענער זייט. אין משך פון טאָג איז דאָס פייער אַ נאָרמאַלס, אַזוי, אַז מיר באַווייזן דערווייל אויסצובעסערן די גרובנס. פאַרווײַלן זיך קאָן מען אויך. דערפאַר זאָרגן שוין די פליערס. יעדן טאָג שטייט אַן עולם און קוקט זיך צו צו די לופט-קאַמפן.

די מלחמה-פליערס געפעלן אונז. אָבער די אויסקוק-עראָפּלאַנען האָבן מיר פיינט, ווי דעם טויט. ווייל זיי ברענגען אויף אונז דאָס אַרטילעריע-פייער. אין עטלעכע מינוט נאָכדעם, ווי זיי באַווייזן זיך, נעמט האַגלען מיט שראַפּנעלן און גראַנאַטן. צוליב דעם האָבן מיר איינמאָל אין איין טאָג פאַרלוירן עלף מענטשן, צווישן זיי — פינף סאַניטאַרן. צוויי זענען אַזוי צעשמעטערט געוואָרן, אַז טיאַדען האָט געעצהט, מ׳זאָל זיי אָפּקראַצן מיט לעפל פון די גרובן-ווענט און באַגראָבן אין טעפּ. ביי אַן אַנדערן האָט מען אָראָפּגעריסן דעם בויך מיט ביידע פיס. אַ טויטער האָט ער זיך אָנגעלעגנט מיט דער ברוסט אינעם גרובן, זיין פנים איז געל, ווי ציטרין. צווישן די ליפּן האָט נאָך געטליעט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט אַזוי לאַנג געטליעט, ביז ער איז פאַרלאָשן געוואָרן אויף די ליפּן.

דערווייל לייגן מיר אַוועק די טויטע אין אַ גרויסער הייל. ביז איצט ליגן שוין דריי שורות איינע איבער דער אַנדערער.

*

פלוצלינג הויבט דאָס פייער אָן ווידער צו פויקן. מיר זיצן ווידער אין אַ געשפּאַנטער פאַרגליווערטקייט און וואַרטן פּאַסיוו.

אַטאַקע, קאָנטער-אַטאַקע, שטויס, קעגנשטויס — דאָס זענען ווערטער, אָבער וואָס באַהאַלט זיך הינטער זיי! מיר פאַרלירן אַסך מענטשן, ס׳רוב רעקרוטן. אין אונזער אָפּטיילונג קומט ווידער צו ערזאַץ. ס׳איז איינער פון די נייע רעגימענטן, כמעט בלויז יונגעלייט פונעם לעצטן יאָרגאַנג. זיי האָבן כמעט נישט קיין מיליטערישע צו-גרייטונג, זיי האָבן בלויז אַביסל געקנעלט טעאָרעטיש, איידער זיי זענען אַוועק אויפן פראָנט. וואָס ס׳איז אַזוינס אַ האַנט-גראַנאַט, ווייסן זיי אַפילו יאָ, אָבער וועגן דעקונג האָבן זיי כמעט קיין השגה נישט. זיי האָבן קודם-כל נישט קיין חוש דערפאַר, כדי זיי זאָלן דער-זען אַן ערד-וואַל, מוז ער לכל-הפחות האַלטן אַ האַלבן מעטער די הויך.

כאָטש מיר דאַרפן נויטיק האָבן פאַרשטאַרקונג, האָבן מיר מיט די רעקרוטן כמעט מער אַרבעט, ווי זיי ברענגען אונז נוצן. זיי זענען אומבאַהאָלפן אין אָט די שווערע אַטאַקעס און זיי פאַלן, ווי די פליגן. די היינטיקע פּאָזיציע-קאַמפן פאָדערן קענטעניש און אויס-געפּרוווטקייט, מ׳מוז האָבן אַ פאַרשטענדעניש פאַר שטח, מ׳מוז קאָנען אונטערשיידן מיטן אויער די שיסערייען, זייער רויש און די ווירקונגען, מ׳מוז קאָנען פאָרויסזען, ווו זיי וועלן טרעפן, ווי אַזוי זיי וועלן צעשפּריצט ווערן און ווו מ׳דאַרף זיך שיצן.

אָט-דער יונגער ערזאַץ ווייסט נאַטירלעך כמעט גאָרנישט וועגן דעם אַלעמען. זיי ווערן צעריבן, ווייל זיי ווייסן קוים דעם חילוק צווישן אַ שראַפּנעל און אַ גראַנאַט. זיי ווערן אַוועקגעלייגט דערפאַר, ווייל זיי הערן זיך צו דערשראָקענע צום וואָיען פון די אומגעפערלע-כע גרויסע קוילן-קאַסטנס, וואָס פאַלן ווייט הינטן און פאַרהערן דעם שטילן, פּייפנדיקן ברום פון די פלאַך-צעשפּרייטע קליינע רוחות. אָנשטאָט זיך פאַנאַנדערצולויפן, שטופּן זיי זיך צונויף, ווי די שעפּסן און אַפילו די פאַרוווּנדעטע ווערן פון די פליערס צעשאָסן, ווי האָזן.

אָט די בלאַסע ריבן-פּנימער, די נעבעכדיק צונויפגעקראַמפּטע הענט, די קלאָגעדיקע העלדישקייט פון די אָרעמע הינט, וואָס גייען פונדעסטוועגן פאָרויס און אַטאַקירן, — אָט די ווילע אָרעמע

בלבים, וואָס זענען אַזוי אָפּגעשראָקן, אַז זיי האָבן אַפילו נישט די העזה אַ געשריי צו טון. מיט צעריסענע בּרוסטן, בּייכער, הענט, פיס יאָמערן זיי שטילערהייט צו די מאַמעס און תיכף, ווי ס׳קוקט זיי עמעץ אָן — ווערן זיי שטילן.

זייערע טויטע, פּוכיקע, שפּיציקע פּנימער האָבן אין זיך די שרעקלעכע גאַרנישט-זאָגנדיקייט פון געשטאָרבּענע קינדער.

ס׳ווערט ענג אין האַלז, ווען מ׳קוקט זיך צו, ווי זיי שפּרינגען אויף, לויפן און פאַלן. מ׳וואָלט זיי געוואָלט אָנשמייסן, פאַרוואָס זיי זענען אַזוי נאַריש און נעמען זיי אויף די הענט און אוועקטראָגן פון דאַנען, וואו זיי האָבן סיי-ווי גאַרנישט וואָס צו טון. זיי טראָגן גרויסע רעק, הויזן און שטיוול, אָבער בּיים רוב זענען די אוניפאָרמען צו-בּרייט, זיי הענגען אויף זיי. די אַקסלען זענען צו-שמאָל, די קערפּערס צו-לייכט. ס׳זענען בּכלל נישט געווען קיין מונדירן, וואָס זאָלן פּאַסן צו אַט דער קינדערשער מאָס.

אויף יעדן עלטערן זעלנער פאַלן פון פינף בּיז צען רעקרוטן.

אַ פּלוצלינגע גאַז-אַטאַקע לייגט אוועק אַ גאַנצע מחנה. זיי זענען נאָך נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, זיי זאָלן דערפילן, וואָס ס׳גייט אויף זיי. איינמאָל געפינען מיר אַ פולן גרובּן מיט בּלויע קעפּ און שוואַרצע ליפּן. אין איינער אַ הייל האָבן זיי צו-פרי אַראָפּגענומען די מאַסקעס. זיי האָבן נישט געוווסט, אַז אונטן האַלט זיך דער גאַז לענגער, ווי אויבּן. ווען זיי האָבן דערזען אינדערהייך אַרומגיין זעלנער אָן מאַסקעס, האָבן זיי אַראָפּגעריסן אויך זייערע און אַראָפּגעשלונגען גענוג גאַז, כדי צו קריגן פאַרבּרענטע לונגען. זייער מצב איז אַ יאושדיקער, זיי בּאַקומען בּלוט-שטורצן, דערשטיקונגס-אַטאַקן און ווערן דערוואָרגן צום טויט.

*

אין איינעם אַ גרובּן דערזע איך פּלוצלינג פאַר מיר הימל-שטאָס. מיר בּאַהאַלטן זיך הינטער דעם זעלבּן וואַל. אָן אָטעם ליגן אַלע און וואַרטן אָפּ, בּיז ס׳וועט זיך אָנהויבּן די אַטאַקע.

כאָטש כ׳בּין געווען זייער אויפגערעגט, איז מיר בּיים אַרויס-

גיין אויפפאַלנדיק, וואָס כ'זע מער נישט הימלשטאָסן. איך שפּרינג צוריק אַריין אינעם גרובן און טרעף אים ליגן אין אַ ווינקל מיט אַ קליינעם ראַץ פון אַ שאָס און סימולירן אַ פאַרוואונדעטן. זיין פּנים איז ווי צעפּאַטשט. ער האָט אַן אָנפאַל פון שרעק. ר'איז נאָך דאָ באמת אַ נייער. אָבער כ'וועל מלא רציחה: דער יונגער ערזאַץ איז אינדרויסן און דער ליגט דאָן

— אַרויסן — ריטשע איך.

ער רירט זיך נישט, די ליפּן ציטערן, די וואָנסעס טרייסלען זיך.

— אַרויסן — חזר איך איבער.

ער קאָרטשעט איין די פיס, דריקט זיך צו צו דער וואַנט און שטשירעט-אויס די ציין, ווי אַ קאָטער.

איך נעם אים אָן ביי דער האַנט און וויל אים אַוועקשטעלן, ער נעמט קוויטשען. אָבער מיינע נערוון האַלטן מער נישט אויס. איך כאַפּ אים אָן ביים האַלז, טרייסל אים, ווי אַ זאַק, אז דער קאָפּ שאָקלט זיך ביי אים און כ'שריי אים אין פּנים אַריין: — דו מנוול, ווילסט אַרויס? — דו הונט, דו אכזר, ווילסט דיך אַרויסדרייען? — ער פאַרגלייזט די אויגן. איך האַק מיט זיין קאָפּ אין דער וואַנט: — דו בהמהן — איך טרעט אים איבער די זייטן. — דו חזירן — איך שטופּ אים צום אַרויסגאַנג.

אַ נייע כוואַליע פון אונזעריקע מאַרשירט גראָד פאַרביי. אַ לייטענאַנט איז צווישן זיי. ער דערזעט אונז און שרייט. — „פאָרויס, פאָרויס, זיך אָנשליסן, אָנשליסן!" און דאָס, וואָס איך האָב נישט געקאָנט פועלן מיט מיינע קלעפּ, האָט אויפגעטון דאָס וואָרט פון לייטענאַנט. הימלשטאָס האָט געהערט דאָס קול פונעם העכערן, האָט ער זיך אומגעקוקט אויפוואַכנדיק און זיך אָנגעשלאָסן.

איך גיי נאָך און זע, ווי ער האָפּקעט. ער איז ווידער דער בריהשדיקער הימלשטאָס פון דער קאַזאַרמע און האָט אפילו איבער-געיאָגט דעם לייטענאַנט און אַוועק פאָרויס.

*

האַרמאַטן-פייער, פאַרהאַלט-פייער, גאַרדינען-פייער, מינעס, גאַז, טאַנקען, מאַשין-געווערן, האַנט-גראַנאַטן — ווערטער, ווערטער, אָבער זיי אַנטהאַלטן אין זיך דעם שוידער פֿון אַ וועלט.

אויף אונזערע פּנימער איז פאַרטרוקנטער שמוץ, אונזערע געדאַנקען זענען פּוסט, מיר זענען טויט-מיד. ווען ס'קומט צו אַן אַטאַקע, מוז מען אַ טייל פון אונז קלאַפּן מיט די פויסטן, כדי זיי זאָלן זיך אויפכאַפּן און מיטגיין. די אויגן זענען רויט און ברענען, די הענט — צעריסן, די קניען בלוטיקן, די עלנבויגנס זענען צעקלאַפּט.

געדויערט עס וואָכן — חדשים — יאָרן? — ס'זענען בלויז טעג. מיר זעען, ווי די צייט פאַרגייט לעבן אונז אין די אָן-פאַרביקע פּנימער פון די געשטאָרבענע. מיר גיסן אין זיך אַריין דאָס עסן, מיר לויפן, מיר וואַרפן, מיר שיסן, מיר הרגענען, מיר לייגן זיך אויס, מיר זענען שוואַך און טעמפּ און ס'האַלט אונז בלויז דאָס, וואָס ס'זענען פאַראַן נאָך שוואַכערע, נאָך טעמפּערע, נאָך אומבאַהאָלפענערע, וואָס קוקן צו אונז מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי אויף געטער, אַליץ דערפאַר, ווייל מיר ווייסן אַמאָל, ווי אַזוי ניצול צו ווערן פון טויט.

אין די געציילטע אָפּרו-שעהן לערנען מיר זיי. — דו, זעסט דעם וואַקלטאָפּ? דאָס איז אַ מינע, וואָס גייט אַהערן בלייב ליגן, זי גייט אַהין אין יענער זייט. ווען זי וואָלט געגאַנגען אָט-אַזוי, מאַך פּליטהן מ'קאָן פאַר איר אַנטלויפן.

מיר לערנען זיי דערהערן דאָס כיטרע ברומען פון די קליינע מינים, וואָס מ'הערט זיי קוים. מ'דאַרף זיי אַרויסדערקענען פון צווישן דעם קראַכן, ווי דאָס זשומען פון מיקן. מיר ערקלערן זיי, אַז זיי זענען געפערלעכער פון די גרויסע, וועלכע מ'דערהערט אַסך פריער. מיר ווייזן זיי, ווי אַזוי מ'באַהאַלט זיך אויס פאַר פּליערס, ווי אַזוי מ'מאַכט זיך געשטאָרבן; ווען מ'איז פּלוצלינג געטראָפן פון דער אַטאַקע, ווי אַזוי מ'דאַרף אָפּציען האַנט-גראַנאַטן, כדי זיי זאָלן עקספּלאָדירן אַ האַלבע סעקונדע פאַרן קלאַפּ. מיר לערנען זיי בליץ-שנעל זיך אַריינוואַרפן אין גרובן בעת ס'פליען-אָן גראַנאַטן מיט קלאַפּ-צינדערס. מיר ווייזן, ווי אַזוי מ'רייסט אויף אַ גרובן מיט אַ בינטל האַנט-גראַנאַטן. מיר ערקלערן דעם חילוק צווישן אונזערע

האַנט-גראַנאַטן און דעם שונאס, מיר מאַכן זיי אויפמערקזאַם אויף דעם טאָן פון גאַז-גראַנאַטן און ווייזן זיי פּאַרטלען, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון טויט.

זיי הערן אויס און פּאָלגן, — אָבער ווען ס'נעמט ווידער שיסן, מאַכן זיי ס'רוב פון גרויס אויפרעגונג די אייגענע טעותים.

האַיע וועסטהום ווערט אַוועקגעשלעפּט מיט אַן אויפגעריסע-נעם רוקן. בײַ יעדן אָטעם-צו גייט-דורך די לונג דורך דער וונד. איך קאָן אים בלויז דריקן די האַנט. — דער סוף, פּאַולן — זיפּצט ער און בייסט די הענט פון ווייטיק.

מיר זעען לעבן מענטשן, בײַ וועלכע ס'פעלט דער שאַרבן, מיר זעען לויפן סאָלדאַטן, בײַ וועלכע ביידע פיס זענען אַוועקגעריסן. זיי דערשלעפּן זיך אויף די געבליבענע שטיקער פּיס ביז צום נאָענטסטן גרובן. אַ געפרייטער קריכט צוויי קילאָמעטער ווייט אויף די הענט און שלעפּט הינטער זיך די צעשמעטערטע קני. אַן אַנדערער גייט צו צום סאַניטאַרן-פּונקט און איבער זיינע פעסט-צונויפגעדריקטע הענט קריכן אַרויס די געדערעם. מיר זעען מענטשן אָן מיילער, אָן גאָמבעס, אָן פּנימער. מיר געפינען איינעם, וואָס האָט צוויי שעה לאַנג צוגעקוועטשט די שלאָג-אָדער פון דער האַנט, כדי נישט אָפּ-צוגיין מיט בלוט. די זון שיינט-אויף, די נאַכט קומט, די גראַנאַטן פייפן, דאָס לעבן ענדיקט זיך.

פונדעסטוועגן, דאָס שטיקל צעגראָבענע ערד, אין וועלכן מיר ליגן, גיבן מיר נישט אַוועק דעם שטאַרקערן שונא. בלויז עטלעכע הונדערט מעטער זענען פאַרנומען געוואָרן, אָבער פאַר יעדן מעטער האָבן זיי באַצאָלט מיט אַ טויטן.

*

מיר ווערן פאַרביטן דורך אַנדערע. די רעדער רוישן אונטער אונז, מיר שטייען טעמפּע און ווען ס'קומט אַ באַפעל: „אַכטונג— דראָט", לאָזן מיר זיך אַראָפּ אויף די קני. ווען מיר זענען אַהערגע-פאָרן, איז געווען זומער. די בוימער זענען נאָך געווען גרין. איצט זעען זיי שוין אויס האַרבסטיק און די נאַכט איז גרוי און פייכט.

די וואַגנס בלייבן שטיין, מיר קלעטערן אַראָפּ: אַ דורכגעוואָרפן הייפל, אַ רעשטל פון אַסך נעמען. ביי די זייטן, אין דער טונקלקייט, שטייען מענטשן און רופן-אויס די נומערן פון רעגימענטן, פון קאָמפּאַניעס. ביי יעדן רוף טיילט זיך אויס אַ הייפעלע, אַ קליין, ווינציק הייפעלע שמוציקע, אַש-גרויע זעלנער, אַ מוראדיק קליין הייפעלע און אַ מוראדיק קליין רעשטל.

איצט רופט עמעץ אויס דעם נומער פון אונזער קאָמפּאַניע. ס'איז — מ'דערקאָנט לויטן קול — דער קאָמפּאַניע-פירער. ר'איז, הייסט עס, ניצול געוואָרן. זיין האַנט הענגט אויף אַ באַנדאַזש. מיר גייען צו און איך דערקען קאַטן און אַלבערטן. מיר שטעלן זיך צוזאַמען אוועק, שפּאַרן זיך אָן איינער אינעם אַנדערן און קוקן זיך אָן.

און ווידעראַמאָל און ווידעראַמאָל הערן מיר אויסרופן אונזער נומער. ער מעג לאַנג רופן. אין די קברים און אין די לאַזאַרעטן הערט מען אים נישט.

נאָכאַמאָל: — צווייטע קאָמפּאַניע אַהערן

און דערנאָך שטילער: — מער איז קיינער נישטאָ פון דער צווייטער קאָמפּאַניע?

ער שווייגט און פרעגט שוין אַביסל הייזעריק: — דאָס זענען אַלע? און באַלד אַ באַפעל: — איבערציילן.

דער פרימאָרגן איז גרוי. ס'איז נאָך געווען זומער, בעת מיר זענען אַרויס אויפן פראָנט און מיר זענען געווען הונדערט און פופציק מאַן, איצט פרירן מיר, ס'איז האַרבסט, די בלעטער רוישן, די קולות פּלאַטערן מיד: — איינס—צוויי—דריי—פיר — און ביי צוויי-און-דרייסיק ווערן זיי פאַרשוויגן, און ס'דויערט לאַנג, ביז וואַנען דאָס קול גיט אַ פרעג: — נאָך עמעץ? — דערנאָך וואַרט עס צו און זאָגט שטילערהייט: — אין גרופּן. דאָס קול ברעכט זיך איבער און קאָן קוים פאַרענדיקן: „צווייטע קאָמפּאַניע" — און מיט גרויס מי: — „צווייטע קאָמפּאַניע — אָן טריט מאַרשן"

אַ שורה, אַ קורצע שורה טשאַפּעט אַרויס אין גרויען פרימאָרגן.

צוויי און דרייסיק מאַן.

מ׳פירט אונדז אַוועק ווייטער, ווי אַלעמאָל, צוריק אין פעלד-רעקרוטן-דעפּאָ, כדי אונדזער קאָמפּאַניע זאָל פונסנייַ צונויפגעשטעלט ווערן. מיר דאַרפן האָבן איבער הונדערט מענטשן ערזאַץ.

דערווייל שלעפן מיר זיך אַרום, ווען מיר האָבן נישט קיין דינסט. אין צוויי טעג אַרום קומט צו אונדז הימלשטאָס. ער האָט פאַרלוירן זיין גרוים מויל, זינט ער איז געווען אין די גרובנס. ער לייגט פאָר, מיר זאָלן אָנהויבן לעבן בשלום. איך בין מסכים, ווייל כ׳האָב געזען, ווי ער האָט מיטגעבראַנגט הײַע וועסטהוס, ביי וועלכן דער רוקן איז אַוועקגעריסן געוואָרן. אַזוי ווי ער רעדט בכלל מענטשלעך, האָבן מיר גאָרנישט קעגן דעם, ער זאָל אונדז פאַרבעטן אין דער קאַנטינע. בלויז טיאַדען קוקט דערויף מיט חשד און האַלט זיך אין רעזערוו.

פונדעסטוועגן בעט ער זיך שפּעטער אויך איבער, ווייל הימלשטאָס דערציילט, אַז ער וועט פאַרבייטן דעם קיך-מייסטער, וואָס פאָרט אַוועק אויף אורלויב. אויף אַ סימן, רוקט ער אונדז תיכף אונטער צוויי פונט צוקער און באַזונדער פאַר טיאַדענען — אַ האַלב פונט פוטער. ער איז זיך אַפילו משתדל, אַז אין די ערשטע דריי טעג זאָל מען אונדז קאָמאַנדירן אין קיך אַריין צום שיילן קאַרטאָפל און ריבן, דאָס עסן, מיט וועלכן ער איז אונדז מכבד דאָרטן, איז ממש אָפיצירישס.

אַזוי-אַרום האָבן מיר לעת-עתה די צוויי זאַכן, וועלכע אַ זעלנער דאַרף האָבן, כדי גליקלעך צו זיין: גוט עסן און מנוחה. ווען מ׳טראַכט זיך אַריין, איז עס ווייניק. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק וואָלטן מיר געקוקט דערויף מיט מוראדיקן ביטול. איצט זענען מיר כמעט צופרידן, צו אַלץ געוווינט מען זיך צו. אַפילו צו שוץ-גרובנס.

אָט-די געוווינהייט איז די אמתע סיבה, אַז מיר פאַרגעסן כלומרשט אַזוי גיך. אייערנעכטן זענען מיר נאָך געווען אין פייער, היינט מאַכן מיר זיך נאַריש און שלעפן זיך אַרום פוסט-און-פּאַסט, מאָרגן גייען מיר ווידער אין די גרובנס, אין אמתן פאַרגעסן מיר גאָרנישט. אַזוי לאַנג ווי מיר זענען אין פעלד, ווערט יעדער פראָנט-

טאָג, וואָס איז אַריבער, פאַרזונקען אין אונז, ווי אַ שטיין. די טעג זענען פשוט צו־שווערע, מ׳זאָל קאָנען באַלד נאָכטראַכטן וועגן זיי. ווען מיר וואָלטן דאָס יאָ געטון — וואָלט לאַנג שוין געווען נאָך אונז. ווייל כ׳האָב איינגעזען איינס: דעם גרויל קאָן מען פאַרטראָגן אַזוי לאַנג, ווי מ׳נעמט דאָס אַלץ פשוט. הויבט מען אָן אַרייַנטראַכטן — איז מען אַ געקוילעטער.

פונקט ווי מיר ווערן חיות, בשעת מיר גייען פאָרויס — ווייל דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס ראַטעוועט אונז, אַקוראַט אַזוי ווערן מיר פלאַכע לצים און בטלנים, ווען מיר רועז. מיר קאָנען גאָרנישט טון קעגן דעם. ס׳איז ממש אַ מוז. מיר ווילן לעבן פאַר יעדן פרייז. דאָ קאָנען מיר זיך נישט באַלאָדן מיט קיין געפילן, וואָס זענען בעתן שלום אפשר גאַנץ דעקאָראַטיוו, דאָ אָבער זענען זיי פאַלש. קעמעריך איז טויט, האַיע וועסטהוס שטאַרבט. מיט האַנס קראַמערס קערפער וועט מען ביי תחית־המתים האָבן אַ היפש שטיקל אַרבעט, מ׳וועט אים מוזן צונויפקלויבן פיצלעכווייז, מאַרטענס האָט מער נישט קיין פיס, מאַיער איז טויט, מאַרקס איז טויט, באַיער איז טויט, העמער־לינג איז טויט. הונדערט־און־צוואָנציק מענטשן ליגן ערגעץ מיט קוילן אין די קערפערס. דער רוח זאָל עס נעמען, אָבער וואָס גייט עס אָן אונז, מיר לעבן דאָך נאָך. ווען מיר וואָלטן זיי גע־קאָנט ראַטעווען, וואָלטן מיר עס געטון, אַלץ איינס, ווען מיר וואָלטן אַפילו באַצאָלט מיטן לעבן. ווייל קוים ווילן מיר עפעס — ווערט דאָס ביי אונז אַ שגעון. פון קיין פחד ווייסן מיר נישט — בלויז טויט־שרעק, אָבער דאָס איז שוין עפעס אַנדערש. דאָס איז פשוט קערפערלעך.

אָבער אונזערע חברים זענען טויט. מיר קאָנען זיי נישט העלפן. זיי האָבן שוין מנוחה — ווער ווייסט, וואָס ס׳וואַרט נאָך אויף אונז. מיר ווילן זיך אַוועקלייגן און שלאָפן, אָדער גאָר זיך אָנ־פרעסן, וויפל ס׳קאָן נאָר אַריין, און שיכורן און רויכערן, כדי די שעהן זאָלן נישט זיין אַזוי פוסט. דאָס לעבן איז קורץ.

*

דער גרויל פון פראַנט ווערט פאַרגעסן תיכף, ווי מיר דרייען זיך אוים צו אים מיטן רוקן. מיר זענען זיך נוקם אין אים מיט געמיינע און בייזע וויצן. ווען עמעץ שטאַרבט, הייסט עס ביי אונז, אַז ער האָט פאַרמאַכט דאָס הינטער־חלק און אַזוי רעדן מיר וועגן אַלעמען. דאָס ראַטעוועט אונז פון שגעון. כל־זמן מיר נעמען די זאַכן אַט־אַזוי, קאָנען מיר זיך אַקעגנשטעלן.

אָבער מיר פאַרגעסן נישטן דאָס, וואָס ס׳שטייט געשריבן אין די קריג־צייטונגען וועגן דעם גאָלדענעם הומאָר פון די זעלנער, וואָס אַראַנזשירן אפילו טענצלעך באַלד נאָכדעם, ווי זיי קומען צוריק פון פייער. דאָס איז איין גרויסער קוואַטש. מיר טוען דאָס, נישט ווייל מיר האָבן הומאָר, נאָר — מיר מאַכן זיך הומאָר, ווען נישט, וואָלטן מיר נישט אויסגעהאַלטן. דער הומאָר ווערט מיט יעדן חודש אַלץ ביטערער.

און כ׳ווייס: דאָס אַלץ, וואָס איז איצט, כל־זמן ס׳איז נאָך מלחמה, פאַרזונקען אין אונז, ווי אַ שטיין, וועט זיך נאָך דער מלחמה ווידער אויפוועקן און ערשט דעמאָלט וועט זיך אָנהויבן דער קאַמף אויף לעבן און טויט.

די טעג, די וואָכן, די יאָרן פון פראָנט וועלן נאָך צוריקקומען. אונזערע טויטע חברים וועלן דעמאָלט אויפשטיין און מיט אונז מאַרשירן. אונזערע קעפּ וועלן ווערן קלאָר. מיר וועלן האָבן אַ ציל און אַזוי־אַרום וועלן מיר מאַרשירן, אונזערע טויטע חברים לעבן אונז, די יאָרן פון פראָנט — הינטער אונז — אַקעגן וועמען, אַקעגן וועמען?

*

דאָ אין דער געגנט איז מיט אַ צייט צוריק געווען אַ פראָנט־טעאַטער. אויף אַ וואַנט פון ברעטער קלעבן נאָך איצט פאַרביקע פּלאַקאַטן פון די פאָרשטעלונגען. קראַפּ און איך קוקן דערויף מיט גרויסע אויגן. מיר קאָנען נישט באַנעמען, אַז אַזאַ זאַך זאָל נאָך מעגלעך זיין. אָט איז דאָ אויסגעמאָלט אַ מיידל אין אַ העל זומער־קלייד, מיט אַ רויטן לאַקירטן פּאַסעק אַרום דער טאַליע. זי זיצט און האַלט

איין האנט אויף דער באַלוסטראַדע, מיט דער אַנדערער האַלט זי אַ שטרויענעם הוט. זי טראָגט ווייסע זאָקן און ווייסע שיך, שיינע לאַטשן מיט קלאַמרעס אויף הויכע קנאַפּעלעך. הינטער איר לייכט אָפּער דער בלויער ים מיט זיינע כוואַליעס. פון דער זייט אַ העלער ים-בוזעם. עס איז אַ הערלעך מיידל, מיט אַ שמאָלער נאָז, מיט רויטע ליפּן און לאַנגע פּיס, אויסערגעוויינלעך זויבער און עלעגאַנט. זי באָדט זיך מסתמא צוויי מאָל אין טאָג און האָט קיינמאָל נישט קיין שמוץ אונטער די נעגל. העכסטנס — אַביסל זאַמד פון ברעג.

נעבן איר שטייט אַ מאַן אין ווייסע הויזן, אין אַ בלויער מאַרינאַרקע און אין אַ מאַטראָזן-היטל, אָבער דער אינטערעסירט אונז אַסך ווייניקער.

דאָס מיידל אויף דער וואַנט פון ברעטער איז פאַר אונז אַ וווּנדער. מיר האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, אז ס׳איז פאַראַן עפּעס אַזוינס און אפילו איצט גלויבן מיר אויך קוים אונזערע אייגענע אויגן. אַלנפאַלס האָבן מיר שוין יאָרנלאַנג נישט געזען עפּעס אַזוינס, אַפילו נישט עפּעס, וואָס זאָל זיין ענלעך צו אָט-דער לוסטיקייט, שיינקייט, און גליק. דאָס איז דער שלום, אַזוי מוז ער אויסזען, שפּירן מיר מיט אויפרעגונג.

— זע נאָר די לייכטע לעטשלעך, אפילו קיין איין קילאָמעטער וואָלט זי נישט געקאָנט מאַרשירן אין אַזעלכע — זאָג איך און קום מיר אַליין אויס נאַריש, ווייל ס׳איז אַ טפשות צו טראַכטן וועגן מאַרשירן, בעת מ׳זעט פאַר זיך אַזאַ בילד.

— ווי אַלט קען זי זיין? — פרעגט קראָפּ.

איך שאַץ אָפּ: — העכסטנס צוויי און צוואַנציק, אַלבערט.

— אויב אַזוי, וואָלט זי געווען עלטער פון אונז. זי איז נישט עלטער פון זיבעצן יאָר — זאָג איך דיר.

מוראַשקעס נעמען לויפן איבערן לייב. — אַלבערט, ס׳וואָלט געווען אַן ענין, נישט? —

ער שאָקלט צו. — אינדערהיים האָב איך איך ווייסע הויזן.

— ווייסע הויזן — זאָג איך. — אָבער אַזאַ מיידל —

מיר קוקן איינער אויפן אַנדערן פון אויבן-אַראָפּ. ס׳איז נישטאָ וואָס אָנצוקוקן: ביי יעדן — אַן אָפּגעבלאַקירטער, צעפליקטער,

שמוציקער אוניפאָרם. ס׳איז אָן אומזין זיך אפילו צו פּרוּוון פאַר־גלייכן מיט איר. דערפאַר קראַצן מיר קודם־כּל אָפּ פון דער וואַנט דעם יונגנמאַן מיט די ווייסע הויזן, מיר טוען עס פאַרזיכטיק, כּדי נישט צו שעדיקן דאָס מיידל. דערמיט האָבן מיר שוין אויפגעטון עפּעס. דערנאָך לייגט קראָפּ פאָר: — אפשר וואָלטן מיר זיך גע־גאַנגען אַנטלויזן?

אָבער איך בין נישט אינגאַנצן מסכּים, ווייל די מלבושים ליידן דערפון, די לייז קריגט מען אין צוויי שעה אַרום פונסניי. אָבער נאָכדעם, ווי מיר פאַרטיפן זיך ווידער אינם בילד, בין איך אויף איינ־מאָל מסכּים. איך גיי נאָך ווייטער: — מ׳וואָלט זיך אויך געדאַרפט אַרומקוקן, צי מ׳קאָן נישט אַמאָל אַרויסקריגן אַ ריין העמד.

אַלבערט האַלט — מסתּמא מיט אַ מיין דערביי — אַז: אַני־צעס וואָלטן געווען נאָך בעסער.

— אפשר אַניצעס אויך. מ׳דאַרף זיך לאָזן אַביסל אַ שפּעקו־ליר טון.

אָבער דערווייל קומען צו קריכן לעער און טיאַדען. זיי דער־זעען דעם פּלאַקאַט און תּיכּף ומיד ווערט דער שמועס אַ חזירישער. לעער איז אין אונזער קלאַס געווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט צו טון מיט מיידלעך און האָט דערציילט וועגן דעם אויפרעגנדיקע פּרטים. ער באַגייסטערט זיך מיטן בילד אויף זיין שטייגער און טיאַ־דען איז שטאַרק מסכּים.

עס עקלט אונז נישט. ווער ס׳חזירט נישט, איז קיין זעלנער נישט. אין דער רגע אָבער ליגט עס אונז נישט אין זינען, דערפאַר רוקן מיר זיך אָפּ אין אַ זייט און מיר מאַרשירן אַוועק אין אַנטלויזונג־אַנשטאַלט מיט אַ געפיל, גלייך ווי מיר וואָלטן אַוועק אין אַ פיין געשעפט פון מענער־מלבושים.

*

די הייזער, ווו מיר האָבן קוואַרטיר, ליגן נאָענט צום קאַנאַל, אין יענער זייט קאַנאַל זענען פאַראַן סטאַווקעס, וואָס זענען אַרומ־

גערינגלט מיט טאָפּאָלן-וועלדער. אין יענער זייט פון קאַנאַל זענען אויך פאַראַן פרויען.

פון די הייזער אויף אונזער זייט איז מען אַוועק, אָבער אויף דער אנדערער זעט מען נאָך צייטנווייז באַוווינער.

אין אָוונט שווימען מיר אין קאַנאַל. דריי פרויען גייען אַדורך מיט דער לענג פון ברעג. זיי גייען פּאַמעלעך און קוקן נישט אַוועק, כאָטש מיר טראָגן נישט קיין באָד-הויזן.

לעער שרייט צו זיי אַריבער. זיי לאַכן און בלייבן שטיין, כדי זיך צוצוקוקן צו אונז. מיר וואַרפן זיי צו אין אַ געבראָכענעם פראַנצויזיש ווערטער, וואָס קומען אונז גראָד אויף דער צונג—אַלץ צוזאַמען, אינדערגיך, כדי זיי זאָלן נישט אַוועקגיין. עס זענען גראָד נישט געווען איבעריק פיינע דיבורים, אָבער פון וואַנען זאָל עס קומען צו אונז?

איינע צווישן זיי איז אַ שמאָלע, אַ טונקעלע. מ׳זעט, ווי אירע ציין גלאַנצן, בעת זי לאַכט. זי האָט גיכע באַוועגונגען, דאָס קלייד פליט לויז אַרום איבער אירע פיס. כאָטש דאָס וואַסער איז קאַלט, זענען מיר שטאַרק בגילופין און ווילן זיי דווקא פאַראינטערעסירן, כדי זיי זאָלן בלייבן. מיר פרוון זיך וויצלען און זיי ענטפערן אָפּ, כאָטש מיר פאַרשטייען נישט. מיר לאַכן און ווינקען. טיאַדען איז קלוגער. ער לויפט אַריין אין הויז, נעמט אַ זעלנעריש ברייטל און הויבט עס אויף אינדערהויך.

דאָס האָט גרויס ערפאָלג. זיי שאָקלען-צו און ווינקען, אַז מיר זאָלן אַריבערקומען. אָבער מיר טאָרן דאָס נישט טון. ס׳איז נישט ערלויבט אַריבערצוגיין אויף יענער זייט ברעג. אויף אַלע בריקן שטייען וואַכן. אָן אַ פּאַסיר-שיין לאָזט זיך גאָרנישט מאַכן.

מיר גיבן זיי דערפאַר צו פאַרשטיין, אַז זיי זאָלן קומען צו אונז. אָבער זיי שאָקלען מיט די קעפּ און ווייזן אויף די בריקן: מ׳לאָזט זיי אויך נישט אַדורך.

זיי דרייען זיך אַוועק און גייען פּאַמעלעך אַרויף מיטן קאַנאַל, כסדר לענג-אויס דעם ברעג. מיר באַגלייטן זיי שווימענדיק. נאָך עטלעכע הונדערט מעטער פאַרדרייען זיי זיך אין אַ זייט און ווייזן אָן אויף אַ הויז, וואָס קוקט אַרויס זייטיק צווישן ביימער און קוס-

טעם. לעער פרעגט, צי זיי וווינען דאָרטן.

זיי לאַכן. יאָ, דאָרטן איז זייער הויז.

מיר שרייען זיי אַריבער, אַז מיר וועלן קומען, ווען די וואַכן וועלן אונז נישט זען. ביינאַכט. היינטיקע נאַכט.

זיי הויבן-אויף די הענט, לייגן זיי פלאַך צונויף איבער די פנימער און פאַרמאַכן די אויגן. זיי האָבן פאַרשטאַנען. די שמאָלע, טונקעלע מאַכט טאַנצנדיקע טריט. אַ בלאָנדע צוויטשערט: — ברויט — גוט —

מיר באַשטעטיקן האַסטיק, אַז מיר וועלן עס מיטברענגען. נאָך אַנדערע שיינע זאַכן אויך. מיר מאַכן מיט די אויגן און ווייזן מיט די הענט. לעער ווערט שיר נישט דערטרונקען, בעת ער וויל געבן צו פאַרשטיין „אַ שטיק וורשט". ווען מ'זאָל מוזן, וואָלטן מיר זיי צוגעזאָגט אַ גאַנצן פּראָוויאַנט-דעפּאָ. זיי גייען און דרייען זיך נאָך אַסך מאָל אויס. מיר קלעטערן אַרויף אויפן ברעג אין אונזער זייט און גיבן אַכטונג, צי זיי גייען טאַקע אַריין אין יענעם הויז. ווייל ס'קאָן אַמאָל זיין, אַז זיי נאַרן אָפּ. דערנאָך שווימען מיר צוריק.

אָן אַ פּאַסיר-שיין טאָר קיינער נישט אַריבערגיין די בריק. דערפאַר וועלן מיר ביינאַכט פשוט אַריבערשווימען. די אויפרעגונג האָט אונז אָנגעכאַפּט און לאָזט מער נישט אָפּ. מיר קאָנען נישט איינזיצן אויף קיין אָרט און גייען אַוועק אין דער קאַנטינע. דאָרטן איז גראָד פאַראַן ביר און אַ מין פּונש.

מיר טרינקען פּונש און דערציילן אונז איינער דעם אַנדערן אויסגעטראַכטע איבערלעבענישן. יעדער גלויבט גאַנץ גערן דעם אַנדערן און וואַרט אומגעדולדיק, ביז ער וועט קאָנען אים נאָך ווייטער איבעריאָגן. אונזערע הענט זענען אומרויק. מיר פּאַפּען אָן אַ שיעור פּאַפּיראָסן, צום סוף זאָגט קראָפּ: — אייגנטלעך קאָנען מיר זיי מיטברענגען עטלעכע פּאַפּיראָסן אויך. דעמאָלט לייגן מיר די רעשט אַריין אין די היטלען און באַהאַלטן.

דער הימל ווערט גרין, ווי אַן אומצייטיקער עפּל. מיר זענען זאַלבעראַרט, אָבער אַהינגיין קאָנען בלויז דריי. דערפאַר מוזן מיר פּטור ווערן פון טיאַדענען. מיר פונדעווען אים רום און פּונש, ביז ער הויבט אָן פאַלן פון די פיס פון שכרות. ווען ס'ווערט טונקל, גייען

מיר אַוועק צו אונזערע הייזער. טיאַדען קריכט אינדערמיט. מיר גליען און זענען אינגאַנצן דורכגענומען פֿון דער אַוואַנטורע. איך קריג די שמאָלע און טונקעלע. מיר האָבן זיך שוין צעטיילט און אָפּגעמאַכט.

טיאַדען פֿאַלט אַוועק אויף זיין שטרוי-זאַק און נעמט שנאָרכן. אויף אַ ווײַלע כאַפּט ער זיך אויף און נעמט צו אונז פּינטלען אַזוי כיטרע, אַז מיר ווערן דערשראָקן און זענען שוין זיכער, אַז ר'האָט אונז גענאַרט און אַז דער פּונש, וואָס מיר האָבן געקויפט פֿאַר אים, איז געווען אומזיסט. אָבער באַלד פֿאַלט ער צוריק אַוועק און שלאָפֿט ווידער איין.

יעדער פון אונז דריי נעמט אַ גאַנץ קאָמיס-ברייטל און וויקלט עס איין אין צייטונגס-פּאַפּיר. די פּאַפּיראָסן פּאַקן מיר אויך דאָרטן אַריין, אַחוץ דעם — נאָך דריי גוטע פּאָרציעס לעבער-ווורשט, וועלכע מיר האָבן געקריגן היינט אין אָוונט. דאָס איז אַ פיינע מתנה.

דערווייל באַהאַלטן מיר דאָס אַלץ אין די שטיוול. ווייל שטיוול מוזן מיר מיטנעמען, כדי מיר זאָלן אויף יענער זייט ברעג זיך נישט צעשטעכן אין דראָט און אין שערבלעך. אַזוי ווי מיר מוזן אַריבער-שווימען, קאָנען מיר קיין אַנדערע מלבושים נישט מיטנעמען. ס'איז אויך פינסטער און נישט ווייט.

מיר לאָזן זיך אַרויס, מיט די שטיוול אין די הענט. מיר גליטשן זיך שנעל אַריין אין וואַסער, לייגן זיך אויף די רוקנס, שווימען און האַלטן די שטיוול מיט אַלץ, וואָס איז אינעווייניק פאַראַן, איבער אונזערע קעפּ.

אויף יענער זייט ברעג קלעטערן מיר פּאָרזיכטיק אַרויס, נעמען אַרויס די פּאַקעטן און טוען-אָן די שטיוול. די פּעקלעך האַלטן מיר פעסט אונטער די אָרעמס. אַזוי-אַרום לאָזן מיר זיך גיין נאַסע, נאַקעטע, בלויז אין שטיוול אויף די פיס. מיר טרעפן תיכף צום הויז. עס איז פינצטער און פאַררוקט צווישן קוסטעס. לעער פאַלט איבער אַ וואָרצל און צעקאַלעטשעט זיך דעם עלנבויגן. „שאַדט נישט" — זאָגט ער אַ פרייליכער.

די פענסטער זענען פאַרשטעלט מיט לאָדנס. מיר קריכן אַרום-און-אַרום און מיר פּרוון אַריינקוקן דורך די שפּאַרעס. דערנאָך ווערן

מיר אומגעדולדיק. קראַפּ נעמט זיך פּלוצלינג קווענקלען: — וואָס וועט זיין, אויב אַ מאַיאָר וועט זיצן ביי זיי?

— דעמאָלט מאַכן מיר פּליטה — פּינטלט לעער מיט חווק.— אונזערע רעגימענט-נומערן וועט ער קאָנען איבערלייענען דאָ — אין ער פּאַטשט זיך אויפן הינטן.

די הויז-טיר איז אָפן. אונזערע שטיוול מאַכן אַן אַ נישקשה-דיקן ליאַרם. ס׳עפּנט זיך אַ טיר, ס׳פּאַלט אַ שיין, אַ פרוי גיט דער-שראָקן אַ געשריי. מיר רופן: „פּסט-פּסט — קאַמעראַד — באָן אַמי״ און הויבן אויף בעטנדיק אונזערע פּאַקעטן.

ס׳ווייזן זיך אויך די איבעריקע צוויי. די טיר עפנט זיך אינ-גאַנצן און דאָס ליכט שיינט אויף אונז. מ׳דערקענט אונז און אַלע דריי לאַכן שטאַרק פון אונזער הילוך. זיי בויגן זיך אין דרייען פון געלעכטער. .ווי פלינק זיי באַוועגן זיך.

„איין מאָמענט״. — זיי פאַרשווינדן און וואַרפן אונז אַרויס פאַרשידענע זאַכן, אין וועלכע מיר וויקלען זיך פאַר נויט אַרום. ערשט דערנאָך מעגן מיר אַריינקומען. אין צימער ברענט אַ קליין לעמפּל, ס׳איז וואַרעם און ס׳שמעקט אַביסל מיט פּערפום. מיר פּאַקן אויס אונזערע פּאַקעטן און מ׳דערלאַנגט זיי. זייערע אויגן נעמען גלאַנצן. מ׳זעט, אַז זיי זענען הונגעריק.

דערנאָך פאַלן מיר אַלע אריין עפּעס אין אַ מין פאַרלעגנהייט. לעער גיט אַ סימן, מ׳זאָל זיך נעמען עסן. דערפון ווערט ווידער לע-בעדיק. זיי ברענגען טעלערס און מעסערס און וואַרפן זיך אויפן עסן. יעדעס שטיקל לעבער-וווּרשט הויבן זיי פריער אויף, איידער זיי עסן עס, אינדערהויך מיט באַוווּנדערונג, און מיר זיצן דערביי און זענען שטאָלץ.

זיי פאַרפּלייצן אונז מיט זייער לשון. מיר פאַרשטייען גאַנץ ווייניק, אָבער מיר דערקענען, אַז עס זענען פריינטלעכע ווערטער. אפשר זעען מיר טאַקע אויס זייער יונג. די שמאָלע און טונקעלע גלעט מיר איבער די האָר און זאָגט דאָס, וואָס ס׳זאָגן תמיד אַלע פראַנ-צויזישע פרויען: — „דער קריג — אַ גרויס אומגליק — אָרעמע יונגלעך״ —

איך האַלט פעסט איר אָרעם און לייג-צו מיין מויל צו איר

האַנט-פלאַך. די פינגער נעמען אַרום מיין פּנים. האַרט איבּער מיר זענען אירע רייצנדיקע אויגן, די צאַרטע בּרוינקייט פון איר הויט און די רויטע ליפּן. דאָס מויל רעדט-אַרויס ווערטער, וועלכע איך פאַרשטיי נישט. כ׳פאַרשטיי אויך נישט אינגאַנצן די אויגן. זיי זאָגן מער, וויפל מיר האָבּן זיך געריכט, בּעת מיר זענען אַהערגעקומען.

ס׳זענען דאָ פאַראַן נאָך צימערן. אַדורכגייענדיק זעע איך לעערן. ער האַלט זיך מיט דער בּלאָנדער דרייסט און שרייענדיק. ער איז טאַקע געוויינט דערצו. אָבּער איך — איך פאַרליר מיך אין עפּעס ווייטס, שטילס און ווילדס און גיבּ זיך איבּער דערצו. מיינע פאַרלאַנגען זענען אַ מאָדנע געמיש פון תּאווה און פאַרזונקענקייט. ס׳נעמט מיר שווינדלען פאַר די אויגן, ס׳איז דאָ מער נישט פאַראַן קיין שום אָנהאַלטעניש. אונזערע שטיוול האָבּן מיר איבּערגעלאָזט פאַר דער טיר און מ׳האָט אונז אָנשטאָט דעם געגעבּן פּאַנטאָפל. איצט איז מער נישטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל אונז דערמאָנען אין דער זעלנערישער זיכערקייט און חוצפּה. נישט קיין געווער, נישט קיין פּאַסעק, נישט קיין מונדיר, נישט קיין היטל. איך גיבּ זיך איבּער דער אומזיכערקייט. זאָל געשען, וואָס ס׳וויל. ווייל בּיי אַלעמען — שרעק איך מיך אַבּיסל.

די שמאָלע און טונקעלע בּאַוועגט מיט די בּרעמען, בּשעת זי פאַרטראַכט זיך. ווען זי רעדט — רירן זיי זיך נישט. טיילמאָל ווערט דער קלאַנג נישט אינגאַנצן דערפירט צו אַ וואָרט און ווערט פאַר-שטיקט אָדער פליט איבּער מיר אַריבּער האַלבּ-אַרויסגעזאָגט. אַ בּויגן, אַ בּאַן, אַ קאָמעט. וואָס האָבּ איך געוווּסט וועגן דעם און וואָס וויים איך איצט? די ווערטער פון דעם פרעמדן לשון, פון וועלכן כ׳פאַר-שטיי קוים עפּעס, זיי שלעפּערן מיך איין אין אַ שטילקייט, אין וועל-כער דאָס בּרוינע און האַלבּ-בּאַלויכטענע צ׳מער ווערט פאַרשווי׳מען. לעבּעדיק און קלאָר בּלייבּט בּלויז דאָס פּנים איבּער מיר.

ווי פילטאָניק זעט אויס אַ פּנים, וואָס איז נאָך מיט אַ שעה צוריק דיר געווען פרעמד און איצט איז גענייגט צו אַ צערטלעכ-קייט, וואָס קומט נישט פון אים, נאָר פון דער נאַכט, פון דער וועלט און פונעם בּלוט, וואָס שטראַלן צוזאַמען אין אָט-דעם פּנים. די זאַכן אין שטוב ווערן דערפון בּאַרירט און בּאַקומען אַן אַנדער צורה, זיי

ווערן עפּעס מאָדנע און כ׳האָב כמעט אַ יראת-הכבוד פאַר דער איי-געגנער העלער הויט, בעת ס׳רוט אויף איר די שיין פון לאָמפּ און ס׳גלעט זי די קילע האַנט.

ווי אַנדערש איז דאָ אַלץ, ווי אין די זעלנער-באַרדעלן, וווהין מ׳גיט אונז אַן ערלויבעניש צו גיין און וווּ מיר שטייען אין רייען. כ׳וואָלט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן זיי. אָבער זיי קומען מיר נישט-ווילנדיק אין זינען. און כ׳וועל דערשראָקן. ווער ווייסט, אפשר קאָן מען דערפון שוין קיינמאָל נישט פּטור ווערן.

אָבער דעמאָלט דערפיל איך די ליפּן פון דער שמאָלער און טונקעלער און ריים מיך צו זיי אַקעגן. איך פאַרמאַך די אויגן און וואָלט געוואָלט, אַז אַזוי-אַרום זאָל אַלץ ווערן אויסגעלאָשן. קריג און גרויל און געמיינקייט; אויפכאַפּן זאָל איך מיך צוריק אַ יונגער און אַ גליקלעכער. איך טראַכט וועגן מיידל פון פּלאַקאַט און אין איין ווײַלע דוכט זיך מיר אויס, אַז מיין לעבן איז פּשוט אָפּהענגיק דערפון, צי כ׳וועל זי קריגן צי נישט. בשעת-מעשה דריק איך מיך טיפער אַריין אין די אָרעמס, וואָס נעמען מיך אַרום. אפשר וועט געשען אַ וווּנדער.

— — — — — — — — — — —

דערנאָך טרעפן מיר זיך ווי ס׳איז אַלע צוזאַמען. לעער איז זייער אויפגערוימט. מיר געזעגענען זיך האַרציק מיט די פרויען און קריכן אַריין אין אונזערע שטיוול. די נאַכט-לופט קילט אונזערע הייסע קערפּערס. די טאָפּאָלעס הויבן זיך הויך אין דער טונקלקייט און זיי רוישן. די לבנה שטייט אין הימל און אין וואַסער פון קאַנאַל. מיר לויפן נישט, מיר גייען איינער לעבן אַנדערן און שפּרייזן מיט גרויסע טריט.

לעער זאָגט: — אַ זעלנעריש ברייטל איז עס ווערט געווען.

איך קאָן נאָך אַלץ נישט פועלן ביי מיר עפּעס צו רעדן. כ׳בין אפילו נישט פריילעך.

פּלוצלינג דערהערן מיר טריט און ביי גן זיך איין הינטער אַ קוסט.

די טריט קומען נענטער, גייען פאַרביי האַרט לעבן אונז. מיר זעען אַ נאַקעטן זעלנער, אין שטיוול, אַקוראַט, ווי מיר. ער טראָגט

אַ פּעקל אונטערן אָרעם און שפּרינגט פֿאָרויס אין נאַלאָפּ. עס איז טיאַדען אין זיין גאַנצער גדולה. ער ווערט תיכּף נעלם.

מיר לאַכן. מאָרגן וועט ער זידלען.

שטילערהייט קריכן מיר צו צו אונזערע שטרוי-זעק.

*

מ׳רופֿט מיך אין קאַנצעלאַריע. דער קאָמפּאַניע-פֿירער גיט מיר אַן אורלויב-שיין און אַ פֿאָר-שיין און ווינשט מיר אַ גליקלעכן וועג. איך גיב אַ קוק אויף ווי לאַנג איך האָב אורלויב. זיבעצן טעג. פֿערצן טעג אורלויב און דריי טעג אויפֿן וועג. ס׳איז צו-ווייניק און כ׳פֿרעג, צי כ׳קאָן נישט קריגן קיין פֿינף טעג אויפֿן וועג. בערטינק ווייזט אָן אויף מיין שיין. ערשט איצט דערזע איך, אַז איך דאַרף נישט באַלד צוריקקומען אויפֿן פֿראָנט. נאָכן אורלויב דאַרף איך מיך מעלדן אויף די קורסן אין סטעפּ-לאַגער.

די איבעריקע זענען מיך מקנא. קאַט גיט מיר אַן עצה טובה, ווי אַזוי כ׳זאָל מיך פּרוּוון אַרויסדרייען פֿון פֿראָנט. — אויב דו האָסט נאָר שכל, בלייבסטו שוין דאָרט שטעקן.

כ׳וואָלט געהאַט מער הנאה, ווען כ׳דאַרף ערשט פֿאָרן אין אַכט טעג אַרום. ווייל אַזוי לאַנג פֿאַרבלייבט מען נאָך דאָ און דאָ איז גאַנץ גוט.

נאַטירלעך, מוז מען אַוועק אַ לעב טון אין דער קאַנטינע. מיר אַלע זענען אַביסל בגילופֿין. איך ווער מרה-שחורהדיק. זעקס וואָכן וועל איך דאָ נישט זיין, דאָס איז, נאַטירלעך, אַ געוואַלטיק גליק, אָבער ווי אַזוי וועט דאָ אויסזען, ווען כ׳וועל צוריקקומען? וועל איך נאָך דאָ טרעפֿן אַלע? האַיע און קעמעריך זענען מער נישטאָ — ווער גייט נאָך זיי?

מיר טרינקען און איך קוק אָן איינעם נאָכן אַנדערן. אַלבערט זיצט לעבן מיר און רויכערט. ער איז לוסטיק. מיר זענען אַלעמאָל געווען צוזאַמען, אַקעגנאיבער זיצט קאַט מיט די אַראָפּהענגעדיקע אַקסלען, דעם ברייטן דוימען-פֿינגער און מיטן רויקן קול; מיללער מיט די אַרויסקריכנדיקע ציין און מיט זיין בילנדיק לאַכן; טיאַדען

מיט די מויז-אייגעלעך; לעער, וואס לאזט זיך וואקסן א גרויסע באָרד און זעט-אויס ווי א פערציקער.

איבער אונזערע קעפ שוועבט א געדיכטער רויך. וואס ווא.ט געווען דער זעלנער אָן אביסל טאבאק? די קאנטינע איז א מקום-מקלט. ביר איז מער, ווי א פשוט געטראנק. עס איז אויך א סימן, אז מ׳מעג אָן מורא אויסגלייכן די ביינער. מיר טוען עס טאקע, ווי ס׳דארף צו זיין. די פיס שטרעקן מיר אויס לאנג פאר זיך און מיר שפייען געמיטלעך ארום, אז ס׳איז א מחיה. ווי מאָדנע דאס אַלץ זעט אויס, בעת מ׳דארף שוין מאָרגן אַוועקפאָרן פון דאנען!

ביינאכט זענען מיר נאָכאמאָל אין יענער זייט קאנאל. כ׳האָב כמעט מורא צו דערציילן דער שמאָלער און טונקעלער, אז איך פאָר אַוועק און אז צוריקקומען וועל איך שוין, מסתמא, נישט אהער און אז מיר וועלן זיך, הייסט עס, מער נישט זען. אָבער זי שאָקלט מיטן קאָפּ און נעמט זיך ווייניק איבער. איך קאָן דאס נישט פארשטיין, אָבער דערנאָך באנעם איך עס. לעער איז גערעכט: ווען איך וואָלט ווייטער אַוועק אויפן פראָנט, וואָלט איך נאָך אַלץ געווען אַן „אָרעם יינגל". אָבער אורלויב — דאס גייט זיי ווייניק אָן, דאס איז שוין נישט אזוי אינטערעסאנט. זאָל זי דער רוח נעמען מיט איר זשומען און פלאפלען. מ׳גלויבט אין נסים, צום סוף זענען עס בלויז זעלנערישע ברייטלעך.

צומאָרגנס אַנטלויז איך מיך און מארשיר אַוועק צו דער פעלד-באן. אַלבערט און קאַט באגלייטן מיך. אין דער סטאציע הערן מיר, אז עס וועט נאָך מסתמא געדויערן א פאָר שעה, ביז די באן וועט אַוועקגיין. ביידע מוזן צוריק אַוועק צום דינסט. מיר געזעגענען זיך.

— זיי געזונט קאַט, זיי געזונט אַלבערט.

זיי גייען און ווינקען-צו נאָך א פאָר מאָל פון דער ווייטנס. זייערע געשטאַלטן ווערן קלענער. יעדער טריט זייערער, יעדע באַוועגונג זייערע איז מיר היימיש. איך וואָלט זיי דערקענט פון ווי-ווייט. דערנאָך ווערן זיי פארשוווּנדן.

איך זעץ מיך אַוועק אויף מיין טאָרניסטער און וואַרט.

פלוצלינג כאַפּט מיך אָן א געוואַלטיקע אומגעדולדיקייט וואָס גיכער אַוועק פון דאנען.

כּליג אויף וואָקזאַלן, כּשטיי פּאַר זופּן-קעסלען, כּוואַלגער זיך אויף דילן. צום סוף ווערט די לאַנדשאַפט אינדרויסן דריקנדיק, אומהיימלעך און באַקאַנט. אין אָוונט גליטשט זי זיך איבער די פענצטער: דערפער, וואָס זייערע שטרוי-דעכלעך זענען טיף אַראָפּגעצויגן איבער די געקאַלכטע הייזלעך מיט פּרייסישע מויערן. קאָרנפעלדער, וואָס גלאַנצן אין קרומען שיין, ווי פּערלמוטער, אויבסט-גערטנער, שייערס און אַלטע לינדן-ביימער.

די נעמען פון די סטאַציעס פאַרוואַנדלען זיך אין באַגריפן פון וועלכע מיין האַרץ נעמט ציטערן. דער צוג קלאַפּט און קלאַפּט. כּשטיי ביים פענצטער און האַלט מיך פעסט צו אין די הילצערנע רעמען. די דאָזיקע נעמען אַרום מיין יוגנט.

פלאַכע לאָנקעס, פעלדער, הייף. אַ פערד-און-וואָגן שלעפּט זיך אַליין אונטערן הימל מיט אַ וועג, וואָס גייט לענג-אויס דעם האָריזאָנט; אַ שלאַבאַן, פּאַר וועלכן ס׳וואַרטן פויערן, מיידלעך, וואָס ווינקען, קינדער, וואָס שפּילן זיך ביים באַן-פּלאַנט, וועגן, וואָס פירן טיף אין לאַנד אַריין, גלאַטע וועגן אָן אַרטילעריע.

ס׳איז אָוונט און ווען דער צוג וואָלט אויפגעהערט קלאַפּן, וואָלט איך געמוזט אָנהויבן שרייען. דער פליין וויקלט זיך פאַנאַנדער ברייט. אין דער העלער בלויקייט שיילט זיך אַרויס פון דערווייטנס אַ סילועט פון בערג-קאָנטורן. איך דערקען די כאַראַקטעריסטישע ליניע פון דאָלבענבאַרג, אָט דער צייניקער קאַם, וואָס האַקט זיך מיטאַמאָל אָפּ דאָרטן, וווּ ס׳ענדיקט זיך דער שפּיץ פון וואַלד. הינטן מוז ליגן די שטאָט.

אָבער איצט ווערט די וועלט פאַרגאָסן פון גאָלד-רויטן ליכט. דער צוג דרייט זיך אויס איינמאָל אינדערקרום, נאָכאַמאָל און — ס׳באַווייזן זיך לאַנגע שורות טאָפּאָלעס איינע הינטער דער אַנדערער, ווייט אַוועק, האַלב-פאַנטאַסטישע, פאַרווייעטע, טונקעלע, אַ געמיש פון שאָטן, ליכט און בענקשאַפט.

דאָס פעלד דרייט זיך אַוועק מיט זיי צוזאַמען פאַמעלעך. דער צוג מיידט זיי אויס, די בלויזן ווערן קלענער, ווערן צונויפגעגאָסן און אין איין רגע זעען זיי מיר אויס ווי פון איין שטיק. דערנאָך רוקן זיך אַרויס אַנדערע הינטער די פאָדערשטע און זיי בלייבן לאַנג

שטיין אַליין אונטערן הימל, ביז זיי ווערן פֿאַרשטעלט פֿון די ערשטע הייזער.

אַ בריק איבער די שינעס. איך שטיי ביים פּענצטער און קאָן זיך נישט צעשיידן. די איבעריקע גרייטן-צו זייערע זאַכן צום אויסשטייגן. איך זאָג אַרויס צו מיר אַליין דעם נאָמען פֿון דער גאַס, וועלכע מיר פֿאָרן-אַדורך: ברעמער-גאַס — ברעמער-גאַס.

אונטן זעט מען וועלאָסיפּעדן, וואָגנס, מענטשן. אַ גרויסע גאַס און אַ גרויער טונעל. זי נעמט מיך אַריין, ווי אַ מאַמע.

דערנאָך בלייבט דער צוג שטיין פֿאַר אַ וואָקזאַל פֿול מיט ליאַרם, קולות און שילדן. איך פּאַק צו מיין טאָרניסטער און צי צו די האָקנס. דערנאָך נעם איך די ביקס און טשאַפּע אַראָפּ פֿון די טרעפּלעך.

אויפֿן פּעראָן קוק איך מיך אום. כ׳קען קיינעם נישט פֿון די מענטשן, וואָס טומלען דאָ. אַ שוועסטער פֿון רויטן קרייץ לייגט מיר פֿאָר, כ׳זאָל עפּעס טרינקען. איך קער מיך אָפּ. זי שמייכלט צו מיר נאַרישעוואַטע און איז שטאַרק אַדורכגענומען מיט איר וויכטיקייט: זעט, איך גיב אַ זעלנער אַ גלאָז קאַווע. זי רופֿט מיך אַפֿילו „קאַמעראַד״. נאָך דאָס האָט מיר געפֿעלט.

אין יענער זייט פֿון וואָקזאַל רוישט דער טייך לעבן דער גאַס. ער זשומעט שוימיק-ווייס אַרויס פֿון דער שלוזע אין דער מיל-בריק. לעבן טייך שטייט דער אַלטער, פּירעקיקער וואַך-טורעם און פֿאַר אים — דער גרויסער, געדיכטער לינדן-בוים און הינטער זיי — דער אָוונט.

דאָ פֿלעגן מיר אַמאָל זיצן. ווי לאַנג איז עס דען? איבער אָט-דער בריק זענען מיר געגאַנגען און איינגעאָטעמט דעם קילן, פֿוילן ריח פֿון פֿאַרהאַמעוועטן וואַסער. מיר פֿלעגן זיך איינקוקן איבערגעבויגענע צו דעם רויקן אָפּפֿלוס פֿון דער-זייט שלוזע, וווּ גרינע וואַסער-געוויקסן האָבן געהאָנגען אויף די בריק-זיילן. אין יענער זייט שלוזע האָבן מיר זיך אין הייסע טעג געפֿרייט מיטן שפּריצנדיקן שוים און געפּלוידערט וועגן אונזערע לערערס.

איך גיי איבער דער בריק. כ׳קוק אויף רעכטס און אויף לינקס. דאָס וואַסער איז נאָך אַלץ פֿול מיט וואַסער-געוויקסן און ס׳שיסט

נאָך אַלץ אַראָפּ, אין אַ העלן בויגן. אין טורם-בנין שטייען די וועשינס, ווי אַמאָל, מיט אַנטבלויזטע אָרעמס פאַר דער ווייסער וועש און די היץ פון די פּרעס-אייזנס שטראָמט פון די אָפענע פענצטערס. הינט שלעפּן זיך איבער דער שמאָלער גאַס, פאַר די טירן פון די הייזער שטייען מענטשן און קוקן מיר נאָך, ווי איך גיי אַ שמוציקער און באַלאָדן מיט פּעק.

אין אָט דער קאָנדיטעריי האָבן מיר געגעסן געפרוירנס און זיך געלערנט רויכערן פּאַפּיראָסן. אין אָט דער גאַס, וועלכע גליטשט זיך דורך פאַר מיר, קען איך יעדעס הויז; דאָס קאָלאָניאַל-געשעפט, דער אַפּטייק-סקלאַד, די בעקעריי. צום סוף בלייב איך שטיין פאַר, דער ברוינער טיר מיט דער אויסגעריבענער קלאַמקע און די האַנט ווערט מיר שווער. כ׳עפן. ס׳נעמט מיך אַרום אַ מאָדנע קילקייט, ס׳נעמט מיר שווינדלען פאַר די אויגן.

אונטער מיינע שטיוול קרעכצן די טרעפּ. אויבן גיט אַ קלאַפּ אַ טיר. עמעץ קוקט איבער דעם אָנשפּאַר. דאָס האָט מען געעפנט די קיך-טיר. מ׳באַקט גראָד קאַרטאָפל-לאַטקעס, ס׳שמעקט דערפון אין הויז. היינט איז דאָך שבת-צונאַכטס און מיין שוועסטער בויגט זיך דאָס מסתמא אַרויס. אַ רגע פארשעם איך מיך און לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, דערנאָך נעם איך אַראָפּ דעם העלם און קוק אַרויף. יאָ, ס׳איז מיין עלטסטע שוועסטער.

— פּאַולן — רופט זי. — פּאַולן —

איך שאָקל מיטן קאָפּ. מיין טאָרניסטער שטויסט זיך אָן אין אָנשפּאַר. מיין געווער איז אַזוי שווער.

זי רייסט אויף די טיר און טוט אַ רוף: — מאַמע, מאַמע. פּאַול איז דאָן

כ׳קאָן מער נישט טון קיין טריט ווייטער. מאַמע, מאַמע, פּאַול איז דאָ.

איך שפּאַר מיך אָן אין דער וואַנט און נעם אַרום מיט די הענט מיין געווער און מיין העלם. איך דריק זיי צו אַזוי פעסט, ווי כ׳קאָן נאָר, אָבער קיין טריט טון קאָן איך נישט. די טרעפּ שווימען אַוועק פון מיינע אויגן. כ׳קלאַפּ מיר אָן מיט דער קאָלבע אין די פיס און פארבייס מיט כעס די ציין, אָבער איך קאָן נישט ביישטיין קעג

דעם איינעם וואָרט, וואָס מיין שוועסטער האָט אַ רוף געטון, קיין זאַך קאָן דאָס נישט בײַשטיין. איך שטרענג מיך געוואַלטיק אָן צו שמייכלען און רעדן, אָבער כיקאָן נישט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. און אַזוי שטיי איך אויף די טרעפּ אומגליקלעך, אומבאַהאָלפן, אין אַ מוראדיקן קראַמף. כוויל נישט וויינען, נאָר די טרערן לויפן מיר אַזוי איבערן פּנים.

מיין שוועסטער קומט צוריק און פרעגט:—וואָס איז דיר דען?

דעמאָלט נעם איך צונויף מיינע כוחות און טשאַפּע אַריין אין פּאָדערהויז. מיין ביקס לען איך אָן אין אַ ווינקל, דעם טאָרניסטער שטעל איך ביי דער וואַנט און לייג אַרויף דערויף דעם העלם. כטו אויך אויס דעם פּאַסעק מיט אַלץ, וואָס הענגט דערויף. דערנאָך זאָג איך מיט כעס: — דערלאַנג שוין אַמאָל אַ טיכל.

די שוועסטער גיט מיר אַרויס אַ טיכל פון שאַנק און איך וויש מיר אָפּ דאָס פּנים. איבער מיר אויף דער וואַנט הענגט דאָס גלעזערנע שענקל מיט די פאַרביקע זומער-פייגעלעך, וועלכע איך האָב אַמאָל צונויפגעזאַמלט.

איצט הער איך מיין מוטערס קול. עס קומט פון שלאָף-צימער.

— זי איז געשלאָפן? — פרעג איך מיין שוועסטער.

— זי איז קראַנק. — ענטפערט זי.

איך גיי צו איר אַריין, דערלאַנג איר די האַנט און זאָג אַזוי רויק, ווי כיקאָן נאָר: — דאָ בין איך, מאַמע.

זי ליגט שטיל אין דער האַלבער טונקלקייט. דערנאָך פרעגט זי דערשראָקן און כיפּיל, ווי זי באַטראַכט מיך מיט איר בליק: — ביסט פאַרוווּנדעט?

— ניין, כיהאָב אורלויב.

מיין מוטער איז זייער בלייך. איך האָב מורא צו מאַכן ליכטיקער. — אָט ליג איך גאָר און וויין — זאָגט זי — אָנשטאָט מיך צו פרייען.

— ביסט קראַנק, מאַמע? — פרעג איך.

— היינט וועל איך אַביסל אויפשטיין — זאָגט זי און ווענדט זיך צו דער שוועסטער, וואָס מוז יעדער ווייל אַ שפּרונג טון אין קיך אַריין, כדי דאָס עסן זאָל נישט אָנברענען. — עסן אויף דעם

סלאָי מיט די איינגעמאַכטע באָראָווקעס. דו האָסט דאָך עס ליב? — פרעגט זי מיך.

יאָ, מאַמע, דאָס האָב איך שוין לאַנג נישט געגעסן.

— גלייך מיר וואָלטן פאָרויסגעזען, אַז וועסט קומען — לאַכט מיין שוועסטער, — גראָד דיינע ליבלינג-מאכלים: קאַרטאָפל-לאַטקעס און איצט אפילו באָראָווקעס-איינגעמאַכטס.

— ס'איז דאָך טאַקע שבת-צו-נאַכטס — ענטפער איך.

— זעץ דיך אַוועק לעבן מיר — זאָגט מיין מוטער.

זי קוקט מיך אָן. אירע הענט זענען אַקעגן מיינע ווייס און קרענקלעך און שמאָל. מיר רעדן בלויז עטלעכע ווערטער און כ'בין איר דאַנקבאַר, הלמאי זי פרעגט מיך גאָרנישט. וואָס האָב איך טאַקע צו דערציילן: ס'איז געשען אַלץ, וואָס ס'האָט נאָר געקאָנט געשען. כ'בין אַרויס גאַנץ און זיץ לעבן איר. און אין קיך שטייט מיין שוועסטער, מאַכט אָוונט-ברויט און זינגט צו.

— מיין ליב יינגלן — זאָגט מיין מוטער שטילערהייט.

אין אונזער משפחה איז מען קיינמאָל נישט געווען איבעריק צערטלעך. דאָס איז נישט דער שטייגער ביי אָרימע מענטשן, וואָס מוזן אַסך אַרבעטן און זענען שטענדיק פאַרזאָרגט. זיי קאָנען דאָס זיך נישט פאַרשטיין. זיי האָבן נישט ליב איבערצוחזרן צו-אָפט דאָס, וואָס זיי ווייסן סיי-ווי-סיי. אַז מיין מאַמע זאָגט מיר „ליב יינגל", איז עס אַזויפיל, ווי ערגעץ אַנדערש ווער ווייסט וואָס. כ'ווייס גאַנץ זיכער, אַז דאָס גלאָז מיט דעם איינגעמאַכטס איז דאָס ערשטע זינט חדשים און אַז מען האָט עס באַהאַלטן פאַר מיר, אַקוראַט ווי די אַלטגעבאַקענע קעקסן, מיט וועלכע מ'איז מיך איצט מכבד. ביי אַ געלעגנהייט האָט זי זיכער געקריגן אַביסל און תיכף אַוועקגעלייגט פאַר מיינעטוועגן.

איך זיץ ביי איר בעט און דורכן פענצטער פינקלען אַריין די גאַלדיק-ברייטע קאַשטאַן-ביימער פון אַקעגנאיבערדיקן רעסטאָראַן-גאָרטן. איך אָטעם פאַמעלעך און טראַכט מיר: „ביסט אין דער היים, ביסט אין דער היים". אָבער כ'קאָן נישט פטור ווערן פון אַ מין פאַרלעגנהייט, כ'קאָן מיך נאָך אַלץ דאָ נישט פילן אינגאַנצן גוט. אָט איז מיין מוטער, דאָ איז מיין שוועסטער, דאָ איז מיין שענקעל מיט די זומער-פייגעלעך און דאָ איז דער מאַהאָן-קלאַוויר — אָבער איך

אליין בין נאָך נישט אינגאַנצן דאָ. צווישן זיי הענגט אַ שלייער און לאָזט מיך נישט צוקומען אינגאַנצן.

דערפאַר גיי איך איצט צו, נעם דעם טאָרניסטער צום בעט און פּאַק־אויס, וואָס כ׳האָב מיטגעבּרענגט: אַ גאַנצן איידאַמער קעז, וועלכן קאַט האָט מיר בּאַזאָרגט, צוויי זעלנערישע בּרייטלעך, דריי־פערטל פונט פּוטער, צוויי פּושקעס לעבּער־ווורשט, אַ פונט שמאַלץ און אַ זעקל רייז.

— דאָס וועט אייך זיכער צונוץ קומען.

זיי שאָקלען מיט די קעפּ. — דאָ איז מסתמא שלעכט דער־מיט? — וויל איך זיך דערוויסן.

— יאָ, נישטאָ קיין סך. און איר אויפן פראָנט האָט גענוג?

איך שמייכל און ווייז־אָן אויף די מיטגעבּראַכטע זאַכן. — נישט אַלעמאָל אַזויפיל, אָבּער עס גייט אין אַ געוויסער מאָס.

ערנאַ טראָגט אַוועק די שפּייז. מיין מוטער נעמט מיך פּלוצלונג אָן האַסטיק בּיי דער האַנט און פרעגט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם:

— ס׳איז טאַקע זייער שלעכט געווען אויפן פראָנט, פּאַול?

מאַמע, וואָס זאָל איך דיר ענטפע־ן דערויף! דו וועסט עס נישט פאַרשטיין און קיינמאָל נישט בּאַנעמען. דו דאַרפסט עס טאַקע נישט בּאַנעמען. צי ס׳איז שלעכט געווען? — פרעגסטו. דו, מאַמע.
— איך שאָקל דעם קאָפּ און זאָג: — ניין, מאַמע, נישט אַזוי שלעכט. מיר זענען אַסך צוזאַמען, דערפאַר איז נישט אַזוי שלעכט.

— יאָ, אָבּער נישט לאַנג איז הי־געווען היינריך בּרעדעמאַיער. האָט ער דערציילט, אַז ס׳איז שרעקלעך איפן פראָנט, מיט דעם גאַז און מיט די אַלעם אַנדער זאַכן.

מיין מאַמע זאָגט עס, זי זאָגט: מיט דעם גאַז און מיט די אַלע אַנדערע זאַכן. זי ווייסט נישט, וואָס זי רעדט. זי ציטערט בּלויז פאַר מיר. זאָל איך איר דערציילן, אַז מיר האָבּן אַמאָל געפונען דריי גרובּנס בּיים שונא און אַלע מענטשן אינעווייניק זענען געווען פאַרגליווערט, ווי דער שלאַג וואָלט זיי געטראָפן? — אויף די וואַלן, אין די בּאַ־העלטנישן, ווו זיי זענען גראָד געווען זענען אַלע געלעגן און געשטאַ־גען טויטע, מיט בּלויע פּנימער.

— אַך, מאַמע, וואָס מ׳זאָגט אַלץ — ענטפער איך. — בּרע־

דעמאַיער האָט גלאַט דערציילט מעשות, זעסט דאָך, כ'בין גאַנץ און אַפילו דיק.

בײַ דער ציטערנדיקער פאַרזאָרגטקייט פון מיין מוטער גנפין איך ווידער רו. איצט קען איך שוין אַרומגיין און רעדן און ענטפערן אָן מורא, אַז כ'וועל מיך פלוצלונג מוזן אָנשפּאַרן אין דער וואַנט, ווייל די וועלט וועט ווערן ווייך ווי גומי און די אָדערן שלאַבריק ווי צונטער.

מיין מוטער וויל אויפשטיין. איך גיי דערווייל אַריין צו מיין שוועסטער אין קיך. — וואָס איז איר? — פרעג איך.

זי פאַרציט מיט די אַקסלען: — זי ליגט שוין אַ פּאָר חדשים, מיר האָבן דיר אָבער נישט געטאָרט שרייבן. ס'זענען בײַ איר שוין געווען אַסך דאָקטוירים, איינער האָט גאָר געזאָגט, אַז ס'איז אַ ראַק.

*

איך גיי צו דער באַצירק-קאָמאַנדע, כדי מיך צו מעלדן. איך וואַנדער איבער די גאַסן פּאַמעלעך. דאָ און דאָרטן שטעלט מיך עמעץ אָפּ. איך בלייב נישט לאַנג שטיין, ווייל כ'וויל נישט אַסך רעדן.

ווען איך גיי צוריק פון קאַזאַרמע, רופט מיך עמעץ הויך אויפן קול. כ'דריי מיך אום אינגאַנצן אַ פאַרטראַכטער און דערזע פאַר מיר אַ מאַיאָר. ער צעבייזערט זיך: איר קאָנט אייך נישט גריסן?

— אַנטשולדיקט, הער מאַיאָר — זאָג איך צעמישט — כ'האָב אייך נישט געזען.

ער נעמט נאָך העכער שרייען: — איר קאָנט זיך נישט אויס-דריקן קלוגער?

כ'וואָלט אים זייער גערן אויסגעפּאַטשט, אָבער כ'באַהערש מיך, ווען נישט איז מיין אורלויב אַ געפּטרטער, — שאַר צונויף די פיס און זאָג: — כ'האָב דעם הער מאַיאָר נישט געזען.

— טאָ גיט, זייט מוחל, אַכטונגען — בעסט ער זיך, — ווי הייסט איר?

איך ראַפּאָרטיר.

זיין רויטיק, דיק פנים איז נאָך אַלץ אויפגערעגט.—קאָמפּאַניע?

איך מעלד לויטן רעגולאַמין. ס'איז אים נאָך אַלץ ווייניק — ווו ליגט זי?

אָבער כ'האָב שוין גענוג און ענטפער: — צווישן לאַנגע-פּאַרק און ביקסשוט.

— וואָס הייסט? — פרעגט ער פאַרבלעפט.

איך ערקלער אים, אַז מיט אַ שעה צוריק בין איך געקומען אויף אורלויב, און בין זיכער, אַז איצט וועט ער זיך אָפּטשעפען. אָבער כ'האָב אַ טעות. ער ווערט אפילו נאָך ווילדער. — איר וואָלט געווען אַ בעלן אַהער אַריינצופירן פראָנט-מנהגים, וואָס? דאָ גייט עס נישטן דאָ הערשט, גאָט צו דאַנקען, אָרדנונגן

ער קאָמאַנדירט: — צוואָנציק טריט צוריק, מאַרש, מאַרשן

ס'קאָכט אין מיר אַ טעמפּער צאָרן. אָבער כ'קאָן גאָרנישט אויפטון קעגן אים. ער קאָן מיך תיכף אַרעסטירן, אויב ער וויל. איך מאַרשיר צוריק, גיי פאָרויס און זעקס מעטער פאַר אים טו איך אַ הויב די האַנט צום היטל און נעם זי אַוועק נישט פריער, ווי זעקס מעטער הינטער אים.

ער רופט מיך ווידער צו און גיט מיר צו וויסן מיט גרויס לייט-זעליקייט, אַז דאָס איינע מאָל וויל ער טון חסד מיט מיר. איך מאַך מיך, אַז כ'בין אים דאַנקבאַר. — אָפּטרעטן — קאָמאַנדירט ער. איך טו מיך פלינק אַ דריי אויס און צי אָפּ.

דער אָונט איז צוליב דעם אַן איבערגעפירטער. איך זע אַהיימצוקומען, וואַרף אַוועק דעם אוניפאָרם אין אַ ווינקל. כ'האָב עס סיי-ווי-סיי געהאט בדעה צו טון. דערנאָך נעם איך אַרויס פון שאַנק דעם ציוויל-אַנצוג און טו מיך אָן.

כ'בין שוין נישט געוווינט דערצו. דער אַנצוג איז צו-קורץ און שמאָל. ביי די זעלנער בין איך געוואַקסן. ס'קומט מיר שווער אָן אָנצוטון דעם קראַגן און דעם קראַוואַט. צום סוף בינדט מיר אויס די שוועסטער דעם קראַוואַט. ווי לייכט אַזאַ אַנצוג איז, ס'דוכט זיך, ווי מ'וואָלט געגאַנגען בלויז אין אונטערהויזן און אין העמד.

איך באַטראַכט מיך אין שפּיגל. אַ מאָדנע אויסזען. ס'קוקט

אויף מיר פון דאָרטן פאַרוואונדערט אָן אָפּגעבּרענטער, אַבּיסל-אויס־געוואַקסענער בחור אין קאָנפירמאַציע-עלטער.

מיין מוטער פרייט זיך, וואָס איך בּין אָנגעטון אין ציוויל. איך וועל איר צוליבּ דעם היימישער. נאָר מיין פאָטער וואָלט גיכער געוואָלט, כ׳זאָל טראָגן דעם אוניפאָרם. ער וויל מיט מיר אַזוי גיין צו בּאַקאַנטע.

אָבּער איך וועל מיך קענען דעם.

*

עס איז גוט צו זיצן שטיל ערגעץ, צום בּיישפּיל אין רעסטאָ־ראַן-גאָרטן אַקעגנאַיבּער אונטער די קאַשטאַן-בּיימער, נאָענט צו דער קרענגעלניע. די בּלעטער פאַלן אויפן טיש און אויף דער ערד, ווייניק נאָך, די סאַמע ערשטע. פאַר מיר שטייט אַ גלאָז בּיר, טרינקען האָט מען זיך אויסגעלערנט בּיים מיליטער. דאָס גלאָז איז האַלבּ-אויסגע־ליידיקט, כ׳האָבּ נאָך, הייסט עס, עטלעכע גוטע, קילע שליק בּיר און אויסערדעם קאָן איך בּאַשטעלן, ווען כ׳וויל, נאָך אַ צווייט גלאָז און אַ דריטס. ס׳איז דאָ נישט קיין אַפּעל און קיין הארמאַטן-פייער, די קינ־דער פון ווירט שפּילן אין דער קרענגעלניע און דער הונט לייגט אַוועק זיין קאָפּ אויף מיין קני. דער הימל איז בּלוי. צווישן די בּלעטער פון די קאַשטאַן-בּוימער שטייגט אויף דער גרינער טורם פון דער מאַר־גאַרעטן-קירך.

דאָס איז גוט און איך האָבּ עס ליבּ. אָבּער מיט קיין מענטשן קאָן איך מיר נישט קיין עצה געבּן. דער איינציקער מענטש, וואָס פרעגט גאָרנישט, איז מיין מוטער. מיט מיין פאָטער אַפּילו איז שוין אינגאַנצן אַנדערש. ער וואָלט געוואָלט, אַז איך זאָל עפּעס דערציילן פון פראָנט, ער האָט פאַרלאַנגען, וועלכע איך האַלט פאַר נאַריש און רירנדיק. אַפּילו צו אים האָבּ איך שוין נישט קיין רעכטע בּאַציונג. ער וואָלט צום ליבּסטן געוואָלט כסדר עפּעס הערן דערציילן. ער ווייסט נישט, פיל איך, אַז עפּעס אַזוינס קאָן מען נישט דערציילן און כ׳וואָלט עס אים גערן צוליבּ געטון. אָבּער ס׳איז אַ סכנה פאַר מיר ארויסצובּרענגען אָט די רייד. איך האָבּ מורא, אַז זיי וועלן אויס־

וואַקסן ריזיק־גרויס און זיך מער נישט לאָזן באַהערשן. שיין וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען דאָס אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אויפֿן פראָנט, זאָל אונז ווערן קלאָר.

איך באַגניגן זיך דערפֿאַר בלויז דערמיט, וואָס איך דערצייל אים עטלעכע פּריילעכע מעשׂות. ער פֿרעגט מיך, אָבער, צי כ׳האָב נישט אָנטייל גענומען אין קיין האַנט־קאַמף. כ׳זאָג ניין, שטיי אויף און גיי אַרויס.

פֿונדעסטוועגן פֿועלט עס ווייניק. נאָכדעם ווי כ׳האָב מיך עט־לעכע מאָל דערשראָקן אויף דער גאַס, ווייל דאָס קוויטשן פֿון טראַמ־וויי איז ענלעך צום הײלן פֿון אַנטלויפֿנדיקע גראַנאַטן, האָט מיר עמעץ אַ קלאַפּ געטון איבער די אַקסלען. עס איז מיין דייטשער לע־רער און ער באַפֿאַלט מיך מיט די שטענדיקע פֿראַגן. — נו, ווי זעט אויס אויפֿן פראָנט. מוראָדיק, מוראָדיק, נישט אמת? יאָ, ס׳איז שרעקלעך, אָבער מיר מוזן אויסהאַלטן. סוף־כּל־סוף האָט איר כאָטש אויפֿן פראָנט גוט צו עסן, ווי כ׳האָב געהערט. איר זעט גוט אויס, פֿאַול, פֿעסט. דאָ איז, נאַטירלעך, ערגער. ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך און זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז דאָס בעסטע דאַרף גיין פֿאַר אונזערע סאָלדאַטן.

ער שלעפּט מיך צו צו אַ רעסטאָראַן־טיש. מ׳נעמט מיך אויף גרויסאַרטיק. אַ דירעקטאָר גיט מיר די האַנט און זאָגט: — אַזוי, איר קומט פֿון פראָנט? וואָס פֿאַר אַ גייסט הערשט דאָרטן? אויסגע־צייכנט, אויסגעצייכנט, וואָס?

איך ערקלער, אַז יעדער איינער וואָלט מיטן גרעסטן פֿאַרגניגן אַהיימגעקומען.

ער לאַכט דינערנדיק: — דאָס גלויב איך! אָבער פֿריער מוזט איר אָנקיילן דעם פראַנצמאַן! איר רויכערט? אָט איז, פֿאַררויכערט. קעלנער, דערלאַנגט אונזער יונגן קעמפֿער אויך אַ גלאָז ביר.

כ׳האָב ליידער צוגענומען דעם ציגאַר, דערפֿאַר מוז איך בלייבן זיצן. אַלע צעגיסן זיך אין פֿריינדלעכקייט, אַזוי לשם פֿאַרגניגן, קעגן דעם לאָזט זיך גאָרנישט טון. פֿונדעסטוועגן בין איך אומצופֿרידן און פּאַפּע אַזוי גיך, ווי כ׳קאָן נאָר. כּדי כאָטש עפּעס צו טון, גיס איך אין מיר אַריין דאָס גלאָז ביר מיט איין צי. גלייך באַשטעלט מען פֿאַר

מיר אַ צווייטע גלאָז. דער עולם ווייסט, וואָס מ׳איז שולדיק דעם זעל־נער. מ׳דיספּוטירט וועגן דעם, וואָס מיר דאַרפֿן אַנעקטירן. דער די־רעקטאָר מיט דער אייזערנער זייגער־קייט וויל קריגן צום מיינסטן: גאַנץ בעלגיע, דעם קוילן־געביט פֿון פֿראַנקרייך און גרויסע שטיקער פֿון רוסלאַנד. פֿ׳זענען דאָ געוויסע סיבות, טענהט ער, פֿאַרוואָס מיר מוזן דאָס באַקומען און ער עקשנט זיך אַזוי לאַנג, ביז די אַנדערע מוזן אים נאָכגעבן. דערנאָך הויבט ער אָן קלאָר צו מאַכן, ווו מ׳דאַרף אָנהויבן אין פֿראַנקרייך דעם דורכבראָך און בינו־לבינו ווענדט ער זיך צו מיר: — איר גייט אַביסל פֿאָרויס דאָרטן אויפֿן פֿראָנט און מאַכט אַ סוף מיט אייער אייביקן פּאָזיציע־קאַמף. וואַרפֿט אַרויס די חברה, וועט זיין שלום.

איך ענטפֿער, אַז לויט אונזער מיינונג, איז אַ דורכבראָך אוממעגלעך. יענע דאָרטן האָבן צופֿיל רעזערוון. אַחוץ דעם איז דער קריג אַנדערש, ווי מ׳שטעלט זיך אים פֿאָר.

ער שפּאַרט איבער גדלותדיק און באַווייזט מיר, אַז איך פֿאַר־שטיי גאָרנישט אין אַזעלכע זאַכן. — אוודאי, דער יחיד — זאָגט ער. — אָבער דער עיקר איז דאָך דאָס גאַנצע, און וועגן דעם איז אויך שווער צו משפּטן, איר זעט נאָר אייער קליין ווינקל און איר קאָנט דערפֿאַר נישט האָבן קיין איבערבליק. איר טוט אייער חוב, איר שטעלט איין אייער לעבן — דערפֿאַר זענט איר ווערט דעם גרעסטן כבוד. יעדער פֿון אייך וואָלט געדאַרפֿט קריגן דעם אייזערנעם קרייץ. אָבער קודם־כל מוז דער געגנערישער פֿראָנט אין פֿלאַנדערן דורכגע־בראָכן ווערן און דערנאָך פֿון אויבן ליקווידירט ווערן.

ער סאָפּעט און ווישט זיך די באָרד. — פֿולשטענדיק ליקווי־דירט מוז ער ווערן, פֿון אויבן אַרונטער. און דערנאָך — אויף פּאַריז.

כ׳וואָלט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי ער שטעלט זיך דאָס פֿאָר און כ׳גיס דערווייל אַריין אין מיר דאָס דריטע גלאָז ביר, ער הייסט תיכף דערלאַנגען אַ פֿערטס.

אָבער כ׳שטיי אויף. ער רוקט מיר אַריין אין קעשענע נאָך עטלעכע ציגאַרן און געזעגנט מיך מיט אַ פֿריינדלעכן קלאַפּ אין פּליי־

צע: — אַלדאָס גוטס, לאָמיר האָפֿן, אַז מ׳וועט איינגיכן הערן פֿון אייך עפּעס רעכטס.

*

איך האָב מיר גאָרנישט פֿאָרגעשטעלט דעם אורלויב. פֿאַראַיאָרן האָט ער טאַקע אַנדערש אויסגעזען. דאָס האָב אי ך מיך אין דער צווישן־צייט געענדערט. צווישן דאַמאָלט און היינט ליגט אַ תהום. דאַמאָלס האָב איך נאָך נישט געוווּסט, וואָס דער קריג איז אַזוינס, מיר זענען געלעגן אין רויקע ווינקעלעך. היינט פֿיל איך, אַז אַליין נישט ווויסנדיק, בין איך געוואָרן שלאַבריקער. איך קלויב מיך דאָ מער נישט פֿונאַנדער, ס׳איז אַ פֿרעמדע וועלט. טייל פֿרעגן, אַנדערע פֿרעגן נישט און מ׳דערקענט, אַז זיי זענען שטאָלץ דערמיט. אָפֿט זאָגן זיי עס מיט יענער פֿאַרשטייענדיקער מינע, אַז מ׳קאָן וועגן דעם נישט רעדן. זיי דרייען זיך אַרום אויף דעם חשבון מיט איינרעדעניש.

צום ליבסטן בין איך אַליין, דעמאָלט שטערט מיר קיינער נישט. ווייל אַלע קומען תמיד צוריק אויף דעם זעלבן שמועס: ווי שלעכט ס׳איז און ווי גוט ס׳איז. איינער האַלט אַזוי, דער אַנדערער אַזוי. פֿלינק זענען זיי נאָר, ווען ס׳גייט וועגן זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו זייער לעבן. אַמאָל האָב איך זיכער אויך געלעבט אַקוראַט אַזוי. אָבער איצט איז עס מיר אינגאַנצן פֿרעמד.

עפּעס רעדן זיי מיר צופֿיל. זיי האָבן זאָרגן, צילן, פֿאַרלאַנגען, וועלכע איך קאָן נישט באַנעמען אויף אַזאַ אופֿן, ווי זיי. טיילמאָל זיץ איך מיט איינעם פֿון זיי אין דעם קליינעם רעסטאָראַנגערטנדל און פּרוּוו אים קלאָר צו מאַכן, אַז דאָס איז אייגנטלעך שיין אַלץ: צו זיצן אַזוי במנוחה. זיי פֿאַרשטייען עס, נאַטירלעך, שאָקלען צו, האַלטן אויך, אַז ס׳איז אַזוי. אָבער בלויז מיט די רייד, מיט די רייד. דאָס איז עס: זיי שפּירן עס, אָבער נאָר האַלב. די אַנדערע העלפֿט פֿון זייער מהות שפּאַרט אָן ערגעץ אַנדערש. זיי זענען שוין אַזוי פֿאַרטיילט. קיינער שפּירט נישט מיטן גאַנצן לעבן. כ׳קאָן אַליין אויך נישט רעכט אַרויסזאָגן, וואָס כ׳מיין.

ווען כ׳זע זיי אַזוי, אין זייערע צימערן, אין זייערע ביוראָס,

בייַ זייערע פאַכן, ציט עס מיך שטאַרק צו. איך וואָלט אויך געוואָלט טוען דאָס אייגענע און פאַרגעסן אין קריג. אָבער באַלד שטויסט עס מיך צוריק אָפּ. עס איז אַזוי ענג. ווי אַזוי קאָן דאָס אויספּילן אַ לעבן. מ'דאַרף דאָס אַלץ צעברעכן. ווי אַזוי קאָן דאָס בלייבן אַזוי, ווען אויפן פראָנט זשומען גראַנאַטן איבער די גרובנס. די לייכט-קוילן הויבן זיך אינדערהויך, די פאַרוואונדעטע ווערן צוריק-געשלעפּט אויף טראָג-בעטלעך און די חברים לויפן זיך באַהאַלטן אין די גרובנס דאָ זענען אַנדערע מענטשן, מענטשן, וועלכע כ'קאָן נ״ט רעכט באַנעמען, וועלכע כ'בין מקנא און כ'פּיל צו זיי אַ ביטול. כ'מוז טראַכטן וועגן קאַטן און אַלבערטן און מיללערן און טיאַדענען. וואָס קאָנען זיי איצט טון? אפשר זיצן זיי אין דער קאַנטינע, אדער — זיי שווימען גאָר? — באַלד וועלן זיי ווידער מוזן אַוועק אויך אויפן פראָנט.

*

אין מיין צימער שטייט הינטער דעם טיש אַ ברוינע לעדערנע סאָפע. איך זעץ מיך אַריין.

צו די ווענט זענען צוגעקלאַפּט מיט קנאָפּקעס אַסך בילדער, וועלכע איך פלעג אַמאָל אויסשניידן פון צייטונגען. צווישן זיי פּאָסט-קאַרטן און צייכנונגען, וואָס זענען מיר געפעלן. אין ווינקל שטייט אַ קליין אייזערן אייוועלע, בײַ דער וואַנט אַקעגנאיבער — אַן עטאַזשערקע מיט ביכער.

אין אָט דעם צימער האָב איך געלעבט, איידער כ'בין געוואָרן אַ סאָלדאַט. די ביכער האָב איך געקויפט איינס נאָכן אַנדערן פאַר דעם געלד, וואָס איך האָב פאַרדינט פון לעקציעס. אַסך אַנטיקוואַרישס. צום ביישפּיל — אַלע קלאַסיקער. אַ באַנד געבונדן אין שטייפער-בלויער לייוונט האָט געקאָסט אַ מאַרק מיט צוואָנציק פעניג. כ'האָב געקויפט אַלע ווערק, ווייל כ'בין אַ גרינדלעכער מענטש און ביי אויסגעווײלטע ווערק האָב איך נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די אַרויסגעבער, צי זיי האָבן טאַקע אויסגעקליבן דאָס בעסטע. דערפאַר האָב איך נאָר געקויפט „געזאַמלטע ווערק״. געלייענט האָב איך זיי

מיט אמתער התמדה, אָבער דער רוב האָבן מיר ווייניק גערעדט צום הארץ. דערפאַר האָב איך שטאַרק געהאַלטן פון די אַנדערע ביכער, די מאָדערנע, וואָס האָבן נאַטירלעך געקאָסט אסך טייערער. עטלעכע פון זיי האָב איך מיר איינגעשאַפט נישט אינגאַנצן אויף אַן ערלעכן אופן. כ׳פלעג באָרגן און נישט צוריקגעבן, ווייל כ׳האָב מיך נישט געקאָנט שיידן מיט זיי.

איין פאַך פון דער עטאַזשערקע איז אויסגעפילט מיט שול-ביכער. כ׳האָב זיי ווייניק געשוינט און זיי זענען שטאַרק אָפּגענוצט. ס׳זענען ארויסגעריסן זייטן, און מ׳ווייסט צו וואָס. אונטן זענען אָנגעפּאַקט העפטן, פּאַפּיר און בריוו, צייכנונגען און פּרוון.

כ׳וויל זיך אַריבערטראָגן מיט מיינע געדאַנקען אין יענער צייט. זי שוועבט נאָך דאָ אין צימער. כ׳דערפיל עס תיכף. די ווענט האָבן זי באַהאַלטן אין זיך. מיינע הענט׳ליגן אויף דעם אָנשפּאַר פון דער סאָפע. איצט זעץ איך מיך אַוועק באַקוועם און צי אויס די פיס. אזוי זיץ איך מיר געמיטלעך אין אַ ווינקל, אין די אָרעמס פון דער סאָפע. דאָס קליינע פענצטער איז אָפן, מ׳זעט דאָס היימישע בילד פון דער גאַס און ביים סוף — דעם אויפגעשאָסענעם קירך-טורם. אויף דעם טיש שטייען עטלעכע בלומען, ס׳ליגן פעדער-האַלטערס, בליישטיפטן, אַ מושל צוצוהאַלטן פּאַפּיר, אַ טינטאָרן — דאָ האָט זיך גאָרנישט געביטן.

אזוי וועט אויך אויסזען, אויב כ׳וועל האָבן מזל און נאָך דער מלחמה צוריקקומען אויף שטענדיק. כ׳וועל אַקוראַט אזוי זיצן און אָנקוקן מיין צימער און וואַרטן.

איך בין אויפגערעגט, אָבער כ׳וואָלט נישט געוואָלט זיין אזוי, ווייל ס׳איז נישט גוט. איך וויל ווידער האָבן אין מיר די שטילע התלהבות, שפּירן דעם שטאַרקן דראַנג אָן אַ נאָמען, ווי אַמאָל, בעת איך פלעג צוגיין צו מיינע ביכער. דער הויך פון פאַרלאַנגען, וואָס פלעג אַמאָל אויפגיין פון די פאַרביקע ביכער-רוקנס, זאָל מיך ווי-דער — וויל איך — פאַרכאַפּן; ער זאָל צעשמעלצן דאָס שווערע, טויטע, שטיק בליי, וואָס ליגט אין מיר און ווידער וועקן אין מיר די אומגעדולד צו דער צוקונפט, די באַפליגלטע פרייד מיט דער וועלט

פון געדאַנקען; ער זאָל מיר צוריקגעבן די פאַרלוירענע גרייטקייט פון מיין יוגנט.

איך זיץ און וואַרט.

ס׳פאַלט מיר איין, אַז כ׳מוז גיין צו קעמעריכס מוטער. ביי מיטלשטעטן מעג איך אויך זיין. ער מוז זיין אין דער קאַזאַרמע. כ׳קוק אַרויס פון פענצטער: הינטער דער זוניקער גאַס שיילן זיך אַרויס לייכט און פאַרשוווּמען בערגלעך, פאַרוואַנדלען זיך אין אַ העלן האַרבסט-טאָג. איך זיץ ביים פייער צוזאַמען מיט קאַט און אַלבערטן און עס געבראָטענע קאַרטאָפל פון דער שאָלעכץ.

אָבער כ׳וויל נישט טראַכטן וועגן דעם, איך וויש עס אָפּ פון מיין זכרון, זאָל דאָס צימער רעדן, זאָל עס מיך פאַנגען און אַוועקטראָגן, כ׳וויל פילן, אַז כ׳געהער אַהער און זיך צוהערן, כדי צו וויסן, בעת כ׳וועל צוריקגיין אויפן פראָנט: ווען ס׳וועט אָנקומען די כוואַליע פון צוריקקער, וועט דער קריג דערטרינקען און פאַרזינקען ווערן. ער וועט אַריבער, ער וועט אונז נישט צעפרעסן, ער האָט איבער אונז נישט מער ווי אַן אויסערלעכע שליטהן

די ביכער-רוקנס שטייען איינער ביים אַנדערן. כ׳דערקען זיי נאָך און געדענק, ווי אַזוי כ׳האָב זיי אויסגעשטעלט. איך בעט זיי מיט מיינע אויגן: רעדט צו מיר — נעמט מיך אויף, נעם מיך אויף, דו אַמאָליק לעבן—דו שיין, אָנזאָרגעווודיק לעבן—נעם מיך ווידער אויף.

— איך וואַרט, איך וואַרט.

בילדער ציען זיך פאַרביי. זיי בלייבן נישט. זיי זענען בלויז שאָטנס און זכרונות...

גאָרנישט, — גאָרנישט.

מיין אומרויקייט וואַקסט.

אַ מוראדיק געפיל פון פרעמדקייט שטייגט פלוצלינג אויף אין מיר. כ׳קאָן נישט צוריק געפינען דאָס אַמאָליקע, איך בין אָפּגעריסן. וויפל כ׳זאָל נישט בעטן און מיך אָנשטרענגען — קיין זאַך רירט זיך נישט. אַ טרויעריקער, אָפּגעטעמפּטער זיץ איך דאָ, ווי אַ פאַר־משפּטער און די פאַרגאַנגענהייט קערט זיך אָפּ פון מיר. איינצייטיק שפּיר איך אַ מורא צופיל זי צו בעטן, ווייל כ׳ווייס נישט, וואָס ס׳קאָן

אַלץ געשען דעמאָלט. איך בין אַ סאָלדאַט און דאָס מוז איך אײַנזינען האַלטן.

כ׳שטײ אויף אַ מידער און קוק אַרויס דורכן פענצטער. דערנאָך נעם איך אײנס פון די ביכער און בלעטער, כדי עפּעס איבערצולײענען. אָבער כ׳שטעל עס באַלד אַוועק און נעם אַן אַנדערס. ס׳זענען דאָרטן פאַראַן ערטער, וועלכע זענען אונטערגעשטראָכן. איך נישטער, בלעטער, נעם אַרויס פרישע ביכער. ס׳האָט זיך שוין אָנגעזאַמלט לעבן מיר אַ גאַנצער פּאַק. ס׳קומען צו נאָך, גיך — בלעטער, העפטן, בריוו.

שטום שטײ איך פאַר דעם. ווי פאַר אַ געריכט. דערשלאָגן.
ווערטער, ווערטער, ווערטער — זײ גרײכן נישט צו מיר.
פּאַמעלעך שטעל איך צוריק אַוועק די ביכער אין די בלויזן.
ס׳איז פאַרבײ.
כ׳גײ שטיל אַרויס פון צימער.

*

איך בין זיך נאָך נישט מיאש. אין מײַן צימער אַרײַן קום איך שוין, וואָס אמת, נישט אַרײַן, אָבער כ׳טרײסט מיך דערמיט, וואָס אָט־די עטלעכע טעג זענען נאָך נישט דער סוף. איך וועל נאָך האָבן — שפּעטער — יאָרן צײַט דערויף. דערווײַל גײ איך אַוועק צו מיטלשטעטן אין דער קאַזאַרמע און כ׳זיץ מיט אים צוזאַמען אין זײַן שטוב. דאָ איז אַ לופט, וואָס כ׳האָב נישט ליב, אָבער כ׳בין צו איר צוגעוווינט.

מיטלשטעט האָט גרײט אַ בשורה, וואָס עלעקטריזירט מיך באַלד. ער דערצײלט, אַז מ׳האָט קאַנטאָרעקן צוגענומען אין לאַנדשטורם. — שטעל דיר פאָר — זאָגט ער — און נעמט אַרויס אַ פּאָר גוטע ציגאַרן — איך קום אַהער פון לאַזאַרעט און שטויס מיך גלײַך אָן אויף אים. ער שטרעקט מיר אויס זײַן לאַפּע און נעמט קוואָקען: „גיב נאָר אַ קוק, מיטלשטעט, וואָס מאַכט מען?‟ אָבער איך שטעל אָן אויף אים אַ פּאָר גרויסע אויגן און ענטפער: לאַנדשטורם־מאַן קאַנטאָרעק, דינסט איז דינסט און שנאַפּס איז שנאַפּס,

איר אַליין דאַרפֿט דאָס צום בעסטן וויסן. האַלט אייך, ווי מ׳דאַרף,
בעת איר רעדט מיט אַ העכערן פֿון אייך. — וואָלסט געדאַרפֿט אָנ-
קוקן, וואָס פֿאַר אַ פּנים ער האָט געמאַכט ווי אַ זויערע אוגערקע
אין עסיק. ער האָט נאָך קווענקלענדיק געפּרוווט זיך צו חברען. אָבער
איך האָב אים נאָך שאַרפֿער אָפּגעשייגעצט. באין-ברירה האָט ער גע-
נומען צו הילף זיין שטאַרקסטע באַטעריע, און אַ פֿרעג געטון היי-
מיש: זאָל איך מיך משתדל זיין, מען זאָל דיך צולאָזן צום קריגס-
עקזאַמען? ער האָט מיך געוואָלט, פֿאַרשטייסטו, דערמאָנען. אָבער
דערפֿון בין איך שוין אַריינגעפֿאַלן אין רציחה און איך האָב מיר
אויך דערמאָנט. — לאַנדשטורם-מאַן קאַנטאָרעק, פֿאַר צוויי יאָר האָט
איר אונז געדרשנט מיר זאָלן גיין צו דער באַצירק-קאָמענדע. צווישן
אונז איז אויך געווען יאָזעף בעהם, וואָס האָט אייגנטלעך נישט גע-
וואָלט גיין. ער איז געפֿאַלן דריי חדשים פֿריער, איידער ער וואָלט
זיך געדאַרפֿט שטעלן. ווען נישט איר, וואָלט ער קודם-כּל אַזוי לאַנג
זיכער געלעבט. און איצט: אָפּטרעטן, מיר וועלן זיך נאָך דורכ-
שמועסן. — ס׳איז מיר לייכט אָנגעקומען צוגעטיילט צו ווערן צו
זיין קאָמפּאַניע. קודם-כּל האָב איך אים אַוועקגעפֿירט אין מאַגאַזין
און געזען מ׳זאָל אים ווי געהעריק אויספּוצן. וועסט אים באַלד אָנ-
קוקן.

מיר גייען אַרויס אויפֿן הויף. די קאָמפּאַניע איז אויסגע-
שטעלט. מיטלשטעט הייסט מאַרשירן און נעמט קאָנטראָלירן.

פּלוצלינג דערזע איך קאַנטאָרעקן און קאָן זיך קוים איינהאַלטן
פֿון לאַכן. ער טראָגט אַ לאַנגן, אָפּבלאַקירטן בלויען ראָק מיט פֿאַלעס,
אויף דעם רוקן און אויף די אַרבל זענען אַריינגעזעצט גרויסע טונ-
קעלע לאַטעס. דעם ראָק האָט אַמאָל געמוזט טראָגן אַ ריז. דערפֿאַר
זענען אָבער שוין קורץ די אויסגעריבענע, שוואַרצע הויזן. זיי גרייכן
אים ביז צו דער העלפֿט פֿון די לידקעס. די שיך ווידער זענען גרויס,
האַרט, ווי אייזן, אַ פּאָר אוראַלטע טרעטערס מיט אַרויפֿגעבויגענע
שפּיצן און צו פֿאַרשנורעווען אין די זייטן. כּדי אויסצוגלייכן די
עוולה — איז דאָס היטל ווידער שוין צו-קליין, אַ מוראָדיק שמוציק
און מיאוס קרעצל. דער אַלגעמיינער איינדרוק דערוועקט בלויז
רחמנות.

מיטלשטעט בלייבט שטיין פאַר אים — לאַנד-שטורם-מאַן קאַנטאָרעק, הייסט דאָס געפּוצט קנעפּ? איר וועט זיך עס שוין, דוכט זיך, קיינמאָל נישט אויסלערנען. נישט באַפרידנדיק, קאַנטאָ-רעק, נישט באַפרידנדיק.

איך ריטשע טיף אין האַרץ פון פאַרגניגן. אַקוראַט אַזוי האָט קאַנטאָרעק אין שול געשטראָפט מיטלשטעטן, אַפילו מיטן אייגענעם ניגון: נישט באַפרידנקנדיק, מיטלשטעט, נישט באַפרידנקנדיק.

מיטלשטעט מוסרט ווייטער: — קוקט אָן בעטכערן, ער קאָן אייך דינען פאַר אַ ביישפּיל, פון אים דאַרפט איר אייך לערנען.

איך גלויב קוים מיינע אייגענע אויגן. בעטכער איז אויך דאָ פאַראַן, אונזער שול-פּאָרטיער. און פון אים דאַרף מען נעמען, אַ ביישפּילן קאַנטאָרעק שטעכט מיך דורך מיטן בליק, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט אויפפרעסן. אָבער איך פינטל מיט חוזק אין זיין פּרצוף אַריין, גלייך כ'וואָלט אים מער נישט דערקענט.

ווי נאַריש ער זעט אויס מיט זיין קרעצל און זיין אוניפאָרם און פאַר אַזאַ איינעם האָט מען דאָס אַמאָל געציטערט אימת-מות, ווען ער פלעגט אַמאָל זיצן מעשה קעניג אויף דער קאַטעדרע און פלעגט מיט דער בלייפעדער ממש שטעכן פאַר די נישט רעגולערע פראַנצויזישע קאָניוגאַציעס, מיט וועלכע מ'האָט דאָך שפּעטער אין פראַנקרייך גאָרנישט געקאָנט אויפטון—ס'איז בסך-הכל צוויי יאָר זינט דעמאָלט——און איצט שטייט דאָ דער לאַנד-שטורם-מאַן קאַנטאָרעק ראַפּטום אויס קאַפּעליוש-מאכער, גייט קרומע קניען און הענט, ווי אויערן פון אַ טאָפּ, מיט שלעכט געפּוצטע קנעפּ און אין אַ קאָמישער האַלטונג — אַן אוממעגלעכער זעלנער. איך קאָן אים בשום-אופן מער נישט צונויפפּאָרן מיט דעם דראָענדיקן בילד אויף דער קאַטעדרע און כ'וואָלט באמת געוועען אַ בעלן צו וויסן, וואָס איך וועל טון, ווען אָט-דער קלאָגעדיקער פאַרשוין וועט מיך, אַן אַלטן זעלנער, אַמאָל ווידער אַ פרעג טון:—בוימער, ווי וועט זיין דער אימפּערפעקטום פון אַלע—

דערווייל הייסט מיטלשטעט אַביסל מאַכן איבונגען אין קאַמף-ליניע. קאַנטאָרעק ווערט דערביי גוטמוטיק באַשטימט פאַרן גרופּע-פירער.

ער האָט דערביי אַ באַזונדערע כוונה. דער גרופּע-פירער מוז

בײַ די איבונגען אַלעמאָל זיך געפינען צוואָנציק טריט פון זײַן גרופּע. אויב מ׳גיט אַ קאָמאַנדע: אויסדרייען מאַרשן דאַרף די קאָמף-ליניע זיך בלויז אויסדרייען. דער גרופּע-פירער, דערפאַר, וואָס בלייבט צוליב דעם צוואָנציק טריט הינטער דער ליניע, מוז נעמען לויפן אין גאַלאָפּ, כדי ווידער צו קומען אויף צוואָנציק טריט פאַר דער גרופּע. צוזאַמען זענען דאָס פערציק טריט מאַרש, מאַרש. ווי נאָר ער קומט אָבער אָן, באַפעלט מען גאַנץ פּשוט ווידער: — אויסדרייען—מאַרשן און קאַנטאָרעק מוז ווידער יאָגן מיטן גאַנצן כוח פערציק טריט אין דער אַנדערער זײַט. אַזוי אַרום מאַכט די גרופּע בלויז געמיטלעך אָן אויסדריי און עטלעכע טריט, אין דער צײַט ווען דער גרופּע-פירער מוז אַרומלויפן אַהין-און-צוריק ווי אַ רוח אין דרייען. דער גאַנצער אויפטו איז איינער פון הימלשטאָס אויסגעפּרוווטע רעצעפּטן.

קאַנטאָרעק קאָן פון מיטלשטעטן עפּעס מער נישט פאַרלאַנגען, ווײַל ער האָט אים אַמאָל נישט דורכגעלאָזט אין אַ העכערער קלאַס, און מיטלשטעט וואָלט געווען אַ היפּשער נאַר, ווען ער לאָזט דורך אָט די גוטע געלעגנהייט, איידער ער גייט ווידער אַוועק אויפן פראָנט. מ׳שטאַרבט אפשר אַביסל גרינגער ווען מ׳ווייסט, אַז דער זעלנער קאָן אויך אַמאָל לערנען מיט עמעצן בלק.

דערווײַל לויפט אום קאַנטאָרעק אַהין-און-צוריק ווי אַ אײַ־בערגעשראָקענער ווילדער חזיר. אין אַ צײַט אַרום רײַסט מיטלשטעט איבער, דערנאָך הויבן זיך אָן די וויכטיקע איבונגען פון קריכן. אויף די קני און עלנבויגן, מיט דער ביקס אין האַנט לויטן רעגולאַמין. רוקט קאַנטאָרעק זײַן פראַכט-פיגור איבערן זאַמד, האַרט פאַרבײַ אונז. ער סאָפּעט שווער און זײַן סאָפּען איז ריינע מוזיק.

מיטלשטעט מונטערט אים אויף און טרייסט דעם לאַנד-שטורם-מאַן קאַנטאָרעק מיט ציטאַטן פונעם אויבער-לערער קאַנטאָ-רעק:—לאַנד-שטורם-מאַן קאַנטאָרעק, מיר האָבן דאָס גליק צו לעבן אין אַ גרויסער צײַט, מיר מוזן זיך אַלע צונויפנעמען און גובר זײַן די בּי־טערניש.

קאַנטאָרעק שפּײַט אויס אַ שמוציק שטיק האַלץ, וואָס האָט זיך אים אַרײַנגעכאַפּט צווישן די ציין און שוויצט.

מיטלשטעט בויגט זיך איין, און דרשנט דורכנעמענדיק: — און איבער קלייניקייטן דאַרף מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן די גרויסע איבערלעבונג, לאַנד-שטורם-מאַן קאַנטאָרעקן

ס׳וווּנדערט מיך, וואָס קאַנטאָרעק ווערט נישט צעפּלאַצט אויף איינמאָל, בפרט נאָך איצט אין דער טורן-לעקציע, ווען מיטלשטעט קאָפּירט אים גרויסאַרטיק נאָך, און בעת יענער דראַפּעט זיך אויפן רעק, נעמט ער אים אָן ביים גזועם, כדי די גאַמבע זאָל אויסקומען איבער דער שטאַנג, דערביי שיט ער מיט קלוגע רייד. אַקוראַט אַזוי האָט זיך קאַנטאָרעק אַמאָל נוהג געווען מיט אים.

דערנאָך ווערט באַשטימט די ווייטערדיקע דינסט. — קאַנטאָרעק און בעטכער זאָלן גיין ברענגען ברייטלעך נעמט-מיט דאָס האַנט-וועגעלע.

אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער לאָזט זיך אַרויס דאָס פּאָרל מיטן האַנט-וועגעלע. קאַנטאָרעק האַלט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ פון רציחה. דער פּאָרטיער איז צופרידן, וואָס ער קריגט לייכטע דינסט.
אדורכגיין אהין-און-צוריק איבער דער גאַנצער שטאָט.

די בעהעריי איז אין אנדערן עק שטאָט. ביידע מוזן דערפאַר — זיי טוען דאָס שוין עטלעכע טעג—פינטלט מיטלשטעט מיט חוזק. — ס׳זענען דאָ מענטשן, וואָס וואַרטן דערויף, זיי זאָלן זיי קאָנען אָנקוקן.

— אויסגעצייכנט — זאָג איך. — אָבער ער האָט זיך נאָך נישט באַקלאָגט?

— געפּרוּווט. אונזער קאָמאַנדיר האָט מוראדיק געלאַכט, ווען ער האָט דערהערט די געשיכטע. ער האָט פיינט מלמדים. אחוץ דעם פלירטעווע איך מיט זיין טאָכטער.

— ער וועט דיר אָפּטון אַ שטיקל ביים עקזאַמען.

— דערויף פייף איך — טענהט מיטלשטעט געלאַסן. — אחוץ דעם האָט זיין באַקלאָגן זיך נישט געהאַט קיין שום צוועק, ווייל כ׳קאָן באַווייזן, אז ער האָט מייסטנס לייכטע דינסט.

— קאָנסט אים נישט אַמאָל פעסט אָנקאַטעווען? — פרעג איך.

— דערויף איז ער מיר צו-נאַרישעוואַטע—ענטפערט מיטל-שטעט גדלותדיק מיט אַ גרויסן זשעסט.

*

וואָס איז דער אורלויב? — אַ מין וואַקלעניש, וואָס מאַכט דאָס שפּעטערדיקע נאָך אַסך שווערער, שוין איצט הויבט זיך אָן שפּירן דאָס געזעגענען זיך. מיין מוטער קוקט מיך אָן שווייגנדיק. זי ציילט די טעג. איך ווייס עס. יעדן אינדערפרי, ווערט זי טרויריק. ס'איז שוין ווידער מיט אַ טאָג וויינִיקער. מיין טאָרניסטער האָט זי ערגעץ פאַררוימט, זי וויל נישט, ער זאָל זי דערמאָנען אין מיין אוועקפאָרן.

די שעהן לויפן שנעל, בעת מ'גריבלט זיך אין רעיונות. איך נעם מיך צוזאַמען און באַגלייט מיין שוועסטער. זי גייט אין יאַטקע אַריין נעמען עטלעכע פונט ביינער. דאָס איז אַ גרויסע פּריווילעגיע און תיכף אינדערפרי שטעלט מען זיך אויס אין אַ רייע און מען וואַרט דערויף. טייל פאַלן אין חלשות פון מידקייט.

מיר האָבן נישט קיין מזל. נאָכדעם ווי מיר זענען בייטנדיק זיך אָפּגעשטאַנען דריי שעה, צעגייט זיך דער עולם פון דער רייע. ס'איז מער נישטאָ קיין ביינער.

ס'איז גוט, וואָס איך קריג מיין שפּייז. איך ברענג אַ טייל דערפון מיין מוטער און מיר האָבן אַזוי-אַרום אַלע אַביסל קרעפטיקער עסן.

די טעג ווערן אַלץ שווערער. מיין מוטערס אויגן — אַלץ טרויעריקער. נאָך פיר טעג. איך מוז צוגיין צו קעמעריכס מוטער.

*

מ'קאָן דאָס בשום-אופן נישט באַשרייבן. אָט די ציטערנדיקע בליפנדיקע פרוי, וואָס טרייסלט מיך און שרייט צו מיר: — פאַר-וואָס-זשע לעבסט דו, אויב ער איז טויטן וואָס פאַרפלייצט מיך מיט טרערן און רופט: — פאַרוואָס זענט איר בכלל פאַראַן, קינדער, ווי

*

איר — וואָס פֿאַלט אַריין אין אַ שטול און נעמט וויינען: — האָסט אים געזען? האָסט אים נאָך געזען? ווי אַזוי איז ער גע-שטאָרבן?

איך זאָג איר, אַז ער האָט געקריגן אַ קויל אין האַרץ און איז גלייך געבליבן ליגן טויט. זי קוקט מיך אָן, זי איז מסופק. — דו זאָגסט ליגנט, איך ווייס בעסער. כ׳האָב געפֿילט, ווי שווער ער איז געשטאָרבן. כ׳האָב געהערט זיין קול, כ׳האָב באַנאַכט געשפּירט זיין שרעק. זאָג דעם אמת, איך וויל עס וויסן, איך מוז עס וויסן.

— ניין — זאָג איך. — כ׳בין אַליין געווען לעבן אים. ער איז תּיכף געבליבן טויט.

זי בעט מיך שטילערהייט: — זאָג מיר, דו מוזט. כ׳ווייס, דו ווילסט מיך אַזוי אַרום טרייסטן, אָבער זעסט דען נישט, אַז דו פּייניקסט מיך מער, ווי ווען דו וואָלסט געזאָגט דעם אמת? איך קאָן נישט פֿאַרטראָגן די אומזיכערקייט. זאָג מיר, ווי אַזוי ס׳איז געשען, מעג עס זיין ווי שרעקלעך. ס׳איז נאָך אַלץ בעסער פֿון דעם, וואָס איך שטעל מיר פֿאָר.

איך וועל עס נישט זאָגן, זי קאָן מיך אַפֿילו צע-מאָלן אויף קאַשע. איך האָב אויף איר רחמנות, אָבער זי זעט מיר אויך אויס אַביסל נאַריש. זי מוז דאָך איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל וויסן: קעמעריך איז טויט, אַלץ איינס, צי זי ווייסט ווי-אַזוי ער איז געשטאָרבן, צי נישט. ווען מ׳האָט געזען אַזויפֿיל טויטע, וויפֿל איך, קאָן מען מער נישט רעכט באַנעמען, ווי אַזוי מ׳קאָן אַזויפֿיל ליידן צוליב איינעם. דערפֿאַר זאָג איך אַביסל אומגעדולדיק: — ער איז תּיכף געבליבן טויט. ער האָט עס אַפֿילו נישט געפֿילט. זיין פּנים איז געווען אינגאַנצן רויק.

זי שווייגט. דערנאָך פֿרעגט זי פּאַמעלעך: — דו קאָנסט שווערן דערויף?

— יאָ.

— ביי אַלעמען, וואָס ס׳איז דיר הייליק?

— אַך, גאָט, וואָס איז מיר שוין הייליק. אַזאַ זאַך בייט זיך ביי אונז גאָר גיך.

— יאָ, ר׳איז תּיכף געשטאָרבן.

— זאָלסט אַזוי צוריקקומען פון פראָנט, ווי דו זאָגסט נישט קיין ליגן.

— כ׳זאָל אַזוי צוריקקומען פון פראָנט, ווי ר׳איז תיכּף געשטאָרבן.

ווער ווייסט, וואָס כ׳וואָלט נאָך אַלץ גענומען אויף מיר. אָבער איצט, ווייזט אויס, גלויבט זי מיר שוין, זי קרעכצט און וויינט לאַנג, איך מוז איר דערציילן, ווי אַזוי ס׳איז פאָרגעקומען און כ׳טראַכט אויס אַ מעשה, אין וועלכער כ׳הויב כמעט אַליין אָן צו גלויבן.

ווען איך גיי אַוועק, גיט זי מיר אַ קוש און שענקט מיר זיינס אַ בילד: ער איז אָנגעטון אין רעקרוטן-אוניפאָרם און שטייט אָנגע-שפּאַרט אין אַ קיילעכדיקן טיש, וואָס די פיס זיינע זענען אומגע-שיילטע בזשאָזע-צווייגן. פון הינטן איז אויפגעמאָלט אַ וואַלד פאַר אַ הינטערגרונד. אויף דעם טיש שטייט אַ קופעל ביר.

*

ס׳איז דער לעצטער אָוונט אין דער היים. אַלע זענען שווייגנ-דיק. איך לייג מיך פרי שלאָפן, איך נעם אָן דאָס קישן, דריק עס צו מיר און לייג אַריין דעם קאָפּ. ווער ווייסט, צי כ׳וועל נאָך אַמאָל ליגן אין אַן אונטערבעט מיט פעדערן!

מיין מוטער קומט שפּעט ביינאַכט אַריין צו מיר אין צימער. זי מיינט, אַז איך שלאָף און איך מאַך טאַקע אַזאַ אָנשטעל. צו רעדן און זיין וואָך צוזאַמען — איז צו-שווער.

זי זיצט כמעט אַזוי ביז אינדערפרי, כאָטש זיליידט יסורים און קאָרטשעט זיך טיילמאָל. צום סוף קאָן איך מער נישט אויס-האַלטן און מאַך מיך, גלייך כ׳וואָלט מיך אויפגעכאַפּט.

— גיי שלאָפן, מאַמע, וועסט דיך נאָך פאַרקילן.

זי זאָגט: — כ׳וועל נאָך האָבן גענוג צייט צו שלאָפן.

איך זעץ מיך אויף. — כ׳גיי נישט תיכּף אויפן פראָנט, מאַמע. פריער גיי איך אַוועק אויף פיר וואָכן אין באַראַקן-לאַגער. פון דאָרטן וועל איך מיך אפשר נאָך אַהיימכאַפּן אין אַ זונטיק.

זי שווייגט — דערנאָך פרעגט זי שטילערהייט: — האָסט שטאַרק מורא?

— ניין, מאַמע.

— איך וויל דיר נאָך עפּעס זאָגן: — היט דיך פאַר די פרויען אין פראַנקרייך. זיי זענען דאָרטן שלעכטע.

אַך, מאַמע, מאַמען פאַר דיר בין איך אַ קינד — פאַרוואָס זאָל איך נישט קאָנען אוועקלייגן מיין קאָפּ אין דיין שויס און וויינען? פאַרוואָס מוז איך תמיד זיין דער שטאַרקערער און דער געפאַסטער? איך וואָלט דאָך אויך אַמאָל געוואָלט וויינען און געטרייסט ווערן, כ׳בין דאָך באמת נישט אַסך עלטער פון אַ קינד. אין שאַנק הענגען נאָך מיינע קורצע יונגלשע הויזן. ס׳איז דאָך אַזוי נישט לאַנג, זינט דעמאָלט. פאַרוואָס איז עס שוין פאַרביי?

איך זאָג אַזוי רויק, ווי כ׳קאָן נאָר: — דאָרטן, ווי מיר זענען, זענען נישטאָ קיין פרויען, מוטער.

— און זיי שטאַרק פאָרזיכטיק דאָרטן אין פעלד, פאַול.

אַך, מאַמע, מאַמע, פאַרוואָס זאָל איך דיך נישט נעמען אין מיינע אָרעמס און אַזוי שטאַרבן צוזאַמען מיט דיר. וואָס פאַרע עלנטע הינט מיר זענען

— יאָ, מאַמע, כ׳וועל זיין פאָרזיכטיק.

— כ׳וועל יעדן טאָג בעטן גאָט פאַר דיר, פאַול.

אַך, מאַמע, מאַמע, לאָמיר אויפשטיין און אַוועקגיין, צוריק דורך די יאָרן, ביז די גאַנצע פּיין זאָל מער נישט הויערן אויף אונז, צוריק צו דיר און צו מיר אַליין, מאַמען

— אפשר קאָנסטו קריגן אַ פּאָסטן, וואָס איז נישט אַזוי געפערלעך?

— יאָ, מאַמע, אפשר וועל איך אָנקומען אין קיך, ס׳קאָן גאַנץ גוט געמאָלט זיין.

— נעם אים אָן, מעגן די אַנדערע רעדן —

— דאָס אַרט מיך נישט, מאַמע —

זי זיפצט. איר פּנים שיינט ווייס אין דער טונקלקייט.

— איצט מוזטו גיין שלאָפן, מאַמע.

זי ענטפערט נישט. כ׳שטיי אויף און הענג איר אָן מיין קאָלדרע איבער די אַקסלען. זי שפּאַרט זיך אָן אין מיין אָרעם, זי ליידט יסורים. אַזוי-אַרום פיר איך זי אין איר צימער. אַ ווײַלע בלייב איך

נאָך בײַ איר: — װעסט נאָך געזונט װערן, מאַמע, ביז איך װעל צוריקקומען.

— יאָ, יאָ מײַן קינד.

— איר זאָלט מיר גאָרנישט שיקן, מאַמע. מיר האָבן אויפֿן פראָנט גענוג צו עסן. עס קאָן אײַך גלײַכער צו נוץ קומען דאָ.

װי עלנט זי ליגט אין איר בעט, זי, װאָס האָט מיך ליב מער פון אַלעמען. װען כ'װיל שוין אַװעקגײן, זאָגט זי האַסטיק: — כ'האָב דיר נאָך אָנגעגרײט צװײ פאָר גאַטקעס. ס'איז גוטע װאָל. זײ װאַרע־מען גוט. פארגעס נישט אײַנצופּאַקן זײ.

אַך, מוטער, כ'װײס, װיפל ס'האָבן דיך געקאָסט אָט די צװײ פאָר אונטערהויזן, װיפל דו האָסט געמוזט אַרומלויפן, אָפּשטײן און בעטן: אַך, מאַמע, מאַמע, װי קאָן מען דאָס באַנעמען, װאָס איך מוז אַװעק פון דיר. װער האָט דען רעכט אויף מיר אַחוץ דיר. איך זיץ נאָך דאָ און דו ליגסט דאָרטן. מיר דאַרפן אײנער דעם אַנדערן אַזוי פיל זאָגן און מיר װעלן עס קײנמאָל נישט קאָנען טון.

— אַ גוטע נאַכט, מאַמע.

— אַ גוטע נאַכט, מײַן קינד.

דאָס צימער איז טונקל. ס'הערט זיך מײַן מוטערס אײַנאָטע־מען און אויסאָטעמען. אין מיטן הערט זיך דער טיק־טאַק פון זײגער. אינדרויסן פאר די פענצטער װײעט דער װינט. די קאַשטאַן־בײמער רוישן.

אין פאָדערהויז שטוים איך מיך אָן אויף מײַן טאָרניסטער, װאָס שטײט שוין אַן אײַנגעפּאַקטער, װײל איך מוז מאָ־גן גאַנץ פרי אַװעק.

איך בײס מיך אײַן אין מײַן קישן איך קװעטש צונויף די פויסטן איבער די אײזערנע שטאַבעס פון מײַן בעט. כ'װאָלט קײנ־מאָל נישט געדאַרפט קומען אַהער. אויפן פראָנט בין איך געװען גלײַכגילטיק און אָפּט — אָן יעדער האָפנונג. כ'װעל עס קײנמאָל מער נישט קאָנען זײַן. כ'בין געװען אַ סאָלדאַט, און איצט בין איך נישט מער, װי אײן װײטיק, סײ צוליב מיר, סײ צוליב מײַן מוטער, סײ צוליב אַלץ, װאָס איז אָן אַ טרײסט און אָן אַ סוף.

כ'װאָלט קײנמאָל נישט געדאַרפט פאָרן אויף אורלויב.

די באַראַקן אין סטעפּ-לאַגער דעריקען איך נאָך. דאָ האָט הימלשטאָם ערצווינגען טיאַדענען. אָבער אַזוי קאָן איך דאָ כמעט קיי-נעם נישט. אַלץ האָט זיך געביטן, ווי אַלעמאָל. בלויז עטלעכע מענטשן האָב איך אַמאָל געזען פאַרביילויפנדיק.

די דינסט מאַך איך מעכאַניש. אין אָוונט בין איך כמעט שטענדיק אין דער זעלנער-היים, ס׳זענען דאָרטן פאַראַן זשורנאַלן, אָבער איך לייען זיי נישט. ס׳שטייט, אָבער, אויך אַ קלאַוויר און איך שפּיל אויף אים גערן. צוויי מיידלעך באַדינען. איינע פון זיי איז אַ יונגע.

דער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן דראָט-צוים. אויב מיר ווילן קומען שפּעט פון דער סאָלדאַטן-היים, מוזן מיר האָבן פּאַ-סיר-שיינען. ווער ס׳קאָן זיך מיט דער וואַך, קריכט, נאַטירלעך, אַזוי אויך אַדורך.

צווישע יאַלאָווע קוסטעס און בזשאָזע-וועלדער איבט מען יעדן טאָג אונזער קאָמפּאַניע-מושטרע אויפן סטעפּ. אויב מ׳האָט נישט מער קיין שום אַנדערע פאַרלאַנגען, איז עס צום פאַרטראָגן. מ׳לויפט פאַ-רויס, מ׳וואַרפט זיך אַנידער און דער אָטעם בייגט אַהין-און-אַהער די שטענגלעך און די סטעפּ-בלומען. ווען מ׳קוקט אַזוי נאָענט צו דער ערד, זעט דאָס קלאָרע זאַמד אויס ריין, ווי אין אַ לאַבאָראַטאָריע, צונויפגעלייגט פון אַ סך קליינע קיזל-שטיינדלעך. ס׳נעמט אָן אַ מאָדנע חשק אַריינצושטעקן דאָרטן די האַנט.

אָבער דאָס שענסטע זענען די וועלדער מיט זייערע בזשאָזע-ראַנדן. יעדע רגע בייטן זיי די קאָלירן. איצט לייכטן די שטאַמען העל-וויים. צווישן זיי שוועבט זיידן און לופטיק די פּאַסטעל-פאַרביקע גרינקייט פון די בלעטער. אין אַ מאָמענט שפּעטער בייט זיך דאָס אַלץ אויף אַ אָפּאַלענער בלויקייט, וואָס גליטשט זיך אַהער זילבערדיק פון ראַנד און וועפּט-אויס די גרינקייט. אָבער באַלד ווערט עס אויף איין אָרט פאַרטיפט כמעט ביז שוואַרצקייט, ווען אונטער דער זון גייט אַדורך אַ וואָלקן. צווישן די שטאַמען, וואָס זענען איצט אַש-גרוי,

לויפט אט-דער שאטן ווי א געשפענסט, אזש העט אראפ איבערן סטעפ צום האריזאנט. די בזשאזעם שטייען שוין דערווייל ווי פייערלעכע פע-גער מיט ווייסע שטאנגען פאר דער רויט-גאלדענער צעפלאמטקייט פון זייער קאליריק בלעטערווארג.

איך פארליר מיך אפט אין אט-דעם שפיל פון צארטע ליכטי-קייטן און דורכזיכטיקע שאטנס, טיילמאל אזוי ווייט, אז כ'פארהער כמעט די קאמאנדעס. ווען מ'איז אליין, הויבט מען אן זיך איינ-צוקוקן אין דער נאטור און זי ליב צו האבן. און איך האב דא נישט קיין גרויסע קאנטשאפט, און כ'וויל אויך נישט האבן איבער דער מאס. מ'קען צו ווייניק איינער דעם צווייטן. כדי מ'זאל קאנען עפעס אנדערש טון צוזאמען אחוץ אביסל צו פלאפלען און אין אוונט צו שפילן אין זיבעצן-און-פיר, אדער אין משה-קוישע.

לעבן אונזערע באראקן געפינט זיך דער גרויסער לאגער פון געפאנגענע רוסן. ער איז אפילו אפגעצוימט פון אונז מיט א דרא-טענער וואנט, פונדעסטוועגן גערא֫ט עס אמאל די געפאנגענע זיך אריבערצוכאפן צו אונז. זיי האלטן זיך דא זייער אפגעשראקן און מיט מורא, דערביי זענען זיי ס'רוב גרויסע, מיט בערד. דערפאר זעען זיי אויס, ווי אפגעשמיסענע, דערשלאגענע בערנארד-הינט.

זיי קריכן ארום אונזערע באראקן און פארקען זיך אין די מיסט-פעסער. מ'קאן זיך פארשטעלן, וואס זיי געפינען דארטן. אונזערע קעסט זענען לעצטנס קנאפע און קודם-כל שלעכטע. מ'גיט ריבן, צעשניטענע אויף זעקס טיילן און געקאכטע אין וואסער, שטי-קער נישט אפגעשיילטע מייערן, געפלעקטע קארטאפל איז שוין א מאכל-מלך און דאס סאמע בעסטע איז א שיטערע רייז-זופ, אין וועלכער ס'דארפן אומשווימען קליינע שטיקלעך רינדערן פלייש. אבער זיי זע-נען אזוי קליין, אז מ'קאן זיי לחלוטין נישט געפינען.

פונדעסטוועגן עסט מען, נאטירלעך, אלץ אויף. ווען עמעץ איז באמת אזוי רייך און דארף נישט אנפליישן זיך א פולן בויך, שטייען גרייט צען פאר איינעם און נעמען עס גערן צו. נאר די רעשטלעך, וואס דער לעפל קאן שוין נישט אננעמען, ווערן אויסגעשווענקט און אריינגעגאסן אין די מיסט-פעסער. דערצו גייט צו אביסל שאלעכץ פון ריבן, פארשימלטע פעניצלעך ברויט און כלערליי שמוץ.

אַט אויף דעם שיטערן, פּאַסקודנעם, שמוציקן וואַסער לאַקע־מען זיך די נעפּאַנגענע. זיי שעפּן עס גיריק אַרויס פון די שטיקנ־דיקע פעסער און טראָגן עס אַוועק הינטער די בלוזעס.

ס'איז מאָדנע אָנצוקוקן אַט־די פיינט אונזערע פון אַזוי נאָענט. זיי האָבן פּנימער, וואָס הייסן זיך פאַרטראַכטן, גוטע פויערן־פּנימער, ברייטע שטערנס, ברייטע נעז, ברייטע ליפּן, ברייטע הענט, געדיכטע האָר. מ'דאַרף זיי באַנוצן צו אַקערן און שניידן און רייסן עפּל. זיי זעען אויס נאָך גוטמוטיקער, ווי אונזערע פויערן אין פריז־לאַנד.

ס'איז טרויעריק צוצוקוקן צו זייערע העוויות, בעת זיי בעטלען עפּעס צו עסן. זיי זענען אַלע זייער אָפּגעשוואַכט, ווייל זיי קריגן אַקו־ראַט אַזויפיל, זיי זאָלן נישט שטאַרבן פון הונגער. מיר אַליין האָבן שוין אויך לאַנג נישט געקריגן אָנצועסן זיך צו דער זעט. זיי האָבן בלוט־שלשול, מיט דערשראָקענע בליקן ווייזן אַ טייל בגנבה בלוטיקע העמדער־שפּיצן. זייערע רוקנס, זייערע נאַקנס זענען אויסגעקרימט, די קני געבויגן, דער קאָפּ קוקט קרימלעך פון אונטן אַרויף, ווען זיי שטרעקן אויס די הענט און בעטלען מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס זיי קאָנען, בעטלען מיט די ווייכע, שטילע באַסן, וואָס זענען ווי וואַרימע אויוונס און היימישע שטובן.

ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס גיבן אַזאַ איינעם אַ קאָפּע, אַז ער פאַלט אַוועק. אָבער אַזעלכע זענען פאַראַן ווייניק. דאָס רוב טוט זיי גאָרנישט, מ'גייט דורך זיי פאַרביי. טיילמאָל אָבער, ווען זיי זעען שוין אויס צו־נעבעכדיק, פאַלט מען אַריין צוליב דעם אין רציחה און מ'דערלאַנגט זיי אַ קאָפּע. ווען זיי וואָלטן כאָטש נישט אַזוי געקוקט — וויפל עלנט איז פאַראַן אין אַזעלכע צוויי קליינע פּינטעלעך, וועלכע מ'קאָן פאַרשטעלן מיט אַ פינגער: אין די אויגן.

אין אָוונט קומען זיי אין די באַראַקן און האַנדלען. זיי גיבן אַוועק אַלץ, וואָס זיי האָבן, פאַר ברויט. טיילמאָל געראָט זיי עפּעס צו קריגן, ווייל זיי האָבן גוטע שטיוול, אונזערע זענען ערגערע. די לעדער פון זייערע שטיוול מיט די הויכע כאָלעוועס איז וווּנדערלעך ווייך, ווי יוכטן. די פויערישע זין ביי אונז, וואָס קריגן צוגעשיקט פון דער היים פעטע זאַכן, קאָנען זיך פאַרגינען צו קויפן אָט די שטיוול. דער פּרייז פון אַ פּאָר שטיוול איז מער־ווייניקער צוויי ביז דריי זעלנע־

רישע ברייטלעך, אָדער איין ברייטל און איין קליינע האַרטע נישט געראוויכערטע וווּרשט.

אָבער כמעט אַלע רוסן האָבן שוין לאַנג פאַרהאַנדלט די זאַכן, וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי טראָגן אויף זיך בלויז שמאַטעס און פּרוּוון פאַרקויפן קליינע שניצערייען און אַנדערע זאַכן, וואָס זיי מאַכן פון גראַנאַט-שפּליטערס און פון שטיקער קופּערנע רינגען. מיט-די זאַכן ברענגען נאַטירלעך ווייניק איין, כאָטש זיי האָבן געקאָסט אסך מי. דאָס גיט מען אוועק פאַר אַ פּאָר שטיקלעך ברויט. אונזערע פריערן זענען תקיפים און כיטרע בשעתן האַנדל. זיי האַלטן אַזוי לאַנג דאָס שטיק ברויט, אָדער ווורשט דעם רוס פאַר דער נאָז, — ביז ער ווערט בלאַס פון הונגער און די אויגן פאַרדרייען זיך ביי אים. דע-מאָלט איז אים שוין אַלץ איינס. אונזערע אָבער פאַרפּאַקן זייער מציאה מיט דער גאַנצער בנעימותדיקייט, צו וועלכער זיי זענען פעיק, נעמען אַרויס זייער דיק טאַשן-מעסער, שניידן אָפּ פּאַמעלעך און באַדעכטיק אַ שטיק ברויט פון זייער זאַפּאַס, בייסן צו ביי יעדן ביסן אַ שטיק האַרטע גוטע ווורשט און לאָזן זיך ווויל גיין נאָכן גוטן מסחר. מ׳ווערט אויפגערעגט, ווען מ׳קוקט זיך צו, ווי זיי ריקן, סיגלוסט זיך זיי אַ קנאַק צו טון איבער די גראָבע קעפּ. זיי גיבן זעלטן עפּעס. מ׳קאָן זיך טאָקע צו-ווייניק אויך

*

איז שטיי גאַנץ אָפט אויף דער וואַך ביי די רוסן. זייערע גע-שטאַלטן באַוועגן זיך אין דער טונקלקייט, ווי קראַנקע בושלעס, ווי גרויסע פייגל. זיי קומען צו נאָענט צו די קראַטעס און לייגן צו האַרט זייערע פּנימער. זייערע פינגער זענען פאַרקלאַמערט אויף די דראָטענע קניפּן. אָפט שטייען אַ סך צוזאַמען. זיי אָטעמען אַריין אין זיך דעם ווינט, וואָס קומט פון סטעפּ און פון די וועלדער.

זיי רעדן זעלטן און אַפילו דעמאָלט — גאָר ווייניק. זיי זע-נען מענטשלעכער ווי מיר דאָ און כ׳גלויב כמעט, אַז אויך — ברי-דערלעכער. אָבער דאָס נעמט זיך אפשר ד׳ערפון, וואָס זיי פילן זיך אומגליקלעכער פון אונז. העכסט איז דאָך פאַר זיי די מלחמה אַ

געענדיקטע. אָבער זיצן און וואַרטן אויף בלוט-שלשול איז אויך נישט קיין תכלית.

די לאַנד-שטורם-לייט, וואָס באַוואַכן זיי, דערציילן, אַז אין אָנהויב איז ביי זיי געווען לעבעדיקער. זיי האָבן געהאַט, ווי דער שטייגער איז, באַציונגען צווישן זיך און מ'האָט זיך אָפּט געקיילט צוליב דעם מיט מעסערס און פויסטן. איצט זענען זיי שוין אינגאַנצן טעמפּ און גלייכגילטיק. דער רוב אָנאַניזירט זיך שוין אפילו אויך נישט, אַזוי שוואַך זענען זיי. כאָטש אַמאָל דערגרייכט עס אַזוי ווייט, אַז ס'טוען עס גאַנצע באַראַקן.

( ) זיי שטייען ביי די קראַטעס. טיילמאָל קריכט איינער אַוועק, שטעלט זיך באַלד אַוועק נאָך אים אַן אנדערער. דער רוב שווייגט. בלויז איינצלנע בעטלען אַ מונדשטיק פון אַן אויסגערויכערטן פּאַפּיראָס.

איך זע זייערע טונקעלע געשטאַלטן. זייערע בערד ווייען אין ווינט. כ'ווייס פון זיי גאָרנישט מער ווי דאָס, אַז זיי זענען געפאַנגענע און גראָד דאָס טרייסלט מיך אויף. זייער לעבן איז אַן אַ נאָמען און אומשולדיק. ווען כ'וואָלט עפּעס מער געוווּסט וועגן זיי, אַ שטייגער ווי זיי הייסן, ווי זיי לעבן, אויף וואָס זיי האָפן, וואָס ס'פּייניקט זיי, וואָלט; די אויפטרייסלונג מיינע געהאַט אַ ציל און וואָלט געקאָנט דערגיין צו רחמנות. איצט אָבער פיל איך פון זיי אַרויס בלויז די ווייטיק פון דער קרעאַטור, די געוואַלטיקע מרה-שחורה פון לעבן און די אומבררחמנותדיקייט פון מענטשן.

אַ באַפעל האָט געמאַכט אָט-די שטילע געשטאַלטן פאַר אונזערע שונאים. אַ באַפעל קאָן זיי מאַכן פאַר אונזערע פריינד. ערגעץ ביי אַ טיש חתמענען אונטער אַ פּאַפּיר עטלעכע מענטשן, וועלכע קיינער פון אונז קען נישט, און יאָרן לאַנג איז אונזער העכסטער ציל אַ זאַך, וואָס אין אַ געוויינלעכע צייט רוט אויף איר די פאַראַכטונג פון מענטשן און די גרעסטע שטראָף. ווער קאָן דאָ בכלל נאָך אונטערשיידן צווישן פריינד און שונאים, בעת מ'קוקט אָן די שטילע מענטשן מיט די קינדערישע פּנימער און מיט די בערד פון אַפּאָסטאָלן. יעדער אונטעראָפיציר איז דעם רעקרוט און יעדער לערער דעם שילער מער שונא, ווי זיי אונז. און פונדעסטוועגן וואָלטן

מיר ווידער געשאָסן צו זיי, און זיי — צו אונז, ווען זיי וואָלטן גע-
ווען פריי.

איך ווער דערשראָקן. דאָ טאָר איך שוין ווייטער נישט
אַריינטראַכטן. דער דאָזיקער וועג דערפירט צו אַ תהום. ס'איז נאָך
נישט די צייט דערויף. אָבער איך וויל נישט פאַרלירן אָט-דעם גע-
דאַנק, איך וויל אים אויפהיטן אים איינשליסן, ביז צום סוף קריג.
מיין האַרץ קלאַפּט: איז דאָס נישט אַמאָל דער ציל, דאָס גרויסע,
דאָס איינמאָליקע, וועגן וואָס איך האָב געטראַכט אין גרובן און וואָס
איך האָב געזוכט פאַר אַ לעבנס-מעגלעכקייט נאָך אָט דעם חורבן
פון יעדער מין מענטשלעכקייט? איז דאָס נישט אַמאָל אַ חוב פאַרן
שפּעטערדיקן לעבן, אַ חוב, וואָס זאָל ווערט זיין די יאָרן פון גרויל?

איך נעם אַרויס מיינע פּאַפּיראָסן, צעברעך זיי צו צוויי שטיק-
לעך און גיב זיי אַוועק די רוסן. זיי פאַרנייגן זיך און פאַררויכערן.
איצט טליען צווישן עטלעכע פאַר ליפּן רויטע פייערלעך. זיי טרייסטן
מיך. זיי זעען-אויס ווי קליינע פענצטערלעך אין טונקעלע דאָרפישע
הייזלעך, וואָס זאָגן אויס, אַז אין דער שטוב אינעווייניק קאָן מען זיך
אויסבאַהאַלטן.

*

די טעג גייען אַוועק. אין איינעם אַ פאַרנעפּלטן פרימאָרגן באַ-
גראָבט מען ווידער אַ רוס. איצט שטאַרבן עטלעכע כמעט יעדן טאָג.
איך שטיי גראָד אויף דער וואַך, בשעת מ'באַגראָבט איינעם, די גע-
פאַנגענע זינגען אַ כאָראַל, זיי זינגען פילשטימיק און ס'דוכט זיך, אַז
נישט מענטשלעכע קולות זענען עס, נאָר אַן אָרגל, וואָס שפּילט ווייט
אין סטעפּ.

די קבורה ווערט געמאַכט אינדערגיך.

אין אָוונט שטייען ווידער רוסן ביי די קראַטעס און דער
ווינט בלאָזט צו זיי פון די בזשאָזע-וועלדער. די שטערן זענען
קאַלט.

איך קאָן שוין איצט עטלעכע פון זיי, וואָס רעדן נישקשהדיק
דייטש. אַ מוזיקער איז אויך דאָ צווישן זיי, ער דערציילט, אַז ער

איז געווען אַ פידלער אין בערלין. ווען ער דערהערט, אַז איך קאָן אַביסל שפּילן קלאַוויר, נעמט ער אַרויס זיין פידל און שפּילט. די איבעריקע זעצן זיך אַוועק און שפּאַרן זיך אָן מיט די רוקנס אין די קראַטעס. ער שטייט און שפּילט און האָט אָפּט דעם פאַרלווירענעם אויסדרוק פון פידלער, בשעת זיי מאַכן צו די אויגן. דערנאָך ווידער שאָקלט ער ריטמיש מיט זיין אינסטרומענט און שמייכלט צו מיר.

ער שפּילט, מסתמא, פאָלקס־לידער, ווייל די איבעריקע ברומען־צו. זיי זענען טונקעלע קברים, וואָס ברומען אַרויס פון דער טיפעניש. דער ניגון פון פידל שטייט איבער דעם אַלעמען, ווי אַ שלאַנק מיידל העל און אַליין. די שטימען ווערן אַנטשוויגן און ס'שפּילט בלויז די פידל. זי קלינגט דאָ אין דער נאַכט, ווי געפרוירן. מען מוז שטיין האַרט דערלעבן. אין אַ שטוב וואָלט שוין געווען בעסער, דאָ אינ־דרויסן ווערט מען טרויריק, ווען מ'הערט זי אַזוי אַליין אַרומ־בלאָנדזשען.

*

איך באַקום נישט קיין אורלויב זונטיק, ווייל איך האָב ערשט נישט לאַנג געהאַט אַ גרעסערן אורלויב אין לעצטן זונטאָג איידער כ'בין אַוועקגעפאָרן זענען דערפאַר מיין פאָטער און מיין עלטסטע שוועסטער געווען ביי מיר אויף באַזוך. מיר זיצן אַ גאַנצן טאָג אין דער סאָלדאַטן־היים. וווּ דען האָבן מיר געזאָלט זיין, אין די באַראַקן האָבן מיר נישט געוואָלט גיין. מיטאָג־צייט מאַכן מיר אַ שפּאַציר אין סטעפּ.

די שעהן שלעפּן זיך נאָגענדיק, מיר ווייסן נישט, וועגן וואָס צו רעדן. מיר רעדן, דערפאַר, וועגן דער קראַנקהייט פון מיין מוטער. ס'איז שוין זיכער אַ ראַק, זי ליגט שוין אין שפּיטאָל און וועט בקרוב אָפּערירט ווערן. די דאָקטוירים האָפן, אַז זי וועט געזונט ווערן, אָבער מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אַז ראַק זאָל אויסגעהיילט ווערן.

— ווו ליגט זי? — פרעג איך.

— אין לואיזע־שפּיטאָל — זאָגט מיין פאָטער.

— אין וועלכער קלאַס?

— אין דער דריטער. מיר מוזן אָפּוואַרטן, ביז מ'וועט וויסן,

וויפל די אָפּעראַציע דאַרף קאָסטן. זי האָט אַליין געוואָלט ליגן אין דער דריטער. זי זאָגט, אַז דאָרטן איז איר היימלעכער. ס'איז אויך ביליקער.

— אויב אַזוי, ליגט זי דאָך מיט אַ סך צוזאַמען. זי זאָל כאָטש קאָנען שלאָפן ביינאַכט.

מיין פאָטער שאָקלט־צו. זיין פּנים איז אויסגעמאַטערט און פול מיט קנייטשן. מיין מוטער האָט אַ סך געקרענקט, זי פלעגט גיין אין שפּיטאָל אַריין אָמת, דעמאָלט, ווען מ'האָט שוין געמוזט. פונדעסט־וועגן האָט עס אָפּגעקאָסט אַ סך געלט און מ'האָט אייגנטלעך גע־מאַכט אַ תל פון מיין פאָטערס חיונה.

— מ'זאָל כאָטש וויסן וויפל די אָפּעראַציע דאַרף אָפּקאָסטן — זאָגט ער.

— איר האָט נישט געפרעגט?

— נישט דירעקט. מ'קאָן דאָס נישט טון. ווייל דער דאָקטאָר קאָן צוליב דעם ווערן אומפריינדלעך און דאָס טויג נישט; ער דאַרף דאָך אָפּערירן די מוטער.

יאָ — קלער איך פאַרביטערט. — אַזוי זענען מיר, אַזוי זענען זיי, די אָרימע מענטשן, זיי האָבן אפילו נישט די העזה צו פרעגן אויף אַ פּרייז און האָבן צוליב דעם מוראדיקע דאגות. אָבער גראָד יענע, וואָס דאַרפן עס נישט, האַלטן עס פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכע זאַך פריער צו באַשטימען אַ פּרייז. צו זיי וועט אויך דער דאָקטאָר נישט זיין אומפריינטלעך.

— די איבערבינדונגען דערנאָך זענען אויך אַזוי טייער — זאָגט מיין פאָטער.

— די קראַנקן־קאַסע צאָלט גאָרנישט? — פרעג איך.

— די מאַמע איז שוין לאַנג קראַנק.

— איר האָט כאָטש אַביסל געלט?

ער שאָקלט מיטן קאָפּ, — ניין, אָבער כ'קאָן איצט ווידער אָנ־הויבן אַרבעטן איבער־שעהן.

איך ווייס: ער וועט שטיין ביז צוועלף אַזייגער ביינאַכט ביים טיש און פּאַלצן און קלעבן און שניידן. אַכט אַזייגער אין אָוונט וועט ער עפּעס פאַרזוכן פון די אומקרעפטיקע מאכלים, וואָס מ'קרינט

אויף די באַנעס. דערנאָך וועט ער איינגעמען אַ פּיל קעגן קאָפּ־ווייטיק און וועט ווייטער אַרבעטן.

כדי אים אַביסל אויפֿצומונטערן, דערצייל איך אים עטלעכע געשיכטעס, וואָס קומען מיר גראָד אויפֿן זינען, סאָלדאַטן־וויצן און עפּעס ענלעכס, ווי מען האָט גענעראַלן און פֿעלדוועבלען אָפּגעטון אויף טערקיש.

דערנאָך פֿיר איך בײדע אַוועק צו דער באַן־סטאַציע. זיי גיבן מיר אַ גלאָז מאַרמאָלאַדע און אַ פּאַקעט קאַרטאָפֿל־לאַטקעס, וועלכע מיין מאַמע האָט נאָך געפּרעגלט פֿאַר מײנעט־וועגן.

דערנאָך פֿאָרן זיי אַוועק און איך גיי צוריק.

אין אָוונט שמיר איך מיר אָן מאַרמאָלאַדע אויף די לאַטקעס און עס. איך האָב נישט דערפֿון קיין הנאה און גיי אַרויס, כדי צו געבן די לאַטקעס די רוסן. דערנאָך דערמאָן איך מיך, אַז מיין מוטער האָט זיי אַליין געמאַכט און אַז זי האָט אפשר געליטן יסורים בשעת זי איז געשטאַנען ביי דער הייסער קיך. איך לייג צוריק אַוועק דאָס פּעקעלע אין מיין טאָרניסטער און נעם מיט פֿאַר די רוסן בלויז צוויי שטיק.

## IX

מ׳ר פאָרן עטלעכע טעג. אויפן הימל באַווייזן זיך די ערשטע פליערס, מיר פאָרן פאַרביי טראַנספּאָרט־צוגן. האַרמאַטן, האַרמאַטן. ס׳נעמט אונז איבער די פעלד־באַן. איך זוך אַרום מיין רעגימענט. קיינער ווייסט נישט ווו ער געפינט זיך גראָד. ערגעץ נעכטיק איך איבער, ערגיץ קריג איך אינדערפרי פּראָוויאַנט און עטלעכע אומ־באַשטימטע אינסטרוקציעס. אזוי אַרום לאָז איך מיך ווידער אַרוים אין וועג אַריין מיט מיין טאָרניסטער און מיט מיין ביקס.

ווען כ׳קום אָן, טרעף איך קיינעם נישט פון אונז אין דעם צע־שאָסענעם אָרט. איך דערוויס מיך, אַז מיר זענען געוואָרן אַ מין פליענדיקע דעוויזיע, וואָס מ׳שיקט זי אומעטום, ווו ס׳שמעקט שטאַרק מיט פּולווער. דאָס איז נישט קיין פריילעכע ידיעה. מ׳דער־ציילט מיר פון געוויסע פאַרלוסטן, וואָס מיר האָבן געזאָלט האָבן. איך פרעג זיך נאָך אויף קאָטן און אַלבערט. קיינער ווייסט ווענן זיי גאָרנישט.

איך זוך ווייטער און בלאָנדזשע אַרום. דאָס איז אַ מאָדנע גע־פיל, איך שלעפּ מיך אַרום אין פעלד, ווי אַ אינדיאַנער נאָך אַ נאַכט און נאָך איינער. דערנאָך באַקום איך אַ באַשטימטע ידיעה און נאָכמיטאָג מעלד איך מיך אין דער קאַנצעלאַריע.

דער פעלדוועבל הייסט מיר דאָ בלייבן. אין צוויי טעג אַרום וועט די קאָמפּאַניע צוריקקומען. ס׳האָט נישט קיין צוועק מיך איצט אַהין אַרויסצושיקן. ווי ס׳איז צוגעגאַנגען דער אורלויב? — פרעגט ער. — פיין, וואָס?

אַביסל אזוי, אַביסל אזוי, — זאָג איך.

— יאָ, יאָ — זיפצט ער. — ווען מ׳זאָל נישט מוזן צוריקגיין. די צווייטע העלפט גייט שטענדיק צוליב דעם אין דער ערד אַריין.

איך שלעפּ מיך אַרום, ביז די קאָמפּאַניע קומט אָן אין אַ

פרימאָרגן — גרוי, שמוציק, פאַרדראָסיק און פאַרחשכט. איך שפּרינג אויף און נעם מיך שטופּן צווישן זיי. מיינע אויגן זיכן, אַט איז טיאַדען, דאָרטן סאַפּעט אַפּ מיללער און אַט זענען אויך קאַט און קראָפּ. מיר ליינען אַוועק אונזערע שטרוי־זעק איינער נעבן אַנדערן. עפּעס פיל איך מיך שולדיק, בעת איך קוק זיי אָן, כאָטש כ׳האָב נישט קיין שום סיבה דערצו. איידער מיר לייגן זיך שלאָפן, נעם איך אַרויס די רעשט לאַטקעס און די מאַרמעלאַדע, כדי זיי זאָלן אויך עפּעס געניסן. די צוויי לאַטקעס, וואָס ליגן פון אויבן, האָבן שוין אָנגעהויבן צו שימלען, מ׳קאָן זיי פונדעסטוועגן נאָך עסן. איך נעם זיי מיר און די פרישע גיב איך קאַטן און קראָפּן.

קאַט קייט און פרעגט: — דאָס איז, מסתמא, דער מאַמעס. איך שאָקל צו.

גוט — זאָגט ער. — מ׳שפּירט דאָס.

איך צעוויין מיך שיער נישט. איך דערקען מיך אַליין נישט. אָבער ס׳וועט שוין בעסער ווערן צוזאַמען מיט קאַטן און אַלבערטן און די איבעריקע, דאָ אַהער געהער איך.

— האָסטו געהאַט מזל — שעפּטשעט צו מיר קראָפּ פאַרן איינשלאָפן. — מ׳שמועסט, אַז מען שיקט אונז קיין רוסלאַנד.

— קיין רוסלאַנד. דאָרטן שלאָגט מען זיך שוין נישט.

פון דערווייטענס דונערט דער פראָנט. די ווענט פון די באַראַקן ציטערן.

מען האַלט אין איין פוצן. איין אַפּעל יאָגט איבער דעם אַנדערן. מיר ווערן רעווידירט פון אַלע זייטן. די צעריסענע זאַכן ווערן געביטן אויף גאַנצע. איך דערטאַפּ דערביי אַ פיינעם נייען ראָק, קאַט, נאַטיר־לעך, אפילו אַ גאַנצן אוניפאָרם. עס פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז ס׳ווערט שלום, אָבער נענטער צום אמת איז די צווייטע השערה, אַז מיר ווערן פאַרלאָדן קיין רוסלאַנד. אָבער צו וואָס דאַרפן מיר אין רוסלאַנד בעסערע מלבושים? צום סוף ווערט מען געוווירר: דער קייזער קומט אויף אַן אירבערקוק. צוליב דעם איז מען אַלץ בודק.

גאַנצע אַכט טעג דויכט זיך, אַז מ׳איז אין אַ קאַזאַרמע צווישן רעקרוטן — אַזוי פיל אַרבעט מען און מ׳מושטרירט. אַלע זע־

נען אין כעס און נערוועז, דאָס איבערגעטריבענע פּוצן איז שוין נישט קיין ענין פֿאַר אונז און פֿאַראַד־מאַרשן — נאָך וויניקער. גראָד אַזעלכע זאַכן פֿאַרדריסן דעם זעלנער מער ווי די שוץ־גרובנס.

צום סוף קומט דער מאָמענט: מיר שטייען אויסגעצויגן און ס׳באַווייזט זיך דער קייזער. מיר זענען נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי ער זעט־אויס. ער גייט־דורך לענג־אויס דעם פֿראָנט און איך בין אייגנטלעך אַ ביסל אַנטוישט: לויט די בילדער האָב איך מיר אים פֿאָרגעשטעלט גרעסער און מעכטיקער, קודם־כל — מיט אַ דונערנדיק קול. ער טיילט אונזערע קרייצן און רעדט אַ פּאָר ווערטער צו דעם און צו יענעם. דערנאָך ציען מיר אָפּ.

שפּעטער שמועסן מיר וועגן דעם. טיאַדען זאָגט שטוינענדיק:— דאָס איז ער, דער סאַמע העכסטער, וואָס איז נאָר דאָ. פֿאַר דעם מוז יעדער שטיין אויסגעצויגן, בכלל, יעדער איינער. — ער פֿאַר־טראַכט זיך: — פֿאַר דעם מוז אַפֿילו הינדענבורג אויך שטיין אויסגעצויגן, וואָס?

— יאָ — באַשטעטיקט קאַט.

טיאַדען איז נאָך נישט פֿאַרטיק. ער טראַכט נאָך אַ שטיקל צייט און פֿרעגט: — צי אַ קעניג פֿאַר אַ קייזער מוז אויך שטייען אַזוי?

קיינער ווייסט עס נישט גענוי, אָבער ס׳גלויבט זיך נישט, אַז יאָ. זיי זענען ביידע אַזוי גרויס, אַז אַזעלכע זאַכן האָבן דאָ מער קיין אָרט נישט.

— וואָס באַלאַקעסטו פֿאַראַ נאַרישקייטן — זאָגט קאַט. — דער עיקר איז, אַז דו אַליין מוזט שטייען אויסגעצויגן.

אָבער טיאַדען איז אינגאַנצן פֿאַרנאַרישט. זיין פֿאַנטאַזיע, וואָס איז געוויינלעך זייער טרוקן, אַרבעט יעצט מעשים. — גיב אַ קוק — לאָזט ער וויסן. — כ׳קאָן מיר גאָר נישט פֿאָרשטעלן, אַז אַ קייזער זאָל אויך מוזן גיין אין בית־הכסא, ווי איך.

— זאָלסט אַזוי זיין באַוואָרנט פֿון שלעכטס — לאַכט קראָפּ. משוגע און דריי איז זיבן — דערגאַנצט קאַט. — דו האָסט לייז אין די געהירן, טיאַדען, גיי קודם־כל אַליין גיך אין בית־הכסא כדי זאָלסט קריגן אַ קלאָרערן קאָפּ און נישט פּלאַפּלען, ווי אַ וויקל־קינד.

טיאַדען טראַגט זיך אָפּ.

איינס וואָלט איך פונדעסטוועגן געוועץ א בעלן צו וויסן — זאָגט קאַט. — צי ס׳וואָלט געוואָרן די מלחמה, ווען דער קייזער וואָלט געזאָגט ניין.

— כ׳גלויב, אַז זיכער יאָ — וואַרף איך אַריין. — מ׳זאָגט, אַז ער האָט סיי־ווי תחילת נישט געוואָלט.

— נאָ, אויב נישט ער אַליין, — וואָס וואָלט געווען, ווען צוואַנציק, אָדער דרייסיק מענטשן אין דער וועלט וואָלטן געזאָגט ניין?

— דאַמאָלסט אפשר נישט — זאָג איך.—אָבער יענע האָבן גראַד יאָ געוואָלט.

— ס׳איז קאָמיש, ווען מ׳טראַכט זיך אַריין דערין — זאָגט קראָפּ ווייטער. — מיר זענען דאָ, כדי צו פאַרטיידיקן אונזער פאָטערלאַנד. אָבער די פראַנצויזן פאַרטיידיקן דאָך אויך זייער פאָטערלאַנד. ווער זשע איז גערעכט?

— אפשר ביידע — זאָג איך, נישט גלויבנדיק אין די אייגענע ווערטער.

— יאָ, אויב אַזוי — זאָגט אַלבערט און כ׳דערקען אין אים, אַז ער וויל מיך צודריקן צו דער וואַנט. — אָבער אונזערע פּראָפעסאָרן און צייטונגען און גלחים האַלטן, אַז נאָר מיר זענען גערעכט און דאָס איז, לאָמיר האָפן, אמת. אָבער די פראַנצויזישע פּראָפעסאָרן און גלחים און צייטונגען טענהן, אַז נאָר זיי זענען גערעכט. וואָס זשע ווייסטו זאָגן דערצו?

— דאָס ווייס איך נישט — זאָג איך. — אַלנפאַלס איז אַ מלחמה און יעדער חודש קומען צו אַלץ מער לענדער.

טיאַדען באַווייזט זיך ווידער. ער איז נאָך אַלץ היציק און מישט זיך תיכף אַריין אין שמועס, ער פרעגט זיך אויס, ווי אַזוי ס׳אַנטשטייט בכלל אַ מלחמה.

— ס׳רוב דערפון, וואָס איין לאַנד באַליידיקט שטאַרק דאָס אַנדערע — ענפערט אַלבערט מיט אַ געוויסער גדלותדיקייט.

אָבער טיאַדען מאַכט זיך תמעוואַטע. אַ לאַנד? איך פאַרשטיי דאָס נישט. אַ באַרג אין דייטשלאַנד קאָן דאָך נישט באַליידיקן אַ

באַרג אין פראַנקרייך. אָדער אַ טייך, אָדער אַ וואַלד, אָדער אַ ווייצן־פעלד.

— ביסטו אַזוי נאַריש, אָדער דו מאַכסט דיך? — וואָרטשעט קראַפּ. — נישט אַזוי מיין איך. איין פאָלק באַליידיקט דאָס צווייטע.

— אויב אַזוי, האָב איך דאָ גאָרנישט, וואָס צו טון — ענפערט טיאַדען. — איך פיל מיך נישט באַליידיקט.

— גיי, רעדט צו אים — זאָגט אַלבערט מיט פאַרדראָס. — וועגן דיר דאַרף־טייוול גייט דאָך דאָ נישט.

— מעג איך דאָך אוודאי און אוודאי אהיימגיין — עקשנט זיך טיאַדען און אַלע נעמען לאַכן.

— אָך מענטש, מ'מיינט דאָך דאָס פאָלק ווי עפּעס גאַנצס, די מלוכה, הייסט עס — רופט אויס מיללער.

— מלוכה, מלוכה — טיאַדען קנאַקט כיטרע מיט די פינגער. — פעלדזשאַנדאַרם, פּאָליציי, שטייערן — דאָס איז אייער מלוכה. אויב דו האָסט צו טון מיט אַזעלכע זאַכן — בין איך דיר מוחל.

— דאָס איז ריכטיק — זאָגט קאַט. — האָסט איצט ס'ערשטע מאָל געזאָגט עפּעס אמתדיקס, טיאַדען. מלוכה און היים — ס'איז באמת אַ חילוק.

— אָבער איינס געהער דאָך צום צווייטן — איז זיך קראַפּ מיישב. — אַ היים אָן אַ מלוכה איז נישט פאַראַן.

— ריכטיק, אָבער געדענק, אַז מיר זענען כמעט אַלע פּשוטע מענטשן. און אין פראַנקרייך איז דער רוב מענטשן אויך אַרבעטער בעל־מלאכהס, אָדער קליינע באַאַמטע. פאַרוואָס זאָל טאַקע אַ פראַנ־צויזישער שלאָסער אָדער שוסטער וועלן אויף אונז אָנפאַלן? — ניין, דאָס טוען בלויז די רעגירונגען. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט גע־האַט געזען אַ פראַנצויז, איידער כ'בין געקומען אַהער און מיט די מיינסטע פראַנצויזן געשעט אויך דאָס אייגענע. מ'פרעגט זיי אַקוראַט אַזוי ווייניק, ווי אונז.

פאַרוואָס־זשע פירט מען בכלל מלחמה? — פרעגט טיאַדען.

קאַט פאַרציט מיט די אַקסלען. — ס'זענען מסתמא פאַראַן מענטשן, וועלכע די מלחמה ברענגט נוצן.

— נאָ, איך געהער נישט צו זיי — פינטלט טיאַדען מיט חוזק.

— נישט דו און נישט קיינער דאָ.

ווער דען זשע? —עקשנט זיך טיאַדען. — דעם קייזער גוצט עס דאָך אויך נישט. ער האָט דאָך סיי־ווי־סיי, וואָס ער דאַרף.

גענעראַלן ווערן אויך באַרימט דורך דער מלחמה — זאָגט דעטערינג.

— נאָך באַרימטער, ווי דער קייזער — האַלט אונטער קאַט.

— ס׳שטעקן אונטער דעם זיכער אַנדערע מענטשן, וואָס ווילן מאַכן געשעפטן פון דער מלחמה — ברומט דעטערינג.

— איך האַלט, אַז ס׳איז גיכער אַ מין פיבער — זאָגט אַלבערט.— קיינער וויל עס, אייגנטלעך, נישט און פּלוצלונג — ס׳איז דאָ. מיר האָבן נישט געוואָלט די מלחמה, די אַנדערע טענהן אויך דאָס אייגענע און פונדעסטוועגן פאַרקעט זיך דערמיט אַ האַלבע וועלט.

ביי זיי דאָרטן זאָגט מען אָבער מער ליגנט, ווי ביי זיי — ענטפער איך. — דערמאָנט אייך נאָר אָן די פלוג־בלעטער פון די געפאַנגענע, ווו מ׳שרייבט, אַז מיר פרעסן בעלגישע קינדער. די חברה־לייט, וואָס שרייבן אַזעלכע זאַכן, וואָלטן זיי געדאַרפט הענגען. זיי זענען די אמתע שולדיקע.

מיללער שטייט אויף. — ס׳איז אַלנפאַלס בעסער, וואָס דער קריג איז דאָ, ווי ער וואָלט געווען אין דייטשלאַנד, גיט נאָר אַ קוק אויף די צעלעכערטע פעלדער.

— דאָס איז אמת — איז טיאַדען מסכים — אָבער נאָך בעסער איז, אַז ס׳איז אינגאַנצן נישט קיין מלחמה.

ער גייט אַוועק שטאָלץ, ווייל ער האָט אונז שטודירטע געגעבן אַ לעקציע. און זיין מיינונג איז פאַקטיש דאָ אַ טיפּישע. מ׳טרעפט זיך צונויף מיט אָט דער מיינונג אַלעמאָל אויפסניי און מ׳קאָן נישט עפּעס רעכטס אָפּענטפערן אויף איר, ווייל צוזאַמען דערמיט הערט אויף דער פאַרשטענדעניש פאַר אַלע אַנדערע שייכותן. דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פון מוסקאָט באַשטייט דערין, וואָס ער איז דאָ פאַראַן. אָבער דערמיט ענדיקט זיך עס אויך. אַלע אַנדערע זאַכן באַהאַנדלט ער פּראַקטיש און פון זיין אייגענעם קוק.

אַלבערט לייגט זיך פאַרדראָסיק אַוועק אויפן גראָז. — ס׳איז גלייכער נישט צו רעדן וועגן דעם גאַנצן ענין.

— ס׳ווערט אויך נישט אנדערש פונם רעדן — איז קאט מסכים.

צו אלע צרות דארפן מיר אפגעבן כמעט אלע נײַ־געקריגענע זאכן און מיר קריגן צוריק אונזערע אלטע לאכעס. די גוטע זענען געגעבן בלויז צום פּאראד.

*

אנשטאט צו גיין קיין רוסלאנד, גייען מיר ווידער אוועק אויפן פראנט. אונטערוועגנס גייען מיר דורך א נעבעכדיקן וואלד מיט צעשאסענע שטאמען און צעאקערטע ערד. אויף עטלעכע ערטער זענען פאראן מוראדיקע לעכער. — צו אלדי רוחות, דא האט זיך פעסט געררודערט — זאג איך צו קאטן.

— מינע־ווארפער — ענטפערט ער און ווייזט אויבן.

אויף די צווייגן הענגען טויטע. א נאקעטער סאלדאט זיצט צווישן צוויי שטאמען. ער טראגט נאך דעם העלם אויפן קאפ, ווייטער איז ער נאקעט. בלויז א העלפט זײַנע זיצט אויבן, די אויבערשטע טייל קערפער אן די פיס.

— וואס איז דא אזוינס געשען? — פרעג איך.

— דעם האט מען ארויסגעשאסן פון די מלבושים — ברומט טיאדען.

קאט זאגט: — ס׳איז קאמיש, מיר האבן עס שוין געזען א פּאר מאל. ווען ס׳פּאקט עמעצן אזא מינע, ווערט מען ממש ארויסגעשאסן פון די אייגענע מלבושים, דאס קומט פון דעם לופט־דרוק.

איך קוק מיך מער צו. ס׳איז באמת אזוי. דארטן הענגען באַזונדער שטיקער פון א אוניפארם, ערגעץ אנדערש קלעבט א מין בלוטיקע ברײַ, וואס איז אמאל געווען מענטשלעכע אברים. דא ליגט א קערפּער, וואס אויף איין פוס האט ער נאך בלויז א שטיק אונטערן־הויז און ארום הויז—דעם קראגן פון מונדיר. אויסער דעם איז ער נאקעט, דער אנצוג איז צעהאנגען איבערן בוים. ביידע הענט פעלן און ס׳זעט אויס, ווי מ׳וואלט זיי ארויסגעדרייט. איין האנט געפין איך צוואנציק טריט ווייטער צווישן די קוסטעס.

דער טויטער ליגט אויף דעם פּנים. דארטן, ווו ס׳זענען דא די ווונדן פון די הענט, איז די ערד שווארץ פון בלוט. אונטער די פיס

זענען צעקראַצט די בלעטער, גלייך ווי דער מענטש זאָל זיך נאָך האָבן געצאַפּלט.

— נישט קיין וויץ, קאַט — זאָג איך.

— אַ גראַנאַט־שפּליטער אין בויך אויך נישט — ענטפערט ער און פאַרציט מיט די אַקסלען.

— נאָר נישט ווייך ווערן — האַלט טיאַדען.

די גאַנצע מעשה איז געשען ערשט נישט לאַנג מסתמא. דאָס בלוט איז נאָך פריש. אַזוי ווי די אַלע מענטשן, וואָס מיר זעען, זע־נען טויט, — מאַכן מיר נישט קיין שהיות, נאָר מיר מעלדן די זאַך ביי דער נאָענטסטער סאַניטאַרן־סטאַציע. סוף־כל־סוף איז עס אויך נישט אונזער זאַך צוצונעמען די אַגערס פון די טראָג־בעטלעך זיי־ער אַרבעט.

*

מ'שיקט אַרויס אַ פּאַטראָל, כדי געוואָר צו ווערן, ווי ווייט די פיינטלעכע פּאָזיציעס זענען נאָך באַזעצט. צוליב מיין אורלויב האָב איך אַ מאָדנע געפיל לגבי די איבעריקע און מעלד, אַז כ'וויל מיטגיין. מיר שמועסן אָפּ דעם פּלאַן, קריכן דורכן דראָט און דערנאָך שיידן מיר זיך, כדי צו קריכן פאָרויס איינציקווייז. אין אַ ווײַלע אַרום געפין איך אַ פלאַכן גרובן און כ'גליטש מיך דאָרטן אַריין. פון דאַנען קוק איך אַרויס.

דער שטח ווערט באַשאָסן מיט אַ מיטל מאַשין־געוועער־פייער. מ'שיסט אַהער פון אַלע זייטן, נישט זייער שטאַרק, אָבער אַלנפאַלס גענוג, מ'זאָל זיך דאַרפן היטן די ביינער.

ס'וויקלט זיך פאַנאַנדער אַ לייכט־שירם. דער פלאַץ ליגט ווי פאַרשטיינערט אין אַש־גרויען ליכט. דערפאַר פאַלט דערנאָך צוריק נאָך שווארצער די טונקלקייט איבער אים. אין גרובן האָט מען פריער דערציילט, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט שוואַרצע. דאָס איז אומאַנ־גענעם, מ'דערזעט זיי נישט גוט, אחוץ דעם זענען זייערע פּאַטרולן זייער פלינק. מאָדנע, ווי זיי האָבן אָבער קיין שכל נישט. סיי קאַט סיי קראָפּ האָבן אַמאָל אויף פּאַטרול דערשאָסן שוואַרצע קעגן־פּאַט־רולן, ווייל די חברה זענען גיריק אויף אַ פּאַפּיראָס און האָבן געראוי־

כערט אויפן וועג. קאַט און אַלבערט האָבן בלויז געדאַרפט צילן גלייך אין די טליענדיקע פּאַפּיראָסן־שפּיצן.

נעבן מיר גיט אַ פייף אַ קליינער גראַנאַט. איך האָב אים נישט געהערט אָנקומען און דערשרעק מיך שטאַרק. תיכף כאַפּט מיך אָן אַן אומזיניקע שרעק. איך בין דאָ אַליין און כמעט אומבאַהאָלפן אין דער פינסטערניש — אפשר קוקן אויף מיר שוין לאַנג צוויי אויגן פון אַ לאָך אַרויס און אַ האַנט־גראַנאַט ליגט גרייט צום וואַרפן, מיך צו צע־רייסן. איך פּרוו מיך שטאַרקן. ס׳איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך גיי אויף פּאַטרול, דאָס איצטיקע מאָל איז אויך נישט באַזונדערס געפערלעך. אָבער ס׳איז דאָס ערשטע מאָל נאָך מיין אורלויב און אחוץ דעם איז די געגנט מיר גענוג פרעמד.

איך גיב מיר אָפּ אַ חשבון, אַז מיין אויפרעגונג איז אומזיניק, אַז קיינער לאָקערט אויף מיר, מסתמא, נישט אין דער פינסטערניש, ווען נישט וואָלט מען נישט אַזוי פלאַך געשאָסן.

ס׳איז אומזיסט. די געדאַנקען זשומען און טומלען מיר כסדר אין מוח — איך הער דאָס וואָרענדיקע קול פון מיין מוטער, איך זע די רוסן מיט די וויינענדיקע בערד, אָנגעלענטע אין די קראַטעס, איך האָב די העלע, ווונדערלעכע פאָרשטעלונג פון אַ קאַנטינע מיט שטולן פון אַ קינאָ אין וואַלענסיען. איך זע אין מיין פאַנטאַזיע, פיינלעך און שרעקלעך, ווי אַ גרויס, אומברחמנותדיק מויל פון אַ ביקס גייט מיר נאָך שטילערהייט אומעטום, ווו איך פּרוו נאָר אויס־צודרייען דעם קאָפּ. ס׳באַגיט מיך אַנגסטן.

איך ליג נאָך אַלץ אין מיין קעסל־גרוב. איך קוק אויפן זייגער. ס׳זענען אַוועק ערשט עטלעכע מינוט. מיין שטערן איז נאַס, די לעכער פון מיינע אויגן זענען פייכט, די הענט ציטערן און איך קייך שטילערהייט. ס׳איז גאָרנישט מער, ווי אַ מוראדיקער שרעק־אָנפאַל, אַ פּשוטער געמיינער הינטישער פחד אַרויסצושטעלן דעם קאָפּ און צו קריכן ווייטער.

מיין אָנשטרענגונג ווערט צעריבן אויף קאַשע לגבי דעם פאַר־לאַנג — צו בלייבן ליגן. מיינע אברים זענען ווי צוגעקלעפּט צו דער ערד, איך פּרוו אומזיסט , אויפהויבן — זיי ווילן זיך נישט אָפּ־

רייסן. איך דריק מיך צו צו דער ערד, איך קאָן מיך נישט קיין ריר טון ווייטער, איך באַשליס סוף־כל־סוף דאָ צו בלייבן ליגן.

אָבער תיכף גיסט מיך אויפסניי אָפּ אַ כוואַליע, עס איז אַ כוואַליע פון בושה, חרטה און באַהאַלטנקייט צוזאַמען. איך הויב מיך אַביסל אויף און וויל מיך אַרומקוקן. מיינע אויגן ברענען און אַזוי גלאַנץ איך אין דער טונקלקייט, ס׳הויבט זיך אויף אַ לייכטקויל און באַלד בייג איך מיך ווידער אַראָפּ.

איך פיר אַן אומזיניקן, פאַרטומלטן קאַמף, איך וויל אַרויס פון דעם קעסל־גרוב און פאַרקריך אַלץ טיפער, איך זאָג: „דו מוזט, עס איז נויטיק פאַר דיינע חברים, ס׳איז נישט סתם אַזוי אַ נאַרישער באַפעל“, און באַלד דערנאָך: „וואָס־זשע גייט עס מיך אָן? איך קאָן פאַרלירן בלויז איין לעבן“.

דאָס האָט אַלץ גורם געווען דער אורלויב — פרווו איך מיר אַ פאַרביטערטער אַליין מוחל זיין. אָבער איך גלויב עס אַליין נישט, ס׳ווערט מיר שרעקלעך נישט גוט, איך הויב מיך פאַמעלעך אויף, שטרעק אויס די הענט, שפאַר אָן די עלנבויגנס, שלעפּ נאָך דעם רוקן און כ׳ליג איצט שוין האַלב אויף דעם ראַנד פון לאָך.

פלוצלינג דערהער איך אַ רויש און שפרינג צוריק אָפּ. כאָטש די אַרטילעריע ליאַרעמט אַזוי, הערט זיך פונדעסטוועגן אַ חשדישער רויש. איך הער מיך צו: דאָס גערויש איז הינטער מיר. דאָס גייען, מסתמא, אונזערע מענטשן אין די גרובנס. באַלד דערהער איך אויך צוגעדושעטע קולות. לויטן טאָן מוז עס זיין קאַטס קול.

אַ שטאַרקע וואַרעמקייט נעמט מיך אויף איינמאָל אַדורך. אָט־די שטימען, די קנאַפע, שטילע ווערטער, די טריט אין גרובן הינטער מיר רייסן מיך כהרף־עין אַרויס פון דער מוראדיקער אַליינקייט און טויט־שרעק, וואָס האָט מיך שוין געהאַט כמעט אינגאַנצן פאַרשלינגען. אָט־די קולות האָבן פאַר מיר מער ווערט, ווי דאָס לעבן, מער ווי מוטערלעכקייט און שרעק, זיי זענען דאָס שטאַרקסטע און באַשיצנדיקסטע, וואָס איז בכלל פאַראַן: עס זענען די שטימען פון מיינע חברים.

איך בין מער נישט אַ ציטערנדיק שטיק עקזיסטענץ אַליין אין דער טונקלקייט. איך געהער צו זיי און זיי צו מיר, מיר האָבן אַלע

די אייגענע שרעק און דאָס אייגענע לעבן, מיר זענען פאַרבונדן אויף אַ פּשוטן און שווערן אופן. איך וואָלט געוואָלט איינגראָבן אין זיי מיין פּנים, אין אָט־די שטימען, אין די פּאָר ווערטער, וואָס האָבן מיך געראַטעוועט און וועלן מיר בייִשטיין.

❀

איך גליטש מיך פאָרזיכטיק צו צום ראַנד און שלענגל מיך פאָרויס. איך ראַטשקע מיך ווייטער אויף אַלע פיר, ס׳גייט גוט, איך מעסט אָפּ די ריכטונג, קוק מיך אום און קריץ מיר איין אין זכרון דאָס בילד פון האַרמאַטן־פייער, כדי צו געפינען דעם וועג צוריק. דערנאָך פּרווו איך צו באַקומען קאָנטאַקט מיט די איבעריקע.

איך האָב נאָך אַלץ מורא, אָבער דאָס איז מיושבדיקע מורא, אַן אויסערגעוויינלעך פאַרשטאַרקטע פאָרזיכטיקייט. די נאַכט איז אַ ווינטיקע און שאָטנס נעמען זיך שאַרן אַהין־און־אַהער ווען ס׳פלאַקערט־אויף דאָס האַרמאַטן־פייער. מ׳זעט אין אָט דער שיין צו ווייניק און צופיל. אָפּט ווער איך אַ ווײַלע פאַרגליווערט, אָבער ס׳איז גאָרנישט. אַזוי אַרום קריך איך אָפּ אַ היפּש שטיקל וועגס און דערנאָך קער איך צוריק אין אַ בויגן. אָבער קיין אַנשלוס געפין איך נישט. יעדער מעטער נענטער צו אונזער גרובן פילט מיך אָן מיט זיכערקייט, אָבער אויך מיט אַ גרעסערן אימפּעט. ס׳וואָלט געווען מיאוס איצט נאָך צו באַקומען על־פּי טעות אַ שאָס.

דערנאָך נעמט מיך דורך אַ נייע שרעק. איך קאָן מער נישט געניי דערקענען די ריכטונג. איך פאַרשטעק מיך שטיל אין אַ לאָך און פּרווו מיך אָריענטירן. ס׳האָט זיך שוין נישט איינמאָל געטראָפן, אַז עמעץ איז מיט גרויס הנאה אַריינגעשפּרונגען אין אַ גרובן און ערשט שפּעטער זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז אַן אַנדערער.

אין אַ שטיקל צייט אַרום נעם איך מיך איינהערן. כ׳בין נאָך אַלץ נישט אויפן ריכטיקן וועג. דער מישמאַש פון די גרובנס זעט מיר איצט אויס אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז פון אויפרעגונג ווייס איך בכלל מער נישט, וווהין זיך צו ווענדן. אפשר קריך איך אַמאָל לענגאויס די גרובנס. דאָס קאָן זיך ציען אָן אַ סוף. דערפאַר דריי איך זיך ווידער אויס אין אַ זייט.

אָט די פאַרשאָלטענע לייכט־שירמען! ס׳דוכט זיך, אַז זיי ברע־

נען אַ גאַנצע שעה. מ׳קאָן זיך נישט טון קיין ריר, עס זאָל באַלד נישט נעמען פייפן פון אַלע זייטן.

אָבער עס העלפט גאָרנישט, איך מוז אַרויס, ביסלעכווייז רוק איך מיך ווייטער, איך ראַטשקע מיך איבער דער ערד און צעריים מיר די הענט איבער די שפּיציקע גראַנאַטן־שפּליטערס, וואָס זענען שאַרף, ווי בריטוועס. טיילמאָל, ווייזט זיך מיר אויס, אַז דער הימל ווערט אַביסל העלער ביים האָריזאָנט, אָבער ס׳קאָן זיין, אַז ס׳דאַכט זיך מיר בלויז אַזוי. ביסלעכווייז אָבער זע איך איין, אַז כ׳בין מיאוס פאַרקראָכן.

אַ גראַנאַט פאַלט מיט אַ קנאַל. באַלד דערנאָך — צוויי אַנדערע. און באַלד הויבט זיך עס אָן. אַ פייער־איבערפאַל. מאַשין־געווערן קנאַקן, איצט איז לעת־עתה נישטאָ קיין אַנדער ברירה, ווי צו בלייבן ליגן. ס׳זעט אויס, ווי ס׳זאָל זיך אָנהויבן אַן אַטאַקע. אומעטום הויבן זיך אויף לייכט־ראַקעטן. אָן אויפהער.

איך ליג איינגעקאָרטשעט אין אַ גרויס לאָך, די פיס אין וואַסער ביז צום בויך. ווען די אַטאַקע וועט זיך אָנהייבן, וועל איך מיך אַריינוואַרפן אין וואַסער אַריין אַזוי טיף, ווי ס׳וועט זיך לאָזן, כ׳זאָל בלויז נישט דערשטיקט ווערן, מיטן פּנים אין שמוץ. איך מוז מיך מאַכן געשטאָרבן.

פּלוצלינג הער איך, ווי דאָס פייער שפּרינגט צוריק. אין דער רגע ריק איך מיך אַראָפּ אין וואַסער, מיטן העלם טיף אויפן נאַקן, דאָס מויל אַרויסגעשטעקט אויף אַזויפיל, כ׳זאָל קענען אָטעמען.

דערנאָך בלייב איך ליגן און ריר מיך נישט. ווייל ערגעץ קלינגט עפּעס, ס׳טאַפּט און שאַרט זיך נענטער. אַלע מיינע נערוון קאָרטשען זיך צוזאַמען. דער קלאַנג גייט איבער מיר אַריבער, די ערשטע גרופּע איז אַדורך, איין געדאַנק האָט מיר בלויז דעם קאָפּ שיער נישט צעמעשטערט: וואָס וועסטו טון, אויב עמעץ וועט אַריינשפּרינגען צו דיר אין גרובן? איך רייס גיך אַרויס דעם קליינעם שטילעט, נעם אים פעסט אָן און באַהאַלט אים צוזאַמען מיט דער האַנט אין דער בלאָטע. אויב עמיץ שפּרינגט אַהער אַריין, דערשטעך איך אים באַלד. — האַמערט עפּעס אין מיין שטערן, — תיכף אים דורכשטעכן דעם האַלז, כדי ער זאָל נישט קאָנען שרייען. ס׳איז אוממעגלעך אַנ־

דערש, ווייל ער וועט זיין פּונקט אַזוי דערשראָקן, ווי איך און מיר וועלן אָנפאַלן איינער אויפן אַנדערן בלויז צוליב מורא. זאָל איך כאָטש זיין דער ערשטער.

איצט שיסן אונזערע באַטעריעס, נאָענט צו מיר פאַלט אַ שאָס דאָס מאַכט מיך משוגע ווילד, מער פעלט מיר נישט, נאָר די אייגענע שאָסן זאָלן מיך טרעפן. איך שילט און קריץ מיט די ציין אין דער בלאָטע אַריין. עס איז אַ אויסברוך פון צאָרן, צום סוף קאָן איך בלויז קרעכצן און בעטן זיך.

מיין אויער ווערט פול מיטן קראַכן פון די גראַנאַטן. אויב אונזערע מאַכן אַ קעגנשטויס, בין איך אַ באַפרייטער. איך דריק צו דעם קאָפּ צו דער ערד און הער דאָס טעמפּע דונערן ווי ווייטע עקספּלאָזיעס אין קוילן־גרובן. דערנאָך הויב איך אים אויף, כדי זיך איינצוהאָרכן אין די גערוישן אויבן.

די מאַשין־געווערן קנאַקן. איך ווייס, אַז אונזערע דראָט־פאַרצוימונגען זענען פעסט און כמעט נישט באַשעדיקט; איין טייל פון זיי איז אָנגעלאָפן מיט עלעקטרישן שטאַרקן שטראָם. דאָס געווערפייער ווערט שטאַרקער, זיי וועלן זיך נישט דורכרייסן, זיי מוזן אָפּטרעטן צוריק.

איך פאַל ווידער אַנידער, געשפּאַנט ביז דער העכסטער מדרגה. ס'הערט זיך אַ קלאַפּן, אַ קריכן און אַ קלינגען. פון דער העלער הויט — אָן איינציקער געשריי. זיי ווערן באַשאָסן, די אַטאַקע איז אָפּגעשלאָגן.

*

ס'איז געוואָרן נאָך אַביסל העלער. איבער מיר הערן זיך האַסטיקע טריט. די ערשטע פאַרבייגעגאַנגען. ווידער אַנדערע. דאָס קנאַקן פון די מאַשין־געווערן גיסט זיך צונויף אין איין אומאיבערגעריסענער קייט. איך וויל גראָד אויסדרייען דעם קאָפּ, אָבער פּלוצלינג דערהערט זיך אַ רעש און אַ קערפּער פאַלט אַריין צו מיר אין גרובן שווער און מיט אַ טראַסק, קייקלט זיך אַראָפּ און בלייבט ליגן אויף מיר —

איך קלער גאָרנישט, בין מיך נישט מיישב, ווי משוגע גיב איך אַ שטויס און שפּיר בלויז, ווי דער קערפּער ציטערט אויף, ווערט ווייך און פאַלט ווי אַ זאַק. ווען כ'קום שפּעטער צו מיר, איז מיין האַנט קלעפּיק און נאַס.

יענער גוססט, מיר דוכט זיך, אַז ער ריטשעט, יעדער אָטעם־ציִ איז ווי אַ געשריי, אַ דונער, אָבער דאָס האַקט בלויז אַזוי דאָס בלוט אין מיינע אָדערן. איך וואָלט אים געוואָלט צוהאַלטן דאָס מויל, פאַר־שטופּן עס מיט ערד, אים נאָכאַמאָל שטעכן, אַבי ער זאָל נישט ווערן. ער גיט מיך אויס. אָבער כ'בין שוין אַזוי ווייט געקומען צו מיר — און דערביי פיל איך מיך אַזוי פּלוצלינג אָפּגעשוואַכט — אַז מיין האַנט קאָן זיך מער נישט אויפהויבן קעגן אים.

דעריבער קריך איך אַוועק אין ווייטסטן ווינקל און בלייב דאָרטן זיצן — די אויגן פאַרגליווערט אָנגעשטעלט אויף אים, דאָס מעסער פעסט אין דער האַנט, גרייט — אויב ער וועט זיך רירן — ווידער זיך אויף אים צו וואַרפן. אָבער ער וועט מער גאָרנישט קענען טון, ער גוססט שוין.

איך זע אים נישט דייטלעך, איך האָב בלויז איין פאַרלאַנג, צו אַנטלויפן. אויב ס'וועט נישט געשען שוין איצט, וועט שפּעטער זיין צו ליכטיק. ס'איז אפילו שוין איצט שווערלעך. פונדעסטוועגן, ווי נאָר איך פּרוּוו אַרויסצוהויבן דעם קאָפּ, דערזע איך תיכף די גאַנצע אוממעגלעכקייט דערפון. דאָס מאַשין־געווער־פייער איז אַזוי געדיכט, אַז כ'וואָלט דורכגעלעכערט געוואָרן, נאָך איידער כ'וואָלט באַוויזן אַ שפּרונג צו טון.

איך פּרוּוו מיט מיין העלם פּעסטצושטעלן ווי הויך עס פאַלן די שאָסן. צוליב דעם רוק איך מיך אַביסל אַרויס און הויב אים הויך. אין אַ רגע אַרום ווערט ער דורך אַ קויל אַרויסגעשאָסן פון מיין האַנט. דאָס פייער גייט, הייסט עס, גאַנץ נידעריק. איך בין צו ווייניק ווייט פונם שונאס פּאָזיציע. די קוילן פון די שאַרף־שיסערס זאָלן מיך נישט טרעפן, ווען כ'וואָלט געפּרוּווט אַנטלויפן.

ס'ווערט אַלץ ליכטיקער. איך וואַרט מיט ברענענדיקן אומגע־דולד אויף אַן אַטאַקע פון אונזער זייט. מיינע הענט זענען ווייס ביי די פינגער־ביינדלעך — אַזוי שטאַרק דרוק איך זיי צונויף, אַזוי בעט איך, אַז דאָס פייער זאָל אויפהערן און מיינע חברים זאָלן אָנקומען.

ס'פאַרגייט אַ מינוט נאָך אַ מינוט, איך שטעל מיך מער נישט איין אפילו אַ בליק צו טון צו דעם טונקעלן געשטאַלט אין גרובן.

איך קוק אָנגעשטרענגט אַוועק און וואַרט, וואַרט. די שאָסן צישען און זענען ווי איין שטאָלערנע נעץ. ס'הערט נישט אויף, ס'הערט נישט אויף.

פּלוצלונג דערזע איך מיין פאַרבלוטיקטע האַנט און ס'ווערט מיר מיט אַמאָל נישט גוט. איך נעם אַביסל ערד און רייב אָן אויף דער הויט, איצט איז די האַנט כאָטש שמוציק און מ'זעט נישט אָן דאָס בלוט.

דאָס פייער הערט נישט אויף. ס'איז איצט גלייך שטאַרק פון ביידע זייטן. אונזערע האַלטן מיך, מסתמא, שוין לאַנג פאַר א פאַר־פאַלענעם.

*

ס'איז א העלער, גרויער פרימאָרגן. דאָס כאָרכלען געדויערט ווייטער, איך האַלט מיר צו די אויערן. אָבער באַלד מוז איך צוריק אַרויסנעמען פון דאָרטן די פינגער, ווייל צוליב דעם הער איך אויך נישט, וואָס ס'טוט זיך אינדרויסן.

די געשטאַלט אַקעגנאיבער רירט זיך. איך ווער דערציטערט און גיב נישטווילנדיק א קוק אַהין. איצט בלייבן מיינע אויגן ווי צוגע־קלעבט צו דער געשטאַלט. אַט ליגט א מענטש מיט קליינע וואָנסע־לעך, דער קאָפּ הענגט נאָך אין א זייט, איין האַנט איז האַלב אויס־געבויגן און דער קאָפּ ליגט אויף איר אָן כוחות. די צווייטע האַנט ליגט אויף דער ברוסט, זי איז צעבלוטיקט.

ער איז טויט, —זאָג איך מיר, — ער מוז זיין טויט, ער פילט גאָרנישט מער. כאָרכלען כאָרכלט בלויז דער קערפּער, אָבער באַלד דערזע איך ווי דער קאָפּ פּרוווט זיך אויפהויבן, דאָס קרעכצן ווערט אויף איין מינוט שטאַרקער, דערנאָך פאַלט דער שטערן צוריק אַוועק אויף דער האַנט. דער מענטש איז נישט טויט; ער שטאַרבט, אָבער ר'איז נאָך נישט טויט. איך שאַר מיך צו, בלייב שטיין, שפּאַר מיך אָן אויף די הענט, רוק מיך אַביסל ווייטער, ווייטער — ווייטער, א שטיק וועג, אזוי גרויס, ווי דריי מעטער, א לאַנגן, מוראַדיקן וועג. צום סוף בין איך נעבן אים.

איצט מאַכט ער אויף די אויגן, ער האָט מיך מסתמא דערהערט און קוקט מיך אָן מיט אַן אויסדריק פון מוראַדיקער אימה. דער

קערפּער ליגט שטיל, אָבער אין די אויגן איז דאָ אַזויפיל ווילן צו אַנטלויפן, אַז איין רגע דוכט זיך מיר, אַז זיי וועלן האָבן דעם כוח מיטצורייסן מיט זיך דעם קערפּער. הונדערטער קילאָמעטער ווייט מיט איין און איינציקן פלי. דער קערפּער איז איצט שטיל, אינגאַנצן רויק, גיט נישט אַרויס קיין שום קול, דאָס כאָרכלען האָט אויפגעהערט, אָבער די אויגן שרייען, ריטשען, דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך אין זיי צונויפגענומען און פאַרוואַנדלט זיך אין איין אָנשטרענגונג צו אַנטלויפן, צו איין שרעקלעכן פּחד פאַרן טויט, פאַר מיר.

די קני ברעכן זיך אונטער מיר און כ'פאַל אַוועק אויף די עלנבויגנס. — ניין, ניין — שעפּטשע איך.

די אויגן קוקן מיר נאָך. איך קאָן זיך קיין ריר נישט טון, ווי לאַנג זיי קוקן אַזוי.

זיין האַנט רוקט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ פון זיין ברוסט, אַ קליין ביסל נידעריקער, בלויז אויף עטלעכע צענטימעטער. פונדעסטוועגן פאַרלירן צוליב דער דאָזיקער באַוועגונג די אויגן זייער כוח. איך בויג מיך צו, שאָקל דעם קאָפּ און שעפּטשע: ניין, ניין, ניין. איך הויב אויף אַ האַנט, איך מוז אים ווייזן, אַז כ'וועל אים העלפן און כ'גלעט זיין שטערן.

די אויגן האָבן אַ ציטער געטון, ווען כ'האָב אויפגעהויבן די האַנט. איצט פאַרלירן זיי זייער פאַרגליווערטקייט, די ברעמען לאָזן זיך אַראָפּ, די געשפּאַנטקייט לאָזט נאָך. איך עפן אויף זיין קראַגן און לייגן אַוועק דעם קאָפּ באַקוועמער.

דאָס מויל איז האַלב אָפן, עס באַמיט זיך אַרויסצוברענגען עטלעכע ווערטער. די ליפּן זענען טרוקן. מיין פעלד־פלאַש האָב איך נישט, כ'האָב זי נישט מיטגענומען. אָבער אין דער בלאָטע אונטן אין גרובן איז דאָ וואַסער. איך קלעטער אַראָפּ, נעם אַרויס מיין טאַשן־טיכל, שפּרייט עס אויס, שטופּ עס אַראָפּ און מיט די הוילע הענט שעפּ איך אָן דאָס געלע וואַסער, וואָס זאַפּט זיך אַדורך.

ער טרינקט עס אויס מיט איין שלוק. איך שעפּ אָן ניי וואַסער. דערנאָך קנעפּל איך אויף זיין ראָק, כדי אים צו פאַרבאַנדאַזשירן, אויב ס'וועט זיך לאָזן. איך מוז עס טון פאַר יעדן פאַל, כדי די פראַנצויזן זאָלן זען, אַז כ'האָב אים געוואָלט העלפן — אויב

זיי ווילן מיך נעמען אין געפאַנגענשאַפט — און מיך נישט דערשיסן. ער פּרווט זיך ווערן, אָבער די האַנט איז צו שלאַף דערצו. דאָס העמד איז צוגעקלעבט און לאָזט זיך נישט פאַררוקן אין אַ זייט. ס'איז פאַרקנעפּלט אויף הינטן. ס'בלייבט נישט קיין אַנדער ברירה, ווי אויפצושניידן.

איך זוך אויס מיין מעסער און געפין עס. אָבער ווען איך הויב אָן צו שניידן דאָס העמד, עפענען זיך די אויגן נאָכאַמאָל און ווידער זענען זיי פול מיט געשריי און שגעון, אַזוי, אַז איך מוז זיי צוהאַלטן, פאַרקוועטשן און כ'שעפּטשע: — איך וויל דאָך דיר העלפן, חבר, קאַמעראַד, קאַמעראַד, קאַמעראַד. דאָס לעצטע וואָרט רעד איך אַרויס שטאַרקער, כדי ער זאָל עס פאַרשטיין.

ער האָט דריי שטעך. איך באַדעק זיי מיט מיינע באַנדאַזשן. דאָס בלוט רינט אַראָפּ אונטער זיי. ווען איך פּרוּוו זיי פעסטער צו־דריקן, נעמט ער קרעכצן.

ס'איז אַלץ, וואָס כ'קאָן טון. איצט מוזן מיר וואַרטן, וואַרטן.

*

אַט־די שעהן! די גסיסה הויבט זיך ווידער אָן. ווי פּאַמעלעך אַ מענטש שטאַרבט דאָס. ווייל כ'ווייס גאַנץ גוט: אַפּראַטעווען קאָן מען שוין נישט. איך האָב אפילו געפּרווט מיר דאָס אויסרעדן. אָבער מיטאָג־צייט איז די דאָזיקע איינרעדעניש צעשפּריצט און צעשאָסן געוואָרן דורך זיין קרעכצן. ווען כ'וואָלט, קריכנדיק, נישט פאַרלוירן מיין רעוואָלווער, וואָלט איך אים דערשאָסן. דערשטעכן אים קאָן איך נישט.

מיטאָג צייט נעם איך דרימלען און פיל זיך אויפן ראַנד פון באַוווסטזיין. דער הונגער צערייסט מיך. איך וויין כמעט, וואָס ס'איז מיך באַפאַלן אַזאַ אַפּעטיט, אָבער כ'קאָן מיר נישט געבן קיין עצה. אַ סך מאָל ברענג איך צו דעם גוסס וואַסער און טרינק אַליין אויך דערפון.

ער איז דער ערשטער מענטש, וועלכן איך האָב דערהרגעט מיט די אייגענע הענט, אַ מענטש, וועלכן כ'קען גענוי אָנקוקן און וואָס איך אַליין בין דער גורם פון זיין טויט. קאַט און קראָפּ און מיללער

האָבן שוין אויך צוגעזען, ווי זיי האָבן געטראָפן עמיצן. ס׳טרעפט א סך זעלנער, אין האַנט־קאַמף אפילו אָפט —

אָבער יעדער אָטעם זיינער שטעכט מיר דורך דאָס האַרץ. דער דאָזיקער שטאַרבנדיקער האָט שעהן, וואָס זענען ווי אַן אומגעזען מעסער, מיט וועלכן ער שטעכט מיך: די צייט און מיינע געדאַנקען.

איך וואָלט א סך געגעבן דערפאַר, ער זאָל בלייבן לעבן. ס׳איז שווער דאָ צו ליגן און דאָס אַלץ צוצוהערן און צוצוקוקן.

נאָכמיטאָג אַזייגער דריי איז ער שוין טויט.

איך אָטעם אָפּ. אָבער בלויז אויף אַ ווײַלע. באַלד דוכט זיך מיר, אַז דאָס שווייגן איז נאָך שווערער צום פאַרטראָגן ווי דאָס קרעכצן. איך וואָלט געוואָלט אים ווידער הערן כאָרכלען — — ביס־לעכווייז, הייזעריק, איינמאָל פייפנדיק שטיל און דערנאָך — ווידער און הייזעריק און הויך.

דאָס, וואָס כ׳טו, איז נאַריש, אָבער איך מוז מיך מיט עפּעס פאַרנעמען. איך לייג דערפאַר נאָך אַמאָל אַוועק דעם טויטן אַזוי, אַז ער זאָל ליגן באַקוועמער, כאָטש ער פילט שוין גאָרנישט. איך פאַר־מאַך אים די אויגן. זיי זענען ברוין, די האָר זענען שוואַרץ און ביי די זייטן — אַביסל געקרייזלט. דאָס מויל אונטער די וואָנסן איז פול און ווייך. די נאָז איז אַביסל אויסגעבויגן, די הויט — ברוינלעך. זי זעט איצט מיר נישט אויס אַזוי אַש־גרוי, ווי פריער, בעת ער האָט נאָך געלעבט. אַ ווײַלע זעט זיין פּנים אויס אפילו ווי ביי אַ געזונטן. דערנאָך פאַרענדערט עס זיך אינדערגיך אויף איינער פון די פרעמדע טויטע־צורות, וועלכע איך האָב אַזוי אָפט געזען, און וואָס זענען אַלע ענלעך איינע צו דער אַנדערער.

זיין פרוי טראַכט איצט זיכער וועגן אים. זי ווייס נישט, וואָס ס׳איז געשען. ער זעט אויס צו זיין איינער פון יענע מענטשן, וואָס שרייבן אָפט אַהיים. זי וועט נאָך אויך פון אים דערהאַלטן אַ בריוו — מאָרגן, אין אַ וואָך אַרום, אפשר אַ פאַרשלעפּטן בריוו אין אַ חודש אַרום. זי וועט אים לייענען און דער מאַן וועט צו איר רעדן אין אים.

מיין מצב ווערט אַלץ ערגער, איך קאָן מער נישט איינהאַלטן מיינע געדאַנקען. ווי קאָן אויסזען די פרוי? ווי די טונקעלע, שמאָלע פון יענער זייט קאַנאַל? זי געהערט דען נישט מיר? אפשר געהערט

זי צוליב דעם איצט צו מיר! ווען קאַנטאַרעק וואָלט דאָ געזעסן נעבן מיר! ווען מיין מאַמע זאָל מיך איצט אָנקוקן! — דער טויטער וואָלט זיכער נאָך געווען געקאָנט אָפּלעבן דרייסיק יאָר, ווען איך וואָלט מיר שאַרפער איינגעקריצט אין זכרון דעם וועג צוריק. ווען ער וואָלט געווען געלאָפן צוויי מעטער אויף לינקס, וואָלט ער איצט געלעגן דאָרטן אין גרובן און געשריבן אַ פרישן בריוו צו זיין פרוי.

אָבער איך וועל אַזוי־אַרום ווייט נישט דערגיין, ווייל דאָס איז דער גורל פון אונז אַלע. ווען קעמעריך וואָלט געהאַלטן זיין פוס רעכטס אויף צען צענטימעטער ווייטער און ווען האַיע וואָלט זיך אַ בויג געטון פאָרויס אויף פינף צענטימעטער ווייטער —

*

דאָס שטילשווייגן ציט זיך. איך רעד און כ'מוז רעדן. איך טענה צו אים און זאָג: — קאַמעראַד, איך האָב דיך נישט געוואָלט הרגענען. ווען דו וואָלסט איצט נאָכאַמאָל אַריינגעשפּרונגען, וואָלט איך עס נישט געטון, אויב דו וואָלסט זיך אויך געהאַלטן מיט שכל. אָבער פריער ביסטו פאַר מיר געווען בלויז אַ געדאַנק, אַ קאָמבינאַציע, וואָס האָט געלעבט אין מיין מוח און אַרויסגערופן אַ באַשלוס. און אָט די קאָמבינאַציע האָב איך דערשטאָכן. איצט זע איך ערשט, אַז דו ביסט אַ מענטש ווי איך. איך האָב געטראַכט וועגן דיין האַנטגראַנאַט, וועגן דיין באַיאָנעט און דיין געווער, איצט זע איך דיין ווייב און דיין פּנים און דאָס בשותפותדיקע צווישן אונז. זיי מיר מוחל, קאַמעראַד! מיר דערזעען עס אַלעמאָל צו־שפּעט, פאַרוואָס זאָגט מען אונז נישט כסדר, אַז איר זענט אויך אַזעלכע אָרימע נפשות ווי מיר, אַז אייערע מאַמעס שרעקן זיך אַקוראַט אַזוי פאַר אייער לעבן, ווי אונזערע, און אַז מיר האָבן די אייגענע מורא פאַרן טויט, אַז מיר שטאַרבן גלייך און האָבן די זעלבע ווייטאָגן? זיי מיר מוחל, קאַמעראַד, אַזוי האָסטו געקאָנט זיין מיין שונא. ווען מיר וואַרפן אַוועק דאָס געווער און די אוניפאָרמען, וואָלסטו געקאָנט זיין מיין גוטער ברודער פּונקט ווי קאַט און אַלבערט. נעם ביי מיר צוואָנציק יאָר לעבן, אַבי שטיי צוריק אויף, נעם מער, ווייל כ'ווייס סיי־ווי נישט, וואָס צו טון דערמיט.

עס איז שטיל, דער פראָנט איז רויק און מ'הערט בלויז דאָס קנאַקן פון געווערן. די קוילן פאַלן געדיכט, מ'שיסט נישט אָן א פּלאַן, נאָר מ'צילט שאַרף אין אַלע זייטן. איך קאָן נישט אַרויס.

— איך וועל שרייבן א בריוו צו דיין ווייב — זאָג איך האַסטיק צום טויטן. — איך וויל איר שרייבן און כ'וויל, זי זאָל עס דערוויסן זיך פון מיר. איך וויל איר זאָגן דאָס אַלץ, וואָס איך זאָג דיר. זאָל זי נישט ליידן, איך וויל העלפן איר און דיינע עלטערן און דיין קינד —

זיין אוניפאָרם איז נאָך האַלב־צעקנעפּלט. דעם פּאָרטפעל קאָן מען לייכט געפינען. אָבער איך קווייקל מיך, ביז איך עפן אים. ס'איז דאָרטן דאָ זיין ביכל מיט זיין נאָמען. אזוי לאַנג ווי כ'ווייס נישט זיין נאָמען, וועל איך אפשר נאָך פאַרגעסן, די צייט וועט עס אָפּווישן, אָט דאָס בילד. אָבער זיין נאָמען איז ווי א טשוואָק, וואָס ווערט אַריינגעשלאָגן אין מיר, און מ'וועט אים מער קיינמאָל נישט קאָנען אַרויסקריגן. דער נאָמען האָט אין זיך דעם כוח אַלץ צוריק אַרויסצורופן. ער וועט אַלעמאָל צוריקקומען און זיך אַוועקשטעלן פאַר מיר.

איך נעם אַרויס דעם פּאָרטפעל נישט אַנטשלאָסן. ער פאַלט אַרויס און עפנט זיך. ס'פאַלן אַרויס עטלעכע בילדער און בריוו. איך קלויב זיי אויף און וויל זיי צוריק אַריינלייגן. אָבער די משא, וואָס דריקט אויף מיר, די גאַנצע אומזיכערע לאַגע, דער הונגער, די סכנה, די שעהן מיט דעם טויטן צוזאַמען, — דאָס אַלץ האָט מיך דערפירט צו פאַרצווייפלונג. איך וויל פאַרגיכערן דעם אויסבראָך, פאַרשטאַרקן די יסורים און מאַכן א סוף, ווי בעת מ'צעשמעטערט א אומדערטרעגלעך ווייטאָגדיקע האַנט אין א בוים — אַלץ איינס וואָס ס'וועט דערפון אַרויסקומען.

עס זענען בילדער פון א פרוי און א קליין מיידעלע: שמאָלע אַמאַטאָרישע פּאָטאָגראַפיעס פאַר א געמאָלטער בלעטער־וואַנט. צווישן די פּאָטאָגראַפיעס ליגן בריוו. איך נעם זיי אַרויס און פּרוּוו זיי ליי־ענען. דאָס רוב פאַרשטיי איך נישט, עס איז שווער צו לייענען דאָס כתב און פראַנצויזיש קאָן איך קנאַפּ. אָבער יעדער וואָרט, וואָס

איך קריג דאַרט אַרויס, פאַלט מיר ווי אַ קויל אין האַרץ אַריין. ווי אַ שטאָך אין האַרץ.

מיין קאָפּ איז אינגאַנצן צעטומלט, אָבער איך באַנעם נאָך אויף אַזויפיל, אַז איך טאָר נישט אַט־די מענטשן קיינמאָל נישט שרייבן, ווי כ׳האָב געטראַכט פריער. אויסגעשלאָסן. איך קוק נאָכאַמאָל אָן די בילדער. עס זענען נישט קיין רייכע מענטשן. שפּעטער, אַז כ׳וועל עפּעס פאַרדינען, וואָלט איך זיי געקאָנט שיקן געלד נישט אָנגעבנדיק דעם נאָמען. איך כאַפּ מיך אָן אין דעם געדאַנק, דאָס איז לכל־הפּחות אַ קליינער אָנהאַלט. אַט דער טויטער איז פאַרבינדן מיט מיין לעבן, דערפאַר מוז איך אַלץ טון און צוזאָגן, כדי זיך צו ראַטעווען. איך טו אַ נדר בלינדערהייט, אַז איך וועל לעבן בלויז פאַר אים און זיין פאַמיליע. מיט נאַסע ליפּן רעד איך אין אים אַריין און טיף אין מיר זיצט די האָפענונג, אַז צוליב דעם וועל איך מיך אויסקויפן פון דער זינד און אפשר נאָך אַרויסקומען פון דאַנען. עס איז אַ קליינער הינ־טערגעדאַנק, אַז שפּעטער וועט מען שוין זען, און דערפאַר עפן איך אויף דאָס ביכל און לייען פאַמעלעך איבער: זשעראַרד דיוואַל, טי־פּאָגראַף.

איך פאַרשרייב מיר דעם אַדרעס מיטן טויטנס בלייפעדער אויף אַ קאָנווערט און דערנאָך רוק איך אַלץ אינדערגיך אַריין צוריק אין זיין ראָק.

איך האָב דערהרגעט דעם דרוקער זשעראַרד דיוואַל, איך מוז ווערן אַ דרוקער — טראַכט איך אינגאַנצן צעטומלט, אַ דרוקער ווערן, אַ דרוקער —

*

נאָכמיטאָג ווער איך רויקער. מיין מורא האָט נישט געהאַט קיין שום סבה. דער נאָמען צעטומלט מיך נישט מער. דער אָנפאַל לאָזט אָפּ. קאַמעראַד — רעד איך אַריבער צום טויטן, אָבער שוין מער אַ באַהערשטער. — היינט דו, מאָרגן איך. אָבער אויב איך וועל אַרויס גאַנץ, קאַמעראַד, וועל איך קעמפן קעגן דעם, וואָס האָט אונז ביידע צעבראָכן: דיר — דאָס לעבן — און מיר—? — אויך

דאָס לעבן. איך זאָג עס דיר צו, קאַמעראַד, עס טאָר שוין קיינמאָל נישט געשען.

די זון שטייט קרימלעך. איך בין טעמפּ פֿון אויסגעמאַטערט־קייט און הונגער. דער נעכטן זעט מיר אויס ווי אַ נעפּל. איך האָב מער נישט קיין האָפֿענונג אַרויסצוקומען פֿון דאַנען. אַזוי אַרום ליג איך אַ באַטויבטער און שפּיר אפֿילו נישט, אַז ס׳ווערט אָוונט. דער בין־השמשות קומט אָן. ס׳זעט מיר איצט אויס משונה גיך. נאָך אַ שעה. ווען ס׳זאָל זיין זומער — נאָך דריי שעה. נאָך אַ שעה.

איצט הויב איך פּלוצלינג אָן צו ציטערן, אַז עפּעס וועט דער־ווייל געשען. איך קלער נישט מער וועגן טויטן, ער איז מיר לחלוטין גלייכגילטיק. מיט איינמאָל כאַפּט זיך אויף אין מיר די תאווה צום לעבן און אַלץ, וואָס איך האָב ביי מיר באַשלאָסן, פֿאַלט אָפּ לגבי דעם. פֿונדעסטוועגן, כדי ס׳זאָל מיר נאָך איצט נישט געשען קיין אומגליק, פּלאַפּל איך מעכאַניש: „איך וועל אַלץ מקיים זיין, אַלץ מקיים זיין, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט“. אָבער איך ווייס שוין איצט, אַז כ׳וועל עס נישט טון.

פּלוצלינג פֿאַלט מיר איין, אַז מיינע אייגענע חברים קאָנען אָנ־הויבן שיסן צו מיר, ווען איך וועל נעמען קריכן. זיי וועלן דאָך נישט וויסן. איך וועל אָנהויבן שרייען אַזוי פֿרי ווי נאָר מעגלעך, ביז זיי וועלן מיך דערהערן. איך וועל אַזוי לאַנג בלייבן ליגן ביים גרובן, ביז זיי וועלן מיר ענטפֿערן.

דער ערשטער שטערן — דער פֿראָנט בלייבט רויק. איך אָטעם אָפּ און רעד פֿון אויפֿרעגונג מיט מיר אַליין: — איצט טו נישט אָפּ קיין נאַרישקייטן, פּאול, — רויק, רויק, פּאול, — בײַזט געראַטעוועט, פּאול. — דאָס, וואָס איך זאָג אַרויס מיין נאָמען, ווירקט: ס׳דוכט זיך, ווי אַן אַנדערער וואָלט עס אַרויסגעזאָגט און עס האָט מער כוח.

די טונקלקייט וואַקסט. מיין אויפֿרעגונג הערט פּאַמעלעך אויף, צוליב פֿאָרזיכטיקייט וואַרט איך צו, ביז ס׳הויבט זיך אויף די ער־שטע ראַקעטע. דערנאָך קריך איך אַרויס פֿון דעם לאָך. אינם טויטן האָב איך פֿאַרגעסן. פֿאַר מיר שפּרייט זיך אויס די ערשט־אָנגעקומענע נאַכט און דאָס בלאַס־באַלויכטענע פֿעלד. איך וואַרף אַן אויג אויף אַ לאָך. אין מאָמענט ווען דאָס ליכט ווערט פֿאַרלאָשן, וואַרף איך

מיך אריבער, טאפּ ווייטער, פּאק אַ צווייט לאָך, הויקער מיך איין, יאָג ווייטער.

איך קום צו נענטער. ביים ליכט פון אַ ראַקעטע זע איך, ווי עפּעס רירט זיך אין דראָט, דערנאָך ווערט עס צוריק פאַרגליווערט. כ׳בלייב ליגן אומבאַוועגלעך. דאָס אַנדערע מאָל דערזע איך עס ווי־דער. עס זענען באַשטימט חברים פון אונזער גרופּן. אָבער איך בין פאָרזיכטיק און וואַרט ביז כ׳דערקען זייערע העלמען. ערשט דעמאָלט גיב איך אַ רוף.

באַלד גיט אַ שאַל ווי אַן ענטפער מיין נאָמען: פּאָול — פּאָול—

איך רוף ווידער. ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז קאַט און אַלבערט זענען אַרויסגעגאַנגען מיך זוכן מיט אַ טראָג־בעטל.

— ביסט פאַרוואונדעט?

— ניין, ניין.

מיר גליטשן זיך אַריין אין גרובן. איך פאַרלאַנג עסן און פאַר־שלינג עס מיט איינמאָל. מיללער גיט מיר אַ פּאַפּיראָס. איך דערצייל בקיצור, וואָס ס׳איז געשען, ס׳איז גאָרנישט קיין נייעס. אַזעלכע זאַכן געשעען אָפט. בלויז די נאַכט־אַטאַקע מאַכט דעם ענין אַביסל נישט־געוויינלעך. אָבער קאַט איז שוין אַמאָל אין רוסלאַנד צוויי טעג געלעגן הינטערן רוסישן פראָנט, איידער ער האָט זיך דורכגעשלאָגן.

וועגן דעם טויטן דרוקער דערצייל איך גאָרנישט.

ערשט צומאָרגנס אינדערפרי קאָן איך מער נישט אויסהאַלטן. איך מוז עס דערציילן קאַטן און אַלבערטן. זיי באַרויקן מיך ביידע:

— האָסט גאָרנישט געקאָנט העלפן. וואָס דען האָסטו געזאָלט טון? דערויף ביסטו דאָך דאָ.

איך הער מיך צו צו זיי, שפּיר מיך באַשיצט און געטרייסט פון זייער נאָענטקייט. וואָס פאַרא נאַרישקייטן האָב איך דאָס אויסגע־פּלוידערט דאָרטן אין גרובן.

— גיב נאָר אַ קוק אַהין — ווייזט קאַט.

אויף די וואַלן שטייען עטלעכע שאַרף־שיסערס. פאַר זיי ליגן געווערן מיט פאַרגרעסער־גלעזער צום צילן און זיי קוקן־אויס אַ ווינקל ביים שונא. פון צייט צו צייט גיט אַ קנאַל אַ שאָס.

איצט הערן מיר אויסרופן: „דאָס האָט געטראָפן", „האָסט גע־

זען ווי ער איז אויפגעשפרונגען?" — סערזשאַנט על־ריך דרייט זיך אויס שטאַלץ און פאַרנאַטירט זיין פונקט. אין דער היינטיקער שים־ליסטע שטייט ער מיט דריי זיכער־געטראָפענע שאָסן.

— וואָס זאָגסטו דערצו? — פרעגט קאַט.

איך שאָקל צו.

— אויב ס'זאָל אים אים גיין אַזוי ווייטער, וועט ער היינט אין אָוונט האָבן נאָך אַ פאַרביק פייגעלע אויפן קנעפל — האַלט קראָפּ.

— אָדער ר'וועט ווערן וויצע־פעלדפעבעל — דערגאַנצט קאַט.

מיר קוקן זיך אָן. — איך וואָלט עס נישט געטון — זאָג איך.

— פונדעסטוועגן — זאָגט קאַט. — ס'איז גאַנץ גוט, וואָס דו זעסט עס איצט גראָד.

סערזשאַנט על־ריך שטעלט זיך ווידער אויפן וואַל. דאָס מיילכל פון זיין ביקס קערט זיך אַהין און אַהער.

— וועגן דיין זאַך איז אַ שאָד אַ וואָרט צו פאַרלירן — שאָקלט צו אַלבערט.

איך פאַרשטיי מיך שוין איצט אַליין נישט.

— ס'האָט זיך גענומען דערפון, וואָס כ'האָב געמוזט אַזוי לאַנג ליגן מיט אים צוזאַמען — זאָג איך. מלחמה איז סוף־כל־סוף מלחמה.

על־ריכס געווער קנאַלט קורץ און טרוקן.

# X

מיר האָבן געפּאַקט אַ גוטן פּלאַץ. זאַלבע אַכט מוזן מיר באַוואכן אַ דאָרף, וואָס איז אָפּגעלייִדיקט געוואָרן, ווייל עס ווערט צו שטאַרק באַשאָסן.

בעיקר דאַרפן מיר אַכטונג געבן אויפן פּראָוויאַנט־אַמט, וואָס איז נאָך נישט אויסגעליידיקט. מיט שפּייזן מוזן מיר זיך אַליין באַזאָרגן פון די אָרטיקע מאַגאַזינען. דערצו טויגן מיר זיך גאַנץ גוט; — קאַט, אַלבערט, מילער, טיאַדען, לער, דעטערינג, אונזער גאַנצע גרופּע איז אויפן אָרט. אמת, האַיע איז טויט. אָבער דאָס איז נאָך אַ גרויס גליק, ווייל אַלע אַנדערע גרופּעס האָבן אַ סך גרעסערע פאַרלוסטן, ווי מיר.

פאַר אַ שויץ־גראָבן האָבן מיר אויסגעקליבן אַ בעטאָנירטן קעלער. עס פירן אַראָפּ אַהין טרעפּ. דער אַריינגאַנג איז באַזונדער געשיצט דורך אַ בעטאָן־מויער.

איצט הויבן מיר אָן אַרבעטן מעשים. מיר האָבן ווידער די געלעגנהייט אויסצושטרעקן נישט בלויז די פיס, נאָר אויך די נשמה. און אַזעלכע געלעגנהייטן ניצן מיר אויס; וואָרום אונזער לאַגע איז צו פאַרצווייפלט, מיר זאָלן קענען לאַנג זיין סענטימענטאַל. דאָס איז נאָר מעגלעך, כל־זמן עס איז נישט אינגאַנצן שלעכט. מיר האָבן נישט קיין ברירה, ווי צו זיין פּראַקטיש. אַזוי פּראַקטיש, אַז אָפטמאָל כאַפּט מיך אָן אַ שוידער, ווען עס פאַרבלאָנדזשעט אויף אַ רגע אין מיין מח אַ געדאַנק פון דער פריערדיקער, פאַר דער מלחמהדיקער צייט. אָבער נישט לאַנג בלייבט ער אין קאָפּ.

מיר דאַרפן אונזער לאַגע נעמען אַזוי לייכט, ווי עס לאָזט זיך. צוליב דעם נוצן מיר אויס יעדע געלעגנהייט, און גלייך האַרט, אָן אָן איבערגאַנג שטייט נעבן דעם גרויל די נאַרישקייט. מיר קאָנען גאָר אַנדערש נישט, מיר וואַרפן זיך אינגאַנצן אַריין. און איצט נעמען

מיר זיך מיט ברען צו שאפן פאר זיך אן אידיליע, נאטירלעך, פון פרעסן און שלאפן.

די בודע ווערט צוערשט אויסגעלעגט מיט מאטראצן, וועלכע מיר שלעפן צונויף פון די הייזער. א זעלנערישער הינטן האט אויך אמאל חשק צו זיצן אויף ווייכס. נאר אינמיטן צימער בלייבט דער דיל ליידיק. דערנאך באזארגן מיר זיך מיט דעקעס, פערענעס, הער־לעכע ווייכע זאכן. אין דארף איז גענוג דא פון אלדאס גוטס. אלבערט און איך געפינען א צוזאמענגעלייגט מאהאן־בעט מיט א באלדאכין פון בלויער זייד מיט א שפיצן־קאפע. מיר שוויצן, ווי די מאלפעס ביים אריבערטראגן. מען קאן זיך אבער פון אזעלכע זאכן נישט אפ־זאגן, בפרט ווען עס וועט סיי ווי אין א פאר טעג ארום צעשאסן ווערן.

קאט און איך מאכן א פאטרול־גאנג איבער די הייזער. אין א קורצער צייט ארום האבן מיר צוזאמענגענומען א טוץ אייער און צוויי פונט גאנץ פרישע פוטער. פלוצלינג גיט עפעס א קנאל אין א זאל, און אן אייזערנער אויוון רייסט דורך מיט א רעש די וואנט, פארביי אונז, און איין מעטער פון אונז ברעכט ער ווידער דורך א וואנט. צוויי לעכער. ער קומט פון קעגנאיבערדיקן הויז, וווּ עס איז אריינגעפאלן א גראנאט. — א טריפה מזל געהאט, שמייכלט קאט צווישן די ציין, און מיר זוכן ווייטער. מיטאמאל שפיצן מיר אן נאז און אויערן און לאזן זיך לויפן. גלייך נאכדעם בלייבן מיר שטיין, ווי פארכשופטע: אין א קליינער שטאל לויפן ארום צוויי לעבעדיקע חזרימלעך. מיר רייבן זיך אויס די אויגן און קוקן פארזיכטיק ווידער אהין: זיי זענען ווירקלעך נאך אלץ דא. מיר נעמען זיי אן — אן שום ספק, דאס זענען אמתדיקע צוויי יונגע חזירים.

דאס וועט זיין א פיינע סעודה. ביי א פופציק טריט פון אונ־זערע שוץ־גרובן שטייט א קליין הייזל, וואס האט געדינט פאר א אפיצירן־קוואַרטיר. אין קיך געפינט זיך א ריזיקע פליטע אויף צוויי פייערקעס, פאנען, טעפ און קעסלען. אלץ איז דא דא, אפילו א בארג דין־אנגעשפאלטן האלץ אין א שאפע. אן אמתער גן־עדן.

צוויי מאן זענען פון אינדערפרי אן אוועק אויף די פעלדער און זוכן קארטאפל, מייערן און יונגע ארבעס. מיר האבן גענוג שפע

און פייפן אויף די קאָנסערוון פון פּראָוויאַנט־אַמט, אונז ווילט זיך פרישע זאַכן. אין שפּייז־קעמערל ליגן שוין צוויי קאַלאַפּיאָרן.

די חזירימלעך זענען שוין געקוילעט. קאַט האָט זיי צורעכט געמאַכט. צום געבראָטנס ווילן מיר מאַכן קאַרטאָפל־לאַטקעס. מיר האָבן אָבער נישט קיין ריבאייזן צו די קאַרטאָפל. באַלד געפינען מיר דערצו אויך אַן עצה, מיט נעגל האַקן מיר אויס אין בלעכערנעם דעקל אַ סך לעכער, און דאָס ריבאייזן איז פאַרטיק. — דריי מאַן טוען אָן דיקע הענטשקעס, כדי צו פאַרהיטן די פינגער ביים רייבן, אַנדערע צוויי שיילן די קאַרטאָפל און עס גייט, ווי געשמירט.

קאַט פּאָרעט זיך ביי די חזירימלעך, ביי די מייערן, ביי די אַר־בעסלעך און קאַלאַפּיאָרן. צום קאַלאַפּיאָר גרייט ער נאָך צו אַ ווייסן סאָס. איך פּרעגל די קאַרטאָפל־לאַטקעס, צו פיר פּאַר אַמאָל. אין משך פון צען מינוט בין איך דערגאַנגען די פּאַטעלניע אויף אַזאַ אופן צו דרייען, אַז די לאַטקעס, וואָס זענען שוין פאַרטיק פון איין זייט, גיבן זיך אַ הויב אויף אין דער לופט, קערן זיך איבער און פאַלן ווידער אויף דער צווייטער זייט. די חזירימלעך ווערן געבראָטן נישט צושניטערנערהייט. אַלץ שטייט אַרום זיי, ווי אַרום אַ מזבח.

דערווייל זענען אָנגעקומען געסט. צוויי ראַדיאָ־טעלעגראַפיסטן. מיר פאַרבעטן זיי צום עסן, זיי זיצן אין שפּייז־צימער, ווו עס שטייט אַ קלאַוויר. איינער שפּילט, דער אַנדערער זינגט: „ביי דער וועזער“ ער זינגט מיט געפיל, נאָר מיט אַ שטאַרק זאַקסישן אַקצענט. נישט קוקנדיק אויף דעם, רירט דאָס זייער בעת מיר זענען זיך עוסק ביי דער פּליטע און גרייטן צו די דאָזיקע אַלע פיינע געריכטן.

ביסלעכווייז נעמט שמעקן מיט פּולווער. די שטריק־באַלאָנען האָבן אויסגעשפּירט דעם רויך פון אונזערע קוימענס און מען פאַר־שיט אונז מיט פייער. דאָס זענען די פאַרשאָלטענע קליינע שפּריי־צעלעך, וואָס מאַכן קליינע לעכלעך און שיטן אַזוי ווייט און נידע־ריק. אַלץ נענטער און נענטער הויבט עס אָן אַרום אונז צו פייפן. מיר קענען דאָך אָבער נישט איבערלאָזן אונזערע מאכלים אויף הפקר. די באַנדע שיסט זיך אַלץ בעסער איין. אַ פּאָר שטיקלעך רוישן אויבן דורכן קיך־פענסטער. דאָס געבראָטנס איז שוין באַלד פאַרטיק. אָבער מיט די קאַרטאָפל־לאַטקעס ווערט איצט אַלץ שוואַ־

כער. די שאָסן פאַלן אַזוי נאָענט, אַז אַלץ אָפּטער שלאָגן זיך אָפּ גראַנאַטן־שטיקלעך. אָן דער מויער און רייסן זיך אַדורך דורך די פענסטער. איטליכעס מאָל, ווען איך דערהער דעם גערויש פון אַזאַ חפץ, לאָז איך זיך מיט דער פאַן לאַטקעס אַראָפּ אויף די קני און בויג מיך אַרונטער הינטער דער פענסטער־וואַנט. גלייך נאָכדעם שטיי איך ווידער אויף און פרעגל ווייטער לאַטקעס.

די זאַקסן הערן אויף צו שפּילן — איין גראַנאַט־שפּליטער איז אַרויפגעפאַלן אויפן קלאַוויר. ביסלעכוויין ווערן מיר אויך פאַרטיק און גרייטן זיך צום אָפּטרעטן. און באַלד נאָך דעם צווייטן טראַסק לויפן צוויי מאַן מיט די טעפּ גרינס אין די הענט פופציק מעטער ביז צו די שוץ־גרובן. מיר זעען, ווי זיי פאַרשווינדן.

נאָך אַ שאָס. אַלע בויגן זיך איין און גלייך טראָגן זיך שנעל צוויי מאַן, יעדער מיט אַ גרויסן קרוג פון דער פיינסטער קאַווע און כאַפּן זיך אַריין אין שוץ־גרובן איידער דער צווייטער גראַנאַט פאַלט.

קאַט און קראָפּ כאַפּן איצט דעם בעסטן ביסן: די גרויסע פאַטעלניע מיט די ברוין איינגעבראָטענע חזירימלעך. אַ געוואַי, איינגעבויגן טראָגן זיי זיך ווילד איבער די פופציק מעטער פרייען פעלד.

איך פאַרענדיק פרעגלען מיינע לעצטע פאָר לאַטקעס. דערביי מוז איך זיך צוויי מאָל אויסציען אויף דער ערד — דערפאַר האָבן מיר אָבער מיט פיר לאַטקעס מער, און דאָס איז דאָך מיין באַליבטסטער מאכל.

איצט כאַפּ איך די פּליטע מיט דער גרויסער קופּע לאַטקעס און רוק זיך אַרונטער הינטער דער הויז־טיר, עס פּייפט, עס קנאַלט, איך לאָז זיך לויפן אין גאַלאָפּ, צודריקנדיק מיטביידע הענט די פּליטע צו דער ברוסט. איך בין שוין כמעט אויף אַן אָרט, מיטאַמאָל הויבט עס אָן שטורמיק צו פייפן, איך שפּרינג אויף, ווי אַ הירש, רוק זיך אייליק פאַרביי דער בעטאָן־וואַנט, שפּליטער פּאַטשן אין וואַנט, איך פאַל אַרונטער פון די קעלער־טרעפּ, מיינע עלנבויגנס זענען צעמזיקט, איך האָב אָבער קיין איין לאַטקע נישט פאַרלוירן און די פּליטע נישט איבערגעקערט.

צוויי אַזייגער נעמען מיר זיך צום עסן, עס געדויערט ביז זעקס, ביז האַלב זיבן טרינקען מיר קאַווע—אָפיצירישע קאַווע פון פּראָוויאַנט־

אַמט—און דערצו רויכערן מיר אַפּיצירישע ציגאַרן און פּאַפּיראָסן אײך פון פּראָוויאַנט־אַמט. פּונקט האַלב זיבן נעמען מיר זיך צום אָוונטברויט. אַזייגער צען וואַרפן מיר אַרויס דורך דער טיר די ביינער פון די חזרים. דערנאָך טרינקט מען קאָניאַק און רום, אויך פון דעם געבענטשטן פּראָוויאַנט־אַמט און ווידעראַמאָל לאַנגע גראָבע ציגאַרן מיט באַנדעראָלן, טיאַדען האַלט, אַז עס פעלט אונז נאָר אײנס: מיידלעך פון אָפּיצירישן באָרדעל.

שפּעט אין אָוונט דערהערן מיר אַ מיאַוקען. אַ קליינע גרויע קאַץ זיצט ביים אַריינגאַנג. מיר לאָקן זי אַריין און מיר קאָרמען זי אָן. קוקנדיק אויף איר, קריגן מיר ווידער אַפּעטיט. קייענדיק ליגן מיר זיך שלאָפן.

אָבער מיר האָבן אַ שלעכטע נאַכט. מיר האָבן צו זאַט געגעסן, פריש חזיר־פלייש ווירקט שלעכט אויפן מאָגן. מען האַלט אין איין לויפן. צוויי דריי מאַן אויף אַמאָל זיצן אין דרויסן מיט אַראָפּגעלאָזענע הויזן און שילטן. איך אַליין מוז ניין מאָל גיין און קומען, אַרום פיר אַזייגער ביינאַכט דערגרייכן מיר דעם רעקאָרד: די גאַנצע עלף מאַן, סיי מיר, די וואַך, סיי די געסט, זיצן אין דרויסן.

ברענענדיקע הייזער שטייען ווי פאַקעלן אין דער נאַכט, גראַנאַטן קוילערן זיך אַריין און טרעפן. מוניציע־קאָלאָנעס יאָגן האַסטיק איבערן וועג. פון איין זייט איז דער פּראָוויאַנט־אַמט אויפגעריסן. ווי אַ מחנה בינען שטופּן זיי זיך דאָרטן די זעלנער-קאָלאָנעס, נישט קוקנדיק אויף די שטיקער גראַנאַטן, און לקחנען ברויט. מיר לאָזן זיי רויק נעמען. ווען מיר זאָגן זיי נאָר איין וואָרט, וואָלטן זיי אונז מכבד געווען מיט קלעפּ. דעריבער מאַכן מיר דאָס אַנדערש. מיר דערקלערן, אַז מיר זענען דער וואַך־פּאָסטן, און אַזוי, ווי מיר ווייסן, וווּ עפּעס ליגט, קומען מיר מיט קאָנסערוון און בייטן עס אויס אויף זאַכן, וואָס פעלן אונז. וואָס איז די נפקא מינה? — אין אַ קורצע צייט אַרום איז סיי ווי אַלץ צעשאָסן. פאַר זיך אַליין נעמען מיר פון דעפּאָ שאָקאָלאַד און עסן דאָס גאַנצע טעוועלעך, קאַט זאָגט, אַז דאָס איז גוט צו אַ שוואַכן מאָגן.

כמעט פערצן טאָג גייען אַריבער אין עסן, טרינקען און הוליען. קיינער שטערט אונז נישט. דער דאָרף גייט אונטער פּאַמעלעך פון

די גראַנאַטן, און מיר לעבן אַ גוטן טאָג. כל זמן עס איז נאָך געבליבן אַ טייל פון פּראָוויאַנט־אַמט, גייט אונדז גאָרנישט אָן, און מיר ווינטשן זיך נאָר דאָ צו דערלעבן דעם סוף פון קריג.

טיאַדען האָט זיך אַזוי אויסגעאיידלט, אַז ער רויכערט די ציגאַרן נאָר ביז צו דער העלפט. ער דערקלערט גדלותדיק, אַז ער איז אַנדערש נישט געוווינט. אויך קאַט איז זייער אויפגעלייגט. זיין ערשטער אויסרוף אין דער פרי איז: „עמיל, ברענגט קאַוויאָר מיט קאַווע". בכלל פירן מיר זיך זייער פיין, יעדער האַלט דעם צווייטן פאַר זיין משרת, אירצט אים און גיט אים באַפעלן. „קראָפּ, עס בייסט מיר אונטערן פוס, זייט מוחל, נעמט מיר אַראָפּ די לויז". דערביי שטרעקט אים לעער אויס זיין פוס, ווי אַן אַקטריסע, און אַלבערט שלעפּט אים אַרויף פאַרן פוס אויף די טרעפּ.

— טיאַדען!

— וואָס? —

— שטייט גלייך, טיאַדען! איבריקנס זאָגט מען נישט: וואָס, נאָר: צום באַפעל — אַלזאָ טיאַדען! און טיאַדען איז אים ווידער מכבד מיטן קליינעם שיר־השירים, ווי זיין שטייגער איז.

אין אַכט טעג אַרום באַקומען מיר אַ באַפעל אָפּצוטרעטן. אַ סוף צו אונזער ווילטאָג. צוויי גרויסע משא־אויטאָס פירן אונדז אַוועק. זיי זענען הויך אָנגעלאָדן מיט ברעטער. און איבער די ברעטער שטעל איך מיט אַלבערטן אַרויף אונזער הימל־בעט. מיט דעם בלויזיידענעם באַלדאַכין מיט מאַטראַצן און מיט צוויי שפּיצן־קאַפּעס. צוקאָפּנס ליגט פאַר יעדן פון אונדז ביידע אַ זאַק מיט כל טוב. צייטנווייז טאַפּן מיר דאָס אָן, און אונזערע העדצער קוועלן אָן פון דער האַרטער נישט גערייכערטער ווורשט, פון די פּושקעס מיט לעבערווורשט, פון די קאָנסערוון און די שאַכטלעך ציגאַרן, יעדער איינציקער האָט ביי זיך אַזאַ אָנגעפּאַקטן זאַק.

אויסערדעם האָב איך און קראָפּ נאָך אָפּגעראַטעוועט צוויי רויטע סאַמעטענע פאָטעלן. זיי שטייען אין דעם בעט און מיר צעלייגן זיך אויף זיי, ווי אין אַ טעאַטער־לאָזשע. איבער אונדז וויגט זיך די

זיידענע חופּה. יעדערער האַלט אַ לאַנגן ציגאַר אין מויל. אַזוי באַקוקן מיר פֿון אויבן אַראָפּ אויף דער גאַנצער געגנט.

צווישן אונז שטייט אַ פּאַפּוגע־שטייגל, וואָס מיר האָבן אויסגעזוכט פֿאַר אונזער קאַץ. מיר האָבן זי מיטגענומען. איצט ליגט זי אין שטייג ביי איר שטיק פֿלייש און וואָרטשעט.

פֿאַמעלעך שלעפּן זיך די וועגענער איבערן וועג. מיר זינגען. הינטער אונז שפּריצן די גראַנאַטן, ווי פֿאָנטאַנען פֿון דעם פֿאַרלאָזענעם דאָרף.

*

אין עטלעכע טעג אַרום מאַרשירן מיר אַרויס, כדי אָפּצורוימען אַ געגנט. אונטערוועגס טרעפֿן מיר זיך מיט די אַנטלויפֿנדיקע איינווינער, וואָס ווערן אַרויסגעשיקט. זיי שלעפּן זייער האָב און גוטס אויף האַנטוועגעלעך, קינדער־וועגעלעך און אויף די פּלייצעס. זיי גייען איינגעבויגן, די פּנימער פֿאַרזאָרגט, פֿול מיט יאוש, האַסטיקייט און הכנעה. די קינדער האַלטן די מאַמעס פֿאַר די הענט, אַמאָל פֿירט אויך אַן עלטער מיידל דאָס קלייניוואַרג, וואָס לויפֿט פֿאָרויס, און האַלט אין איין קוקן אויף צוריק. עטלעכע טראָגן מיט זיך אָפּגעריסענע ליאַלקעס. פֿאַרבייגייענדיק פֿאַרביי אונז ווערן אַלע שטיל.

מיר האַלטן זיך נאָך אין דער מאַרש־קאָלאָניע, די פֿראַנצויזן וועלן דאָך זיכער נישט באַשיסן אַ דאָרף, וווּ עס געפֿינען זיך די זייעריקע. אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום וואָיעט די לופֿט, עס ציטערט די ערד, עס הערן זיך געשרייען — אַ גראַנאַט האָט צעשמעטערט דעם הינטערשטן צוג. מיר צעלויפֿן זיך און וואַרפֿן זיך אויף דער ערד, נאָר אין דער זעלבער רגע דערשפּיר איך, ווי איך פֿאַרליר די אָנגעשטרענגטקייט, וואָס האָט מיר אַלע מאָל בעת דעם פֿייער אומבאַוווּסטזיניק געהייסן טון, וואָס מען דאַרף. דער געדאַנק „דו ביסט פֿאַרלוירן" צוקט אין מוח מיט אַ שטיקנדיקער בייזער אימה— און אין אַ מינוט אַרום באַקום איך אַ קנאַל אין לינקן פֿוס, ווי פֿון אַ בייטש. איך הער, ווי אַלבערט שרייט, ער איז נעבן מיר.

— לאָמיר לויפֿן, אַלבערט — רעווע איך, ווייל מיר ליגן אומבאַשיצט אויפֿן פֿרייען פֿעלד.

ער שפרינגט אויף און אנטלויפט. איך האַלט מיך לעבן אים. מיר מוזן אַריבערשפּרינגען איבער אַ צוים פון קוסטעס, וואָס איז העכער פאַר אונז. קראָפּ כאַפּט זיך אָן אין די צווייגן, איך נעם אָן זיין פוס, ער גיט אַ געשריי. איך גיב אים אַ הויב, ער שפּרינגט אַריבער. מיט איין שפּרונג לאָז איך זיך גלייך נאָך אים און פאַל אַריין אין אַ סטאַוו, וואָס געפינט זיך הינטער די קוסטעס.

אונזערע פּנימער זענען באַדעקט מיט וואַסער־גראָז און בלאָטע, נאָר דאָס באַהעלטעניש איז גוט, דעריבער קריכן מיר אַריין ביז אויערן האַלדז, בשעת עס פייפט. לאָזן מיר זיך אַראָפּ מיטן קאָפּ אין וואַסער.

נאָכדעם ווי מיר האָבן איבערגעחזרט אַמאָל צוועלף די זעלבע זאַך, ווערט עס מיר נמאס, אויך אַלבערט נעמט קרעכצן.

— לאָמיר אַוועק, אַנישט פאַל איך און דערטרינק מיך.

— ווו האָט עס דיך געטראָפן? — פרעג איך.

— אין קני — דוכט זיך מיר.

— קענסט גיין?

— איך רעכן, אַז יאָ.

— איז געגאַנגען!

מיר דערגרייכן דעם שאָסיי־גרובן און לויפן לענג אויס איינגעבויגענערהייט. די שיסעריי יאָגט אונז נאָך. דער וועג פירט צום אַמוניציע־דעפּאָ. ווען דאָס זאָל אויפרייסן, וועט פון אונז קיין געביין נישט בלייבן. מיר בייטן דעריבער אונזער פּלאַן און לויפן אין ווינקל, קווער צום פעלד צו.

אַלבערט הויבט אָן אָפּצושטיין.

— לויף ווייטער, איך וועל דיך אָניאָגן — זאָגט ער און פאַלט אַנידער.

איך רייס אים ביים אָרעם און טרייסל אים.

— שטיי אויף, אַלבערט, אויב דו וועסט זיך איצט אַוועקלייגן, וועסטו שוין זיך נישט אויפהויבן. שטיי אויף, איך וועל דיך אונטערהאַלטן.

ענדלעך קומען מיר צו צו אַ קליינעם שוץ־גרובן. קראָפּ וואַרפט זיך אַריין און איך פאַרבאַנדאַזשיר אים. די קויל איז איבערן קני.

דערנאָך באַקוק איך זיך אַליין. די הויזן זענען פאַרפּלוטיקט, אויך דער אָרעם. אַלבערט פאַרבינדט מיר מיט זיינע באַנדאַזשן די לעכער. ער קען שוין נישט מער רירן מיטן פוס און מיר וווּנדערן זיך ביידע, ווי אַזוי מיר האָבן זיך בכלל ביז אַהער דערשלעפּט. דאָס האָט די שרעק צוגעהאָלפן. מיר וואָלטן געלאָפן, ווען מען וואָלט אונז אפילו אָפּגעשאָסן די פיס — אויף די איבערגעבליבענע שטיקער.

איך קען נאָך אַביסל קריכן און רוף צו אַ פאַרביי־פאָרנדיקן לייטער־וואָגן, וואָס נעמט אונז מיט. דער וואָגן איז פול מיט פאַרוווּנדעטע. דאָ געפינט זיך אויך אַ סאַניטאַר, וואָס מאַכט אונז תיכף אַ טעטאַנוס־איינשפּריצונג אין דער ברוסט.

אין פעלד־לאַזאַרעט אָרדנען מיר זיך אַזוי איין, אַז מיר ליגן איינער נעבן אַנדערן. מען דערלאַנגט אונז אַ שיטערן קרופּניק, וועלכן מיר זופּן אויס גיריק און מיט פאַראַכטונג, ווייל מיר זענען געוווינט צו בעסערע צייטן, אָבער מיר זענען דאָך הונגעריק.

— נו, איצט, אַלבערט, וועסטו פאָרן אַהיים — זאָג איך.

— האָפנטלעך, — ענטפערט ער — איך וואָלט נאָר וועלן וויסן, וואָס עס איז מיט מיר.

די יסורים ווערן שטאַרקער. די באַנדאַזשן ברענען, ווי פייער. מיר טרינקען איין גלאָז וואַסער נאָכן אַנדערן.

— ווי ווייט איבערן קני איז מיין שאָס? — פרעגט קראָפּ.— ווייניקסטנס צען סענטימעטער — ענטפער איך. אין דער אמתן זענען דאָס אפשר קוים דריי.

— איך האָב ביי מיר אַזוי באַשלאָסן — זאָגט ער אין אַ ווײַלע אַרום, — אַז ווען זיי זאָלן ביי מיר אָראָפּנעמען אַ פוס, מאַך איך אַן עק מיט זיך. איך וויל נישט בלייבן קיין קאַליקע אויף דער וועלט.

אָט אַזוי ליגן מיר און טראַכטן און טראַכטן.

*

אין אָוונט פירט מען אונז אין יאַטקע. איך דערשרעק זיך און באַטראַכט געשווינד, וואָס איך זאָל טון; דאָס איז שוין אַ באַוווּס־

טע זאַך, אַז די דאָקטוירים אין די פעלד־לאַזאַרעטן האַלטן נאָר פון אַמפּוטירן. בײַ דער גרויסער ענגשאַפט איז דאָס אַמפּוטירן אַ סך פּשוטער, ווי די קאָמפּליצירטע אָפּעראַציעס. איך דערמאָן זיך אָן קעמעריכן. איך וועל זיך בשום אופן נישט לאָזן כלאָראָפאָרמירן, אפילו ווען עס זאָל מיר אויסקומען אָפּאָר מאָן דעם מוח צו פּלעטן.

עס גייט גוט. דער דאָקטאָר פּאָרקעט זיך אין דער וווּנד, אַז עס איז מיר אַזש פינסטער אין די אויגן. „מאַכט נישט קיין אָנשטעל" זידלט ער זיך, און האַקט ווײַטער. די אינסטרומענטן בליצן בײַ דײַנער העלער שײַן, ווי בייזע חיות. די יסורים זענען נישט צום אויסהאַלטן. צוויי קראַנקען־וועכטער האַלטן מיך פעסט פאַר די הענט. איך רײַס מיך אָבער פון איינעם אַרויס און פאַרמעסט זיך דעם דאָקטאָר אַ זעץ טון אין די ברילן, ער באַמערקט אָבער און שפּרינגט אָפּ.

— כלאָראָפאָרמירט דעם יונגאַטש — שרײַט ער מיט רציחה.

איך ווער גלײַך רויק.

אַנטשולדיקט מיר, הער דאָקטאָר, איך וועל זיך האַלטן רויק, נאָר כלאָראָפאָרמירט מיך נישט.

— נו, קווענקלט ער, און נעמט זיך ווידער צו זײַנע אינסטרומענטן. ער איז אַ בלאָנדער יונגערמאַן, העכסטנס פון אַ יאָר דרײַסיק, מיט העפּטן אין פּנים און עקלדיקע גאָלדענע ברילן. איך באַמערק, אַז ער שיקאַנירט מיך איצט בכיוון און פּאָרעט אַזוי זיך אין דער וווּנד און קוקט מיך צײַטנווײַז קרום אָן איבער זײַנע ברילן. איך האַלט מיך פעסט בײַ די הענטלעך, איך בין אָבער גרייט גיכער אויסצוגיין, אײדער ער זאָל פון מיר דערהערן אַ פּיפּס.

ער האָט אַרויסגעצויגן אַ גראַנאַט־שפּליטער און וואַרפט מיר אים צו. ער איז, ווײַזט אויס, צופרידן מיט מײַן האַלטונג, ווײַל ער לייגט מיר איצט אַרײַן זאָרגעוודיק דעם פוס אין שינעס און זאָגט:— מאָרגן פאָרט איר אַהיים. דערנאָך ווער איך אײַנגעגיפּסעוועט. ווען איך בין שפּעטער ווידער מיט קראָפּן צוזאַמען, דערצייל איך אים, אַז עס קען זײַן, אַז מאָרגן וועט אָנקומען אַ לאַזאַרעט־צוג.

— מיר מוזן זיך דורכרעדן מיטן סאַניטאַר־פעלדפעבל, כדי מיר זאָלן בלײַבן צוזאַמען.

עס גיט זיך מיר איין מיט אַפּאָר פּאַסיקע ווערטער אַרײַנצוריקן

דעם פעלדפעבל צוויי ציגארן מיט באנדעראָלן. ער שמעקט זיי און פרעגט: — האָסט נאָך מער פון דעם מין?

— נאָך אַ היפּש ביסל — זאָג איך — און מיין חבר — איך ווייז אויף קראָפּן — האָט אויך. דאָס וועלן מיר אייך ביידע געבן מאָרגן דערלאַנגען דורכן פענסטער פון לאַזאַרעט־צוג.

ער פאַרשטייט אונזער מיין, שמעקט נאָך אַמאָל און זאָגט:

— אָפּגעמאַכט —

מיר קאָנען ביינאַכט קיין רגע נישט איינשלאָפן. אין אונזער זאַל שטאַרבן זיבן מאַן, איינער זינגט אַ שעה צייט מיט אַ גע־קוועטשטן טענאָר קירכן־לידער, ביז ער הויבט אָן צו גוססן, אַ צוויי־טער איז פריער צוגעקראָכן פון בעט צום פענסטער. ער ליגט דאָרט ביים פענסטער, ווי ער זאָל וועלן צום לעצטן מאָל ארויסקוקן.

*

אונזערע טראָג־בעטלעך שטייען אויפן וואָקזאַל. מיר וואַרטן אויפן צוג. עס רעגנט, און דער וואָקזאַל איז אָן אַ דאַך, אונזערע קאָלדרעס זענען דין. מיר וואַרטן שוין צוויי שעה.

דער פעלדפעבעל זאָרגט זיך פאַר אונז, ווי אַ מאַמע. הגם איך פיל מיך זייער שלעכט, לאָז איך נישט ארויס אונזער פּלאַן פון קאָפּ, אַזוי זיך אגב אורחא, באַווייז איך די פּעקלעך און גיב אים איין ציגאַר אָן אַדרויף. דערפאַר דעקט אונז דער פעלדפעבעל צו מיט אַ לייוונט.

— מענטש איינער, אַלבערט, — דערמאָן איך זיך, — אונ־זער באַלדאַכים־בעט און די קאַץ —

— און די קלוב־פאָטעלן, — גיט ער צו.

— יאָ, די קלוב־פאָטעלן פון רויטן פּלוש. ווי פּרינצן זענען מיר אין אָוונט אויף זיי געזעסן און מיר האָבן בדעה געהאַט שפּע־טער צו פאַרדינגען זיי פון דער שעה. פאַר יעדער שעה אַ פּאַפּיראָס, עס וואָלט געווען אַ לעבן אָן דאגות, אַ גוט געשעפט.

— אַלבערט — דערמאָן איך זיך, — און אונזערע פרעס־זעק.—

מיר ווערן אומעטיק. די דאָזיקע זאַכן וואָלטן אונז צונוץ גע־קומען. ווען דער צוג וואָלט זיך נאָר אויף איין טאָג פאַרשפּעטיקט, וואָלט אונז קאַט זיכער געפינען און וואָלט אונז דאָס גאַנצע ביסל גוטס געבראַכט.

א שלימאזלדיקע שעה. מיר האָבן אין מאָגן די מעל־זופּ, דעם שיטערן לאַזאַרעט־מאכל, און אין אונזערע זעק האָבן מיר קאָנסערוון פון חזיר־בראָטנס. מיר זענען אָבער געווען אַזוי שוואַך, אַז מיר ;ע־נען נישט בכוח זיך אויפצורעגן צוליב דעם.

די טראָג־בעטלעך זענען פּיטש־נאַס, ווען דער צוג קומט אינ־דערפרי אָן. דער פעלדפעבל מיט זיך שוין, אַז מיר זאָלן ביידע אריין אין זעלבן וואַגאָן. א גאַנצע מחנה באַרמהערציקע שוועסטער זענען דאָ פאַראַן. קראָפּן לייגט מען אַוועק אונטן. און מיך הויבט מען אויף אין בעטל איבער אים.

ווי גאָט איז אייך ליב — רייסט זיך ביי מיר פּלוצלינג אַרויס.

— וואָס איז געשען — פרעגט די שוועסטער.

איך וואַרף נאָך אַמאָל א בליק אויפן בעטל. עס איז איבערגע־צויגן מיט שניי ווייסע ליילעכער, אויסערגעוויינלעך ריינע ליילע־כער, אויף וועלכע עס זענען נאָך צו דערקענען די סמנים פון פרעס, מיין העמד אָבער איז זעקס וואָכן נישט געוואַשן און איז זייער שמוציק.

— איר קענט אַליין נישט אַריינקריכן? — פרעגט די שוועס־טער מיט זאָרג.

— דאָס קען איך יאָ, — זאָג איך, שוויצנדיק, — נעמט אָבער קודם צו דאָס בעטציג.

— פאַרוואָס עפּעס?

איך בין שמוציק, ווי א חזיר, זאָל איך מיך נעמען און אַריינ־לייגן אַהער? — עס וועט דאָך ווערן — איך דעררעד נישט.

— אַביסל שמוציק? — פרעגט זי צוגעבנדיק מיר מוט. — עס מאַכט נישט אויס, מיר וועלן עס שפּעטער אויסוואַשן.

— ניין, נישט וועגן דעם — זאָג איך אויפגערעגט. — איך קאָן נישט אויסהאַלטן אָט די אַטאַקע פון קולטור.

— דערפאַר, וואָס איר האָט זיך דאָרטן געוואַלגערט אין די שוץ־גרובן, האָט איר נאָך פאַרדינט, מיר זאָלן אויסוואַשן אַן אי־בעריקן ליילעך — זאָגט זי ווידער.

איך קוק זי אָן, זי זעט אויס יאָדעריק און ייִנג, בלאַנק און פיין ווי אַלץ, וואָס מ'זעט דאָ. עס גלויבט זיך נישט, אַז דאָס זאָל זיין

נישט פאר אפיצירן. מען פילט זיך אומהיימלעך און אפילו ווי אין עפעס א סכנה.

די פרוי איז אן אמתער תלין, זי צווינגט אלץ צו זאגן. — „עס איז נאר" — איך האק אפ, זי מוז דאך פארשטיין, וואס איך מיין.

— וואס־זשע? —

— צוליב די לייז — שריי איך ווילד ארוים.

זי לאכט.

— זיי מוזן דאך אויך אמאל לעבן א גוטן טאג. —

— נו, אויב אזוי, איז אודאי גוט. איך דראפע מיך ארויף אין בעט און דעק מיך צו.

איך פיל ווי א האנט גראבלט איבער דער דעקע, דער פעלד־פעבל, ער טראגט זיך אפ מיט די ציגארן.

אין א שעה ארום באמערקן מיר, אז מיר פארן.

*

אינמיטן נאכט כאפ איך זיך אויף. קראפ רירט זיך אויך. דער צוג טראגט זיך שטיל איבער די שינעס. איך הויב נאך אלץ נישט אן צו פארשטיין: א בעט, א צוג, אהיים, איך שעפטשע:— אלבערט! —

— יא, —

— ווייסטו נישט, ווו דא איז דער אפטריט?

— מיר דוכט זיך, אז דארט, די טיר אויף רעכטס. —

— איך וועל גיין א קוק טון. — עס איז פינסטער, איך זוך דעם ראנד פון בעט און וויל פארזיכטיק אראפקריכן. מיין פוס אבער האט זיך נישט אין וואס אנצוהאלטן, איך גליטש זיך ארונטער, דער פאר־גיפסעוועטער פוס איז א קנאפע הילף, און מיטאמאל ליג איך אויף דער ערד.

— פארשאלטן זאל דאס ווערן — זאג איך.

— האסט זיך צעקלאפט? — פרעגט קראפ.

— דו האסט, דוכט זיך, געקאנט דערהערן — ברום איך — מיין קאפ.

הינטן אין וואַגאָן עפּנט זיך די טיר. די שוועסטער קומט אַריין מיט ליכט און דערזעט מיך.

— ער איז אַרויסגעפאַלן פון בעט.

זי נעמט מיך אָן ביים פולס און טאַפּט מיין שטערן. — קיין היץ האָט איר אָבער נישט. —

— ניין — גיב איך צו.

— ס׳האָט זיך אייך עפּעס געחלומט? — פרעגט זי.

— דוכט זיך, — פרווו איך מיך אַרויסדריייען. איצט הויבט זיך אָן אַ סדרה נייע פראַגן. זי קוקט מיך אָן מיט אירע ליכטיקע אויגן, זי איז ריין און וווּנדערבאַר, און צוליב דעם טאַקע קאָן איך איר נישט זאָגן, וואָס איך וויל.

מען לייגט מיך ווידער אַרויף אויבן. אַ שיינע צרה. ווען זי וועט נאָר אַרויסגיין, וועל איך תיכף פרווון אַרונטערקריכן. ווען זי וואָלט געווען אַן עלטערע פרוי, וואָלט נאָך מעגלעך געווען איר אָפּן צו זאָגן, זי איז דאָך אָבער נאָך גאַנץ יונג, העכסטנס אַ פינף און צוואַנציק יאָר, עס איז אוממעגלעך, איך קאָן דאָס איר נישט זאָגן.

צום סוף קומט מיר אַלבערט צו הילף. ער שעמט זיך נישט, אַגב גייט דאָ נישט וועגן אים, דערפאַר איז דאָס אים לייכטער. ער רופט די שוועסטער. זי קערט זיך אום.

— שוועסטער, ער האָט געוואָלט — אָבער אַלבערט אַליין ווייסט אויך נישט, ווי אַזוי זיך אויסצודריקן אָנשטענדיק, צווישן זיך, אויף די פּאָזיציעס איז גענוג איין וואָרט, אָבער דאָ, פאַר אַזאַ דאַמע — — — מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך אָן די שול־יאָרן און פאַרענדיקט שנעל:

— ער וויל אַרויסגיין, שוועסטער. —

— אַך, אַזוי — זאָגט די שוועסטער, — צוליב דעם דאַרף ער דאָך נישט אַראָפּקריכן מיטן פאַרגיפּסעווועטן פוס פון בעט.

— וואָס ווילט איר אייגנטלעך? — ווענדט זי זיך צו מיר.

די דאָזיקע פראַגע וואַרפט אויף מיר אַ טויט־שרעק, ווייל איך הויב נישט אָן צו וויסן, ווי דאָס אָנצורופן פאַכמעניש.

די שוועסטער העלפט מיר אַרויס.

— קליין אָדער גרויס? —

אזא חרפה! איך שוויַג, ווי אַ מאַלפּע און איך ענטפער פאַר־שעמט:

— זאָל זיין קליין. —

נאָך אויך אַ שטיקל גליק.

איך באַקום אַ פלאַש. אין עטלעכע שעה אַרום בין איך שוין נישט דער איינציקער. און אויף מאָרגן האָבן מיר זיך צוגעוווינט און מיר זאָגן אָן שום בושה, וואָס מיר דאַרפן.

דער צוג גייט פּאַמעלעך. אַ מאָל שטעלט ער זיך אָפּ און די טויטע ווערן אויסגעלאָדן. ער שטעלט זיך אָפט אָפּ.

*

אַלבערט האָט היץ. מיר גייט עס נישקשה. איך האָב יסורים, דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס אונטערן גיפּס האָבן זיך אָפּנים פאַר־קליבן לייז. עס בייסט שרעקלעך און איך קאָן מיך נישט קראַצן.

מיר דרעמלען גאַנצע טעג. די לאַנדשאַפט פליט שטיל פאַרביי די פענסטער. אין דער דריטער נאַכט קומען מיר אָן קיין הערבעסטאַל. איך דערוויס מיך פון דער שוועסטער, אַז אַלבערטן וועט מען אויף דער צווייטער סטאַציע אַראָפּנעמען, צוליב זיין היץ.

— וווּהין גייט דער צוג? — פרעג איך.

— ביז קעלן. —

— אַלבערט, מיר וועלן בלייבן צוזאַמען — זאָג איך — וועסט שוין זען.

ווען די שוועסטער קומט דאָס צווייטע מאָל באַקוקן די קראַנקע, פאַרהאַלט איך דעם אָטעם און דאָס בלוט גיט מיר אַ זעץ אין קאָפּ. ער ווערט אָנגעשוואָלן און רויט. זי שטעלט זיך אָפּ.

— האָט איר יסורים?

— יאָ, — הויב איך אָן צו קרעכצן — מיטאַמאָל.

זי דערלאַנגט מיר אַ טערמאָמעטער און גייט אַוועק. דערויף בין איך געווען קאַטס אַ תלמיד, אַז איך זאָל שוין וויסן, וואָס איך האָב צו טון. די דאָזיקע זעלנערישע טערמאָמעטערס זענען נישט אויסגערעכנט פאַר אויסגעפּרוווטע מיליטער־לייט. מען דאַרף נאָר

קענען די קונץ ווי אַזוי אַרויפצוטרייבן דאָס קוועקזילבער אין דעם דינעם רערל און דערנאָך פאַלט עס שוין נישט אַראָפּ.

איך שטעל אַריין דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם קרומלעך און קלאַפּ אַלץ מיטן פינגער. דערנאָך שאָקל איך דעם טערמאָמעטער אַרויף, אַזוי דערגייט עס ביז 37,9. דאָס איז נאָך אָבער צו ווייניק. ווען מ׳לייגט נאָך צו נאָענט אַ שוועבעלע, דערגייט ביז 38,7.

ווען די שוועסטער קומט צוריק, בלאָז איך זיך אָן, אָטעם שווער, קוק זי אָן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, וואַרף מיך און שעפּטשע:

— איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן!

זי פאַרשרייבט מיין נאָמען אויף אַ צעטל. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אָן אַן ערנסטער סיבה וועט מען מיר נישט אַראָפּנעמען דעם גיפּס.

מיך מיט אַלבערטן זעצט מען אַראָפּ פון צוג.

*

מיר ליגן אין אַ קאַטוילישן שפּיטאָל, אין איין צימער. דאָס איז אַ גרוים גליק, מחמת די קאַטוילישע שפּיטעלער זענען באַוווּסט מיט זייער גוטער באַהאַנדלונג און גוטן עסן.

דער לאַזאַרעט איז פול געפּאַקט מיט די קראַנקע פון אונזער צוג, עס זענען דאָ היפּש שווער קראַנקע צווישן זיי. אונז באַטראַכט מען נאָך נישט היינט, ווייל עס זענען דאָ צו ווייניק דאָקטוירים. איבערן קאָרידאָר פאָרן אַרום אָן אויפהער די פלאַכע וועגעלעך אויף גומענע רעדלעך און שטענדיק ליגט דערויף עמיץ אויסגעצויגן. — עס איז שלעכט צו ליגן אַזוי אויסגעצויגן. גוט איז כאָטש, ווען מ׳שלאָפט.

די נאַכט איז זייער אַן אומרויקע. קיינער קאָן נישט שלאָפן. פאַרטאָג דרעמלען מיר אַביסל איין. איך כאַפּ זיך אויף, ווען עס איז שוין ליכטיק. די טיר איז אָפן און פון קאָרידאָר הערן זיך שטי־מען. די איבעריקע כאַפּן זיך אויך אויף. איינער, וואָס איז שוין דאָ אַ פּאָר טעג, דערקלערט אונז דעם ענין: אויבן, דאָרט אין קאָ־רידאָר, דאַוונען די שוועסטער אַלע אין דער פרי. זיי רופן דאָס אָן

פרימאָרגן־תפילה, און כדי איר זאָלט אויך האָבן אַ חלק אין דער מצוה, עפענען זיי אויף די טירן.

זייער כונה איז געווים אַ גוטע, אונז טוען אָבער ווי די ביינער און די קעפּ.

— אַזאַ אומזין — זאָג איך — גראַד, ווען מען איז אַביסל איינגעשלאָפן.

— דאָ אויבן ליגן די לייכטערע קראַנקע, דעריבער דערלויבן זיי זיך דאָס — ענטפערט ער.

אַלבערט קרעכצט. איך ווער אויפגערעגט און שריי:

— שטילער דאָרט, אין קאָרידאָר.

אין אַ ווײַלע אַרום קומט אַריין אַ שוועסטער. אין אירע שוואַרץ־ווייסע קליידער זעט זי אויס, ווי אַ שיינער קאַווע־וואַרעמער.

— מאַכט, זייט מוחל, צו די טיר — זאָגט עמיץ.

— מ׳טוט תפילה צו גאָט, דעריבער איז די טיר אָפן, — ענטפערט זי.

— מיר ווילן דאָך אָבער שלאָפן.

— תפילה טון איז בעסער, ווי שלאָפן. — זי שטייט און שמייכלט אומשולדיק. — אגב, איז שוין זיבן אַזייגער.

אַלבערט קרעכצט ווידער.

— מאַכט צו די טיר — בייזער איך זיך.

זי איז געוואַלדיק פאַרחדושט, זי קען דאָס, קענטיק, נישט פאַרשטיין.

— מען בעט דאָך אויך פאַר אייערטוועגן.

— אַלץ איינס! מאַכט צו די טיר!

זי גייט אַרויס און לאָזט די טיר אָפן.

ווידער דערהערט זיך דאָס תפילה־געזאַנג. איך ווער מלא־רציחה און זאָג:

— איך צייל אָפּ ביז דריי. ווען זיי הערן נאָך אַלץ נישט אויף, שלײַדער איך עפּעס.

— איך אויך — דערקלערט אַ [illegible].

איך צייל ביז פינף. דערנאָך נעם איך אַ פלאַש, ציל, און וואַרף דורך דער טיר אין קאָרידאָר אַריין. די פלאַש ווערט צעבראָכן אויף

פּיץ־פּיצלעך. די תפילה הערט אויף. אַ גאַנצע מחנה שוועסטער לאָזט זיך אַריין און זידלט מוראַדיק.

— מאַכט צו די טיר — שרייען מיר.

זיי טראָגן זיך אָפּ. די קליינע פון פריהער גייט אַרויס די לעצטע:

— „געצנדינער“, קוויטשעט זי. זי מאַכט פונדעסטוועגן צו די טיר. מיר האָבן אויסגעפּירט.

*

צו מיטאָג קומט דער לאַזאַרעט־אינספּעקטאָר און זידלט אונז אויס, ער דראָט אונז מיט טורמע און נאָך ערגער.

אַ לאַזאַרעט־אינספּעקטאָר איז פּונקט ווי אַ פּראָוויאַנט־אינספּעקטאָר, אפילו אַ פּאַרשוין, וואָס טראָגט אַ שווערד מיט שליפּעס, נאָר אייגנטלעך איז ער אַ פּשוטער באַאַמטער, דעריבער רעכענען זיך אפילו די רעקרוטן נישט מיט אים. מיר לאָזן אים דעריבער רעדן. וואָס קאָן דאָס אונז שאַדן.

— ווער האָט געוואָרפן די פלאַש? — פרעגט ער.

איידער איך באַוויז נאָך אַ טראַכט צו טון, צי איך זאָל זיך מודה זיין, זאָגט שוין עמיץ:

— איך!

אַ מענטש מיט אַ קאָלטענעוואַטער באָרד הייבט זיך אויף. אַלע זענען נייגעריק, צוליב וואָס ער האָט זיך געמעלדן.

— איר?

— יאָ, איך. איך בין געווען אויפגערעגט, וואָס מען האָט אונז אומזיסט אויפגעוועקט, בין איך געוואָרן אויסער זיך און האָב נישט געוווּסט, וואָס איך טו. — ער רעדט, ווי פון בוך.

— ווי איז אייער נאָמען?

— ערזאַץ־רעזערוויסט יאָזעף האַמאַכער. —

דער אינספּעקטאָר גייט אַרויס.

אַלע זענען נייגעריק: „צוליב וואָס האָסטו זיך אייגנטלעך געמאָלדן? דו האָסט דאָך עס גאָר נישט געטון!“.

ער שמייכלט מיט חוזק.

— עס שאדט נישט. איך האָב עס שוואַרץ אויף ווייס.

דאָס פאַרשטייט, געוויינלעך, יעדערער. ווער עס האָט אַזאַ פּאַפּירל, קאָן טון, וואָס ער וויל.

— יאָ, — דערציילט ער — איך האָב געקריגן אַ קויל אין קאָפּ, און צוליב דעם האָט מען מיר אַרויסגעגעבן אַן אַטעסטאַט, אַז צייטנווייז בין איך נישט אינגאַנצן ביים זינען. פון דעמאָלט אָן גייט מיר גוט. מען טאָר מיך נישט אויפרייצן. מיר, הייסט עס, קאָן גאָר־נישט געשען. יענעם דאַרט וועט שוין גוט פאַרדריסן. און געמאָלדן האָב איך מיך, נאָר דערפאַר, ווייל דאָס וואַרפן האָט מיר הנאה געטון. אויב זיי וועלן מאָרגן ווידער עפענען די טיר, וועלן מיר ווידער וואַרפן. —

מיר זענען מלא שמחה. האָבנדיק יאָזעף האַמאַכער צווישן אונז, קאָנען מיר איצט אַלץ ריזיקירן.

דערנאָך קומען די שטילע פלאַכע וועגעלעך און פירן אונז אַוועק. די באַנדאַזשן זענען צונעקלעפּט. מיר רעווען, ווי די אָקסן.

*

אין אונזער שטוב ליגן אַכט מאַן. די שווערסטע וווּנד האָט פּעטער, איינער מיט אַ שוואַרצן געקרייזלטן קאָפּ האָר — ער האָט אַ קאָמפּליצירטן לונגען־שאָס. פראַנץ וועכטער, וואָס ליגט לעבן אים, האָט אַ צעשאָסענעם אָרעם, וואָס האָט לכתחילה אויסגעזען נישט געפערלעך. אין דער דריטער נאַכט אָבער רופט ער אונז צו, מיר זאָלן אָנקלינגען. אים דוכט זיך, אַז ער בלוטיקט.

איך קלינג האַסטיק אָן. די נאַכט־שוועסטער קומט נישט. מיר האָבן זי אין אָוונט צו פיל מטריח געווען. מ'האָט אונז פריש באַנ־דאַזשירט, האָבן מיר געהאַט יסורים. איינער האָט געוואָלט דער פוס זאָל ליגן אַזוי, אַ צווייטער אַזוי, אַ דריטער האָט געבעטן וואַ־סער, דער פערטער, מען זאָל אים אויפקלאַפּן דאָס קישן; די דיקע אַלטע האָט צום סוף געגומען בייז וואָרטשען און געהאַקט מיט די טירן. איצט איז זי זיך משער, אַז מען וויל שוין ווידער עפּעס אַזוינס און קומט דעריבער נישט אַריין.

מיר ווארטן, דערנאָך זאָגט פראַנץ:

— קלינג אַן נאָך אַמאָל!

איך טו אַזוי. זי באַווייזט זיך נאָך אַלץ נישט. אין אונזער גאַנצן פליגל איז דאָ בײנאַכט נאָר איין איינציקע שוועסטער, אפשר איז זי פּונקט פאַרנומען אַנדערשוווּ.

— ביסטו זיכער, פראַנץ, אַז דו בלוטיקסט? — פרעג איך — ווייל אויב נישט, וועלן מיר ווייטער קריגן אַ פײנעם חלק.

— עס נעצט. קיינער קאָן נישט אָנצונדן קיין פייער?

אויך דאָס איז שווער. דאָס עלעקטרישע קנעפּל איז בײַ דער טיר, און קיינער קאָן זיך נישט אויפהויבן. איך דריק אַזוי לאַנג מיטן גראָבן פינגער, ביז ער ווערט מיר פאַרשלאָפן. אפשר האָט די שוועסטער איינגעדרעמלט. זיי האָבן טאַקע זייער אַ סך אַרבעט און אין משך פון טאָג ווערן זיי אויסגעמאַטערט. און דערצו נאָך די שטענדיקע תפילות.

— אפשר זאָל מען וואַרפן פלאַשן? — פרעגט יאָזעף האַמאַכער מיטן פּאַפּירל.

— דאָס וועט זי נאָך גיכער נישט דערהערן, ווי דאָס קלינגען.

ענדלעך עפנט זיך די טיר. די אַלטע באַווייזט זיך אָן אָנגעברוגזטע.

ווען זי דערזעט, וואָס עס טוט זיך מיט פראַנצן, הויבט זי זיך אָן צו אײַלן און שרייט:

— פאַרוואָס זשע האָט קיינער פון אײַך נישט געזאָגט, וואָס־ווען?

— מיר האָבן געקלונגען. גיין קאָן דאָך קיינער נישט.

ער האָט שטאַרק געבלוטיקט און מען האָט אים פאַרבאַנדאַזשירט. אינדערפרי, אַז מיר גיבן אַ קוק אויף זיין פּנים, זעען מיר, אַז עס איז געוואָרן שפּיציקער און געלער. און אין אָוונט האָט ער נאָך געהאַט כמעט אַ געזונטן אויסזען. איצט קומט שוין אָפטער אַריין אַ שוועסטער.

*

טײלמאָל קומען אויך אַרײַן געהילף־שוועסטער פֿון רויטן קרײַץ. זײ זענען גוטמוטיקע, נאָר צײַטנווײַז אַביסל אומגעשיקט. בײַם איבערבעטן טוען זײ אָפֿט יענעם אָן יסורים, און דערבײַ דערשרעקן זײ זיך אַזוי, אַז זײ מאַכן נאָך אָן גרעסערע ווײטיקן.

אויף די נאָנעס קען מען זיך מער פֿאַרלאָזן. זײ ווײסן שוין גראָד, ווי אַזוי אַרומצוגײן אַרום אַ קראַנקן; עס וואָלט זיך אָבער זײער געוואָלט זײ זאָלן זײַן אַביסל פֿרײלעכער. אַנדערע פֿון זײ האָבן הומאָר, זענען זײ אויסגעצײכנט. ווער, למשל, וועט נישט טון אַלץ אין דער וועלט פֿאַר דער שוועסטער ליבערטינע, פֿאַר דער דאָזיקער וווּנדערבאַרער שוועסטער, וואָס תיכף ווי מ'דערזעט זי פֿין דערווײַטנס, ווערט ליכטיק אין גאַנצן פֿליגל. און אַזוינע, ווי זי, זענען נאָך דאָ מער. מיר וואָלטן פֿאַר זײ געגאַנגען אין פֿײַער אַרײַן. מ'קאָן זיך באמת נישט באַקלאָגן. די נאָנעס באַהאַנדלען אונז דאָ ממש ווי ציוויליסטן. פֿאַרקערט, ווען מען דערמאַנט זיך אין די גאַרניזאָן־לאַזאַרעטן, כאַפּט אָן אַ שרעק.

פֿראַנץ ווערכטער קומט נישט צוריק צו זײַנע כּוחות. אײנעם אַ פֿרימאָרגן נעמט מען אים צו און מ'זעט אים נישט מער. יאָזעף האַמאַכער ווײסט דעם סוד: מער וועלן מיר אים שוין נישט זען. מען האָט אים אַוועקגעפֿירט אין מתים־שטיבל.

— וואָס פֿאַר אַ מתים־שטיבל? — פֿרעגט קראָפּ.

— נו, אין שטאַרב־צימער.

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דאָס קלײנע צימערל דאָרט אין עק פֿון דעם פֿליגל. ווער עס האַלט שוין גאָר שמאָל, ווערט אַהין אַוועקגעפֿירט. עס זענען דאָרט דאָ צווײ בעטן. מ'רופֿט עס דאָס שטאַרב־צימער.

— צוליב וואָס אָבער טוט מען דאָס?

— זײ האָבן שפּעטער נישט אַזוי פֿיל אַרבעט. אגב איז דאָס אויך באַקוועמער, ווײַל דאָס איז סאַמע לעבן דער ווינדע צו דער אמתער מתים־שטוב. אפֿשר טוען זײ דאָס אויך צוליב דעם, כּדי קײנער זאָל נישט שטאַרבן אין די זאַלן, צוליב די איבעריקע. מ'קאָן זײ אויך בעסער פֿאַרהיטן, ווען זײ ליגן אַלײן. —

— אָבער זײ אַלײן?

יאָזעף קוועטשט מיט די אַקסלען. — געוויינלעך פאַרשטייען זיי שוין דאָס גאַנץ ווייניק.

— ווייסן דערפון אַלע?

— ווער עס איז דאָ לענגער, דער ווייסט דאָס, נאַטירלעך. —

*

נאָכמיטאָג ווערט פראַנץ וועכטערס בעט ווידער פאַרנומען. אין אַ פּאָר טעג אַרום פירט מען אויך דעם נייעם חולה אַוועק. יאָזעף גיט אַ מאַך מיט דער האַנט. מיר זעען נאָך, ווי עס קומען אָן אַ סך, און ווי מ׳נעמט זיי אַוועק.

אַמאָל זיצן ביי די בעטן קרובים, זיי וויינען אָדער רעדן שטיל און פאַרלעגן. איינע אַן אַלטע פרוי וויל גאָר נישט אַפּטרעטן, זי קאָן דאָך אָבער דאָ נישט בלייבן איבער נאַכט. צומאָרגנס קומט זי שוין גאַנץ פרי, און פאַרשפּעטיקט פאָרט; ווייל ווען זי קומט צו צום בעט, ליגט שוין דאָרט אַן אַנדערער, זי מוז גיין צו דער מתים־שטוב. די עפּל, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט, גיט זי שוין אונז אַוועק.

אויך דער קליינער פּעטער פילט זיך ערגער, לויט זיין היץ־טאַבעלע האַלט מיט אים גאָר נישט גוט. און איינמאָל דערזעט ער׳ן שוין לעבן זיין בעט דאָס פלאַכע וועגעלע. „וווּהין?" — פרעגט ער.

— אין באַנדאַזשיר־זאַל.

מען הויבט אים אויף, אָבער די שוועסטער באַגייט אַ פעלער, און נעמט אַראָפּ פון הענגער זיין מונדיר, כדי אים אַרויפצולייגן אויפן וועגעלע. זי וויל נישט גיין אַ צווייט מאָל. פּעטער דערשנאַפּט תיכף, מיט וואָס עס שמעקט און וויל זיך אַראָפּקוילערן פון וועגעלע: דאָ וויל איך בלייבן!

זיי האַלטן אים צו. ער שרייט שטיל מיט זיין צעשאָסענער לונג: איך וויל נישט, נישט אין שטאַרב־צימער!

— מיר גייען דאָך אין באַנדאַזשיר־זאַל.

— צו וואָס זשע דאַרפט איר מיין מונדיר? — מער קאָן ער נישט רעדן. הייזעריק און אויפגערעגט שעפּטשעט ער:

— דאָ בלייבן! —

מ׳ענטפערט אים נישט און מ׳פירט אים אַרויס. ביי דער טיר

פרוווט ער זיך אויפצוהויבן. זיין שוואַרצער געקרויזטער קאָפּ ציטערט, די אויגן זענען פול מיט טרערן.

— איך וועל צוריק קומען! איך וועל צוריק קומען! — שרייט ער.

די טיר פאַרמאַכט זיך. מיר זענען אַלע אויפגערעגט, נאָר מיר שווייגן. ענדלעך זאָגט יאָזעף:

— נישט איינער האָט שוין דאָס געזאָגט. קוים איז מען שוין אָבער דאָרטן, איז שוין נאָך אַלעמען.

*

מען אָפּערירט מיך, און איך ברעך צוויי טעג נאָכאַנאַנד. מיינע ביינער ווילן זיך נישט צוזאַמענוואַקסן, זאָגט דעם דאָקטאָרס שרייבער. ביי אַן אַנדערן זענען זיי שלעכט צוזאַמענגעוואַקסן; מען מוז זיי ווידער ברעכן. דאָס איז אַ ביטערע מעשה.

צווישן די פריש צוגעקומענע זעלנער, געפינען זיך צוויי מיט פּלאַטפיס. ביי דעם וויזיט באַמערקט דאָס דער שעף־דאָקטאָר און בלייבט שטיין אַ דערפרייטער.

— דערפון וועלן מיר פּטור ווערן, זאָגט ער, מיר וועלן מאַכן אַ קליינע אָפּעראַציע, און איר האָט ווידער געזונטע פיס. פאַרשרייבט, שוועסטער.

נאָך זיין אַרויסגיין וואָרנט זיי יאָזעף, וועלכער ווייסט וועגן אַלץ:

— לאָזט זיך נישט אָפּערירן! ס'איז פּשוט דעם אַלטנס אַ דאָקטאָרישע משוגעת. ער האָט אַ ווילדע הנאה, ווען ער קריגט עמיצן אַריין אין די הענט. ער אָפּערירט אייך די פּלאַטפיס און ווערט באמת דערפון פּטור; שטאָט דעם באַקומט איר אָבער צוקאַלעטשעטע פיס און מוזט גיין אַ גאַנץ לעבן אויף קוליעס.

— וואָס זשע טוט מען? — פרעגט איינער.

— זיך נישט לאָזן! איר זענט געקומען אַהער היילן אייערע וווּנדן און נישט די פּלאַטפיס! האָט איר דען אויפן שלאַכטפעלד

דאָס נישט געהאַט? זעט איר שוין! איצט קאָנט איר נאָך גיין, נאָר אַז דער אַלטער וועט אייך נעמען אונטער זיין מעסער, בלייבט איר קאַליקעס. ער נויטיקט זיך אין קראַליקעס צו עקספּערימענטן, פאַר אים, ווי פאַר אַלע דאָקטוירים, איז דער קריג דערפאַר אַ טייערע צייט. גיט נאָר אַ בליק אונטן אויף דער אָפּטיילונג, ראָרט קריכן שוין ארום אַ טוץ מענטשן, וואָס ער האָט אָפּערירט. עטלעכע זענען דאָ נאָך פון דעם פערצנטן און פופצנטן יאָר. קיינער פון זיי קען נישט בעסער גיין, ווי פריער; אַלע כמעט נאָך ערגער, ווי פריער, דער רוב — אויף געגיפּסעוועטע פיס. אַלע האַלבע יאָר פאַלן זיי ווידער אריין אין זיינע הענט און ער ברעכט זיי איבער אויפסניי די ביינער, און יעדעסמאָל דאַרף דאָס קומען די אמתע ישועה. געדענקט, אַז איר ווילט נישט, טאָר ער עס אייך נישט מאַכן

— מענטש איינער — זאָגט איינער פון זיי מיד: שוין בעסער די פיס, ווי דער קאָפּ. קענסט דען וויסן, וואָס דו וועסט כאַפּן, קומענדיק ווידער אויפן פראָנט? זאָלן זיי מיט מיר טון, וואָס זיי ווילן, אַבי איך זאָל ווידער צוריק קומען אַהיים. בעסער אַ קאַליקע, ווי אַ מת. —

דער אַנדערער, אַ יונגערמאַן אַ׳ן אונזערע יאָרן, וויל עס נישט. אויף צומאָרגנס הייסט דער אַלטער ביידע אראָפּפירן און רעדט אין זיי אַריין און בייזערט זיך אַזוי לאַנג, ביז זיי זענען מסכים, וואָס קאָנען זיי זיך העלפן. זיי זענען דאָך נאָר פּליגן און ער איז אַ חשובע חיה.

פאַרגיפּסעוועט און פאַרכלאָראָפאָרמירט ברענגט מען זיי צוריק.

*

מיט אַלבערטן האַלט שלעכט. מען נעמט אים אוועק און ער ווערט אַמפּוטירט. מ׳נעמט אים אַראָפּ דעם גאַנצן פוס ביז אויבן. איצט רעדט ער שוין כמעט נישט. איינמאָל האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך דערשיסן. ווי נאָר ער וועט צוריק באַקומען זיין רעוואָלווער.

עס קומט אָן אַ נייער טראַנספּאָרט. אין אונזער צימער קומען

צו צוויי בלינדע. איינער פון זיי איז א גאנץ יונגער מוזיקער. די שוועסטער האלטן קיינמאל נישט קיין מעסער ביי זיך, ווען זיי גיבן אים עסן. ביי איינער האט ער שוין איינמאל ארויסגעריסן א מעסער. נישט קוקנדיק אויף דער גאנצער פארזיכטיקייט, פאסירט דאך עפעס: איינמאל אין אוונט,ביים עסן־געבן, רופט מען די שוועסטער אוועק פון זיין בעט. זי שטעלט אויף א ווײַלע אוועק דעם טעלער מיט דעם גאפל אויף זיין טיש. ער טאפט אן דעם גאפל, כאפט אים אן און שטעקט אים אריין מיט אלע כוחות אין האַרץ אריין. דערנאך כאפט ער א שוך און האקט מיטן גאנצן כוח איבערן הענטל פונם גאפל. מיר רופן נאך הילף און ס'זענען נויטיק דריי מאן, כדי ארויסצורייסן ביי אים דעם גאפל. די טעמפע ציין זענען שוין געווען טיף אריינגעזעצט. ער זידלט אונז א גאנצע נאכט, אזוי, אז קיינער קאן נישט קיין אויג צו טון. אינדערפרי באקומט ער ספאזמעס.

ווידער ווערן פריי בעטן. טעג נאך טעג גייען אריבער אין יסורים, אין שרעק, אין קרעכצן און גסיסה. אויך די „מתים־שטיבעלעך" קלעקן שוין נישט. דער עולם שטארבט ביינאכט אויך אין אונזער צימער. ס'גייט צו אסך גיכער, ווי די שוועסטער באווייזן זיך ארומצוקוקן.

אבער איינמאל אין א טאג, פראלט זיך פאנאנדער די טיר, עס פארט אריין דאס פלאכע וועגעלע און א בלייכער, אויסגעמאגערטער, מיט א צעקודלטן, געקרויזטן קאפ, זיצט טריומפירנדיק פעמער אויף א טראג־בעטל. די שוועסטער ליבערטינע פירט אים א לויכטנדיקע צו זיין בעטל. מען האט אים צוריקגעבראכט פון „מתים־שטיבל". מיר האבן אים שוין לאנג געהאלטן פאר געשטארבן.

ער קוקט זיך ארום:

— וואס זאגט איר איצט?

און אפילו יאזעף איז זיך מודה, אז דאס ערשטע מאל אין זיין לעבן געשעעט אזא זאך.

*

ביסלעכווייז דערלויבט מען עטלעכע פון אונז אויפצושטיין. איך באקום אויך קוליעס ארומצוקריכן. איך נוץ דאס אבער ווייניק

אויס; איך קאָן נישט פאַרטראָגן אַלבערטס קוק, ווען איך גיי דורכן צימער. ער קוקט מיך תמיד אָן מיט משונהדיקע אויגן. דערפאַר גיבע איך מיך אָפּט אַרויס אויפן קאָרידאָר — דאָ קאָן איך מיך פרייער באַוועגן.

מיט אַ שטאָק נידעריקער ליגן קראַנקע מיט בויך־ און רוקן־, מאַרך־שאָסן, קאָפּ־שאָסן און אַמפּוטירטע אויף ביידע פיס. אין דער אָפּטיילונג אויף רעכטס — מיט קין־שאָסן, פאַרסמטע פון גאַז, מיט נאָז־, אויערן־ און האַלז־שאָסן. לינקס — בלינדע און מיט לונגען־שאָסן, בעקן־שאָסן, געלענק־שאָסן, נירן־שאָסן, בצים־ און מאָגן־שאָסן. דאָ זעט מען ערשט, וווּ די קויל קאָן אַלץ אַ מענטשן טרעפן.

צוויי מענטשן שטאַרבן פון ווונדן־פּאַראַליז. די הויט ווערט אַש־גרוי, די גלידער ווערן פאַרשטאַרט, צום סוף לעבן נאָך—לאַנג—בלויז די אויגן. אַנדערע פאַרווונדעטע הענגט דער צעשאָסענער אָבער אויף אַן אָנלען אין דער לופט, אונטער דער ווונד שטעלט מען אונטער אַ בעקן, וווהין עס קאַפּעט אַריין די מאַטעריע. אַלע צוויי דריי שעה ווערט די כלי אויסגעליידיקט. אַנדערע ליגן אויסגעשטרעקטע אינגאַנצן פאַרבאַנדאַזשירט מיט שווערע אַראָפּהענגענדיקע געוויכטער ביים בעט. איך זע געדערים־ווונדן, וואָס זענען שטענדיק פול מיט צואָה. דעם דאָקטאָרס שרייבער ווייזט מיר רענטגען־פאָטאָגראַפיעס פון גאַנץ צעשמעטערטע היפּט־ביינער, קני און אַקסלען.

מען קאָן בשום אופן נישט באַנעמען, ווי אַזוי אַזוינע צעפליקטע לייבער האָבן נאָך מענטשלעכע צורות, אין וועלכע דאָס לעבן גייט מיט זיין געוויינלעכן גאַנג. און דערביי איז דאָס בלויז איין איינציקער לאַזאַרעט, נאָר איין איינציקע סטאַציע. — פאַראַן הונדערטער טויזנטער פאַרווונדעטע אין דייטשלאַנד, הונדערטער טויזנטער אין פראַנקרייך, הונדערטער טויזנטער אין רוסלאַנד. ווי אומזיניק ס'איז אַלץ, וואָס מענטשן האָבן ווען עס איז געשריבן, געטון, געטראַכט, אויב אַזאַ זאַך איז בכלל מעגלעך. אויב די קולטור פון טויזנטער יאָרן האָט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן, עס זאָל נישט באַרגאָסן ווערן קיין טייכן בלוט, אויב עס איז מעגלעך, אַז אַזוינע קנוילן פון יסורים און פיין זאָלן עקזיסטירן אין די הונדערטער טויזנטער,—

איז אַלץ שקר וכזב. אין לאַזאַרעט ערשט זעט מען, וואָס עס איז אַזוינס מלחמה.

איך בין יונג, איך בין ערשט אַלט צוואַנציק יאָר; אָבער איך קען אין לעבן גאָרנישט, אַחוץ פאַרצווייפלונג, טויט און שרעק און דעם צוזאַמענבונד פון דער אומזיניקסטער איבערפלאַכלעכקייט מיט אַ תהום פון ליידן. איך זע, ווי פעלקער ווערן געטריבן איינס אויפן אַנדערן און ממיתן זיך שווייגנדיק, אומוויסנדיק, נאַריש, הכנעהדיק, אומשולדיק. איך זע, ווי די גרעסטע קעפּ פון דער וועלט האַלטן אין איין אויסגעפינען כלי־זין און ווערטער, כדי צו מאַכן דאָס אַלץ ראַפינירטער און דויערנדיקער. און צוזאַמען מיט מיר זעען דאָס אַלע מענטשן אין מיינע יאָרן, אַלע מענטשן דאָ און דאָרטן, אין דער גאַנצער וועלט, מיט מיר לעבט דאָס איבער מיין גאַנצער דור. וואָס וועלן טון אונזערע טאַטעס, ווען אין איינעם אַ טאָג וועלן מיר אויפשטיין, אַוועקשטעלן זיך פאַר זיי און פאָדערן אַ דין וחשבון פון זיי? וואָס קאָנען זיי פון אונז דערוואַרטן אין אַ צייט, ווען עס וועלן נישט זיין קיין מלחמות־? יאָרן לאַנג האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט הרגענען. — דאָס איז געווען אונזער ערשטע פּראָפעסיע אין לעבן. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן געוווסט פון לעבן — איז דער טויט. און וואָס זאָל דערנאָך נאָך געשען? און וואָס זאָל ווערן פון אונז?

*

דער עלטסטער אין אונזער זאַל איז לעוואַנדאָווסקי. ער איז אַלט פערציק יאָר און ליגט שוין אין שפּיטאָל צען חדשים צוליב אַ שווערן בויך־שאָס. ערשט אין די לעצטע וואָכן איז אים געוואָרן אויף אַזויפיל בעסער, אַז ער קאָן געבויגנערהייט אַביסל הינקען.

זינט עטלעכע טעג איז ער שטאַרק אויפגערעגט. זיין ווייב האָט אים פון דער קליינער היים אין פּוילן, וווּ זי וווינט, געשריבן, אַז זי האָט אָנגעזאַמלט גענוג געלד, זי זאָל קאָנען באַצאָלן די וועגהוצאות און קומען צו אים צו גאַסט.

זי איז אונטערוועגס און קאָן אָריינפאַלן יעדן טאָג. לעוואַנדאָווסקי פילט מער נישט קיין טעם אין עסן, אפילו רויט קרויט מיט געבראָטענעם ווורשט שענקט ער אַוועק, נאָכדעם ווי ער נאַשט

עטלעכע ביסנס. ער לויפט כסדר ארום מיטן בריוו איבערן צימער, יעדער האט אים שוין געלייענט צענדליקער מאל. די פאסט־שטעמפלען האט מען נאכקאנטראלירט מי־יודע וויפיל מאל, מ'דערקענט קוים די שריפט — אזויפיל איז פאראן אויף איר סימנים פון פינגער און פעטע פלעקן. דער סוף איז, אז דאס, וואס ס'האט גיזמוזט געשען, געשעט טאקע: לעוואנדאווסקי קריגט היץ און מוז זיך ארומליגן אין בעט אריין.

ער האט נישט געזען זיין פרוי זינט צוויי יאר. יענע האט אין דערוויל געהאט א קינד און זי ברענגט עס צו פירן מיט זיך. אבער לעוואנדאווסקי טראכט וועגן א גאנץ אנדערער זאך. ער האט געהאפט צו קריגן א דערלויבניש ארויסצוגיין, ווען זיין אלטע וועט קומען. ווייל ס'איז דאך קלאר: זעען זיך מיט איר איז טאקע א גאנץ פיינע זאך, אבער ווען מ'טרעפט זיך ווידער מיט א ווייב נאך אזא לאנגער צייט, וויל מען נאך עפעס אנדערש, אויב ס'לאזט זיך.

לעוואנדאווסקי האט וועגן דעם גערעדט מיט אונז שעהן־לאנג. ווייל ביי די זעלנער זענען קיין סודות נישטא. קיינער האט אויך דערין נישט געזען קיין שום שלעכטס. יענע פון אונז, וואס קאנען שוין ארויסגיין, האבן אים דערציילט וועגן א פאר פיינע ווינקלען אין שטאט, וועגן גערטנדלעך און פארקן, ווו קיינער וועט אים נישט שטערן. איינער האט אפילו געוווסט וועגן א קליין צימער.

אבער וואס קומט ארויס פון דעם אלעמען. לעוואנדאווסקי מוז ליגן אין בעט און ער האט צרות. דאס גאנצע לעבן באקומט אים נישט, אויב ער וועט מוזן אדורכלאזן אט די געלעגנהייט. מיר טרייסטן אים און זאגן אים צו, אז מיר וועלן שוין ווי עס איז, איינארדנען די זאך.

צומארגנס נאכמיטאג באווייזט זיך זיין ווייב, א קליינע הכנעהדיק באשעפענישל, מיט דערשראקענע און לויפנדיקע אויגן פון א פויגל, אין א מין שווארצע פעלערינע מיט קרייזלעך און בענדער. איין גאט ווייסט, ביי וועמען זי האט דאס געירשנט.

זי מורמלט עפעס שטילערהייט און בלייבט שטיין אפגעשראקן ביי דער טיר. זי שרעקט זיך פאר די זעקס מענער, וואס זענען דא פאראן.

— נאַ, מאַריאַ, — זאָגט לעוואַנדאָווסקי און זיין גאָרגל קריכט שטאַרק אַרויס. — קאָנסט רויק אַריינגיין, זיי וועלן דיר גאָרנישט טון.

זי גייט אַרום און דערלאַנגט יעדן פון אונז די האַנט. דערנאָך ווייזט זי דאָס קינד, וואָס האָט דערווייל אָנגעמאַכט אין די ווינדעלעך. זי האַלט ביי זיך אַ גרויסן טאַש באַשטיקט מיט פּערל. פון דאָרטן נעמט זי אַרויס אַ ריין טוך און וויקלט דערמיט אויפסניי פלינק איין דאָס קינד. אַזוי גייט אַריבער די ערשטע פאַרלעגנהייט און דאָס פאָרפאָלק הויבט אָן צו רעדן.

לעוואַנדאָווסקי איז זייער צעריצט, ער שיקלט צו אונז כסדר מיט זיינע אומגליקלעכע, קיילעכיקע־אַרויסגעגלאָצטע אויגן.

די צייט איז גראָד אַ צוגעפּאַסטע. די דאָקטוירים זענען שוין אַוועק, העכסטנס קאָן אַ קוק טון אין צימער אַריין אַ שוועסטער. איינער גייט דערפאַר אַרויס — זיך אומקוקן. ער קומט צוריק און שאָקלט מיטן קאָפּ: „מ׳זעט נישט קיין פויגל. נו, זאָג איר שוין, יאָהאַן, און קלאַפּ צו“.

ביידע שמועסן אויף זייער לשון. די פרוי קוקט זיך אום אַביסל אָן אָנגערויטלטע און אַ פאַרשעמטע. מיר פּינטלען צו גוטמוטיק און מיר מאַכן ביטולדיק מיט די הענט. וואָס איז עס דען פאַר אַן אומגליק? זאָל דער טייוול נעמען אַלע איינרעדענישן. זיי זענען געמאַכט פאַר אַנדערע צייטן. דאָ ליגט דער סטאָליאַר יאָהאַן לעוואַנדאָווסקי, אַ סאָלדאַט, וואָס איז געוואָרן אַ קאַליקע פון אַ קויל, און דאָ איז זיין פרוי. ווער ווייסט, ווען זיי וועלן זיך זען נאָכאַמאָל. ער וויל זי האָבן און זאָל ער זי האָבן, אַ סוף!

צוויי מאַן שטעלן זיך אַוועק ביי דער טיר, כדי אויפצוהאַלטן די שוועסטער און זיי צו פאַררעדן, אויב זיי וועלן צופעליק פאַרביי גיין. זיי ווילן אַזוי אַכטונג טון בערך אַ פערטל שעה.

לעוואַנדאָווסקי קאָן ליגן בלויז אויף איין זייט. עמיץ לייגט אים דערפאַר אונטער נאָך עטלעכע קישנס. אַלבערט נעמט אַביסל דאָס קינד, דערנאָך דרייען מיר זיך אַביסל אוים. די שוואַרצע פּעלערינע ווערט פאַרשווינדן אונטער דער קאָלדרע און מיר שפּילן אין קאָרטן הויך און מיט רעש.

אַלץ גייט־צו גוט. איך האָב נעקריגן אַ גוטע קאָרט. צוליב דעם

פֿאַרגעסן מיר כמעט אין לעוואַנדאָווסקין. אַביסל שפּעטער הויבט אָן דאָס קינד זיך רייסן, כאָטש אַלבערט שאָקלט עס אַ פֿאַרצווייפֿלטער אַהין און אַהער. עס הערט זיך נאָך אַביסל סקריפּן און רוישן. דערנאָך קוקן מיר זיך אום כלאחר־יד און מיר זען, אַז דאָס קינד האַלט שוין דאָס פֿלעשל אין מויל און איז שוין ווידער אין די מאַמעס הענט. דער ענין איז אַריבער בשלום.

מיר פֿילן זיך איצט, ווי אין איין גרויסער משפּחה. די פֿרוי איז געוואָרן גאָר אויפֿגעלייגט און לעוואַנדאָווסקי ליגט אַ פֿאַרשוויצטער און אַ שטראַלנדיקער.

ער פּאַקט אויס דעם געשטיקטן טאַש און ס'באַווייזן זיך אַ פּאָר גוטע וווּרשטן. לעוואַנדאָווסקי נעמט דאָס מעסער, ווי אַ בוקעט מיט בלומען, און צעשניידט דאָס פֿלייש אויף שטיקער. ער ווייזט אויף אונז מיט אַ ברייטן זשעסט און די קליינע הכנעהדיקע פֿרוי גייט פֿון איינעם צום אַנדערן, שמייכלט און איז מכבד מיט ווּרשט, זי זעט איצט אויס דערביי באמת שיין. מיר רופֿן זי מאַמע און זי פֿרייט זיך און קלאַפּט אונז אויף די קישנס.

*

אין עטלעכע וואָכן אַרום מוז איך יעדן אינדערפֿרי אוועק אין זאַנדער־אינסטיטוט. דאָרטן ווערט מיין פֿוס פֿעסט צוגעשנורעוועט און מ'באַוועגט אים. די האַנט איז שוין לאַנג אויסגעהיילט.

ס'קומען אָן פֿון פֿעלד נייע טראַנספּאָרטן. די באַנדאַזשן זענען מער נישט פֿון שטאָף, זיי זענען געמאַכט פֿון ווייס קרעפּ־פּאַפּיר. ס'האָט אויסגעפֿעלט באַנדאַזשן־שטאָף אויפֿן פֿראָנט.

אַלבערטס ווונד היילט זיך גוט. זי איז שוין כמעט פֿאַרמאַכט, אין עטלעכע וואָכן אַרום זאָל ער אַרויסגעשיקט ווערן אין אַ פּראָטעזסטאַציע. ער רעדט נאָך אַלץ ווייניק און איז אַ סך ערנסטער, ווי אַמאָל. אָפֿט האַקט ער אָפּ אינמיטן שמועס און קוקט פֿאַרגליווערט פֿאַר זיך. ווען ער וואָלט נישט געווען צוזאַמען מיט אונז, וואָלט ער שוין לאַנג געמאַכט אַ סוף. איצט אָבער איז ער שוין איבערגעקומען דאָס ערגסטע. ער קוקט זיך שוין טיילמאָל צו ביי די קאָרטן.

איך באַקום אורלויב צום פֿאַרריכטן זיך.

מיין מוטער וויל מיך מער נישט אַוועקלאָזן, זי איז זייער שוואַך. אַלץ איז נאָך ערגער, ווי ס׳לעצטע מאָל.

דערנאָך פּאָדערט מען מיך פון רעגימענט צוריק און כ׳פאָר ווידער אויפן פראָנט.

דאָס געזעגענען זיך מיט מיין פריינט אַלבערט קראָפּ איז זייער שווער. אָבער ביי די זעלנער לערנט מען זיך דאָס אויס מיט דער צייט.

# XI

מיר ציילן מער נישט די וואָכן. ווען איך בין אָנגעקומען, איז געווען ווינטער און פֿון די גראַנאַטן־שאָסן זענען די געפֿרוירענע גרודעס ערד געווען פּונקט אַזוי געפּערלעך ווי די שפּליטער. איצט זענען די ביימער ווידער גרין. אונזער לעבן בייט זיך צווישן פֿראָנט און באַראַקן. מיר זענען שוין אין אַ געוויסער מאָס צוגעוווינט דערצו. די מלחמה איז בלויז אַ שליח פֿון טויט, ווי אַ שטייגער ראַק און טובערקולאָזע, גריפּע און דיזענטעריע. דאָ זענען בלויז די טויטפֿאַלן אַ סך אָפֿטער, פֿאַרשידענער און אכזריותדיקער.

אונזערע געדאַנקען זענען ווי ליים, זיי ווערן געקנעטן לויט דער שעה. זיי זענען גוטע, אויב מיר האָבן מנוחה און טויטע — אויב מיר זענען אין פֿייער. אַלץ איז צעלעכערט סיי פֿונדרויסן, סיי אינעווייניק.

אַלע זענען אַזוי, נישט בלויז מיר אַליין. דאָס, וואָס ס'איז געווען אַמאָל, גילט מער נישט און מ'וויל באמת מער נישט וויסן וועגן דעם. די פֿאַרשידנקייטן, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן דורך בילדונג און דערציִונג, זענען כמעט ווי אָפּגעווישט און מ'דערקאָנט זיי נאָך קוים. זיי האָבן טיילמאָל אַ ווערט ביים אויסנוצן סיטואַציעס, אָבער זיי האָבן אויך חסרונות, ווייל זיי רופֿן אַרויס שטערונגען, וועלכע מ'דאַרף ערשט גובר זיין. ס'זעט אויס, גלייך מיר וואָלטן אַמאָל געווען מטבעות פֿון פֿאַרשידענע לענדער. איצט האָט מען זיי איבערגעשמאָלצן און אַלע האָבן באַקומען דעם אייגענעם חותם. אויב מ'וויל דערקענען אונטערשידן, מוז מען שוין אויספֿאָרשן גענוי דעם מאַטעריאַל. מיר זענען קודם־כּל סאָלדאַטן און ערשט דערנאָך אויף אַ מאָדנע, באַהאַלטענעם אופֿן אויך איינצלנע מענטשן.

עס איז אַ גרויסע ברודערשאַפֿט, וועלכע האָט אין זיך דעם גלאַנץ פֿון דער חברש[illegible]ט אין פֿאָלקס־לידער, דעם סאָלידאַרקייט־

געפיל פון ארעסטאנטן און דאס פארצווייפלטע ביישטיין איינער דעם אנדערן פון פארמשפטע צום טויט. דאס אלץ איז מאדנע צונויפגעגאסן און דערגייט צו א מדרגה אין לעבן, וואס קומט אויף אין דער סכנה, אין געשפאנטקייט און פארלאזנקייט פון טויט און דערפירט די מענטשן דערצו מ׳זאל אינדערגיך ארייננכאפן די געווּנענע שעהן גארנישט אויף א פאעטישן אופן. ס׳איז העראאיש און באנאל, אויב מ׳זאל עס וועלן שאצן. אבער ווער וויל דאס טון?

נאר צוליב דעם האט טיאדען געקאנט סאמע פאר דעם שונאס אטאקע מיט גרויס האסטיקייט ארייננגיסן אין זיך זיין ארבעס־זופ מיט שפעק טאמער וועט ער אין א שעה ארום שוין נישט לעבן. מיר האבן, אגב, לאנג דיסקוטירט וועגן דעם, צי ער האט געטון גוט צי נישט. קאט האלט נישט דערפון. ער טענהט, אז מ׳דארף זיך רעכענען דערמיט, אפשר קריגט מען א בויך־שאס און ביי א פולן מאגן איז עס א סך געפערלעכער ווי ביי א ליידיקן.

אזעלכע זאכן זענען פאר אונז פראבלעמען, מיר נעמען זיי ערנסט און ס׳קאן גארנישט זיין אנדערש. דא, אויף דער גרעניץ פון טויט, האט דאס לעבן אן אויסערגעוויינלעך פשוטע ליניע. עס באגרעניצט זיך אויף דעם סאמע נויטיקן. אלע אנדערע באדערפענישן זענען פארזינקען אין א טעמפן שלאף. דאס איז אונזער פרימיטיווקייט און אונזער מעגלעכקייט געראטעוועט צו ווערן. ווען מיר וואלטן געווען פארשידן, וואלטן מיר שוין לאנג געווען משוגע געווארן, דעזערטירט, אדער געפאלן, עס איז ווי אן עקספעדיציע אין די קאלטע געגנטן. יעדער סימן פון לעבן מעג דינען בלויז פאר דער דערהאלטונג פון דער עקזיסטענץ און איז לויטן מוז אויסגערעכנט דערויף. אלע אנדערע זאכן האבן דא קיין ארט נישט, ווייל זיי שעפן אויס אומנויטיק די כוחות. דאס איז דער איינציקער וועג געראטעוועט צו ווערן. אפט, ווען דער אויסטערלישער אפשיין פון אמאל שטעלט אוועק אין שטילע שעהן די קאנטורן פון מיין איצטיקן לעבן אויסער מיר, ווי אין א מאטן שפיגל, — זיץ איך פאר מיר אליין, ווי פאר א פרעמדן. איך וווּנדער מיך, ווי אזוי דאס אקטיווע, וואס רופט זיך לעבן, האט זיך אליין צוגעפאסט צו דער דאזיקער פארם. אלע אנדערע פארלאנגען ליגן אין ווינטער־שלאף. דאס לעבן

לאָקערט כּסדר קעגן דער סכּנה פון טויט. עס האָט אונז געמאַכט פאַר טראַכטנדיקע חיות און אַזוי־אַרום אונז געגעבן דאָס געווער פון חיות: דעם אינסטינקט. עס האָט אונז פאַרטעמפּט, כּדי מיר זאָלן נישט צעבראָכן ווערן פון דער גרויל, וואָס וואָלט אונז אַרומגעכאַפּט, ווען מיר וואָלטן געטראַכט קלאָר און מיט באַוווּסטזיין, דאָס לעבן האָט אין אונז אויפגעוועקט אַ חוש פאַר חברשאַפט, כּדי מיר זאָלן ניצול ווערן פון דעם תּהום פון פאַרלאָזנקייט. עס האָט אונז געגעבן די גלייכגילטיקייט פון ווילדע, כּדי מיר זאָלן, נישט געקוקט אויף אַלעמען, שפּירן יעדן פּאָזיטיוון מאָמענט און אַ דאַנק אָט־די אָנגעזאַמלטע רעזערוון שפּעטער קאָנען בײַשטיין דעם אָנפאַל פון פאַרלענדונג. אַזוי־אַרום פירן מיר אַ געשלאָסן, האַרט לעבן, סאַמע אויף דער אויבערפלאַך. בלויז טיילמאָל וואַרפט אַ געשעעניש אַרײַן אַהער אַ פונק. דאַמאָלסט גיט טאַקע אומגעריכט אַ זעץ־אַרויס אַ פלאַם פון שווערער און מוראַדיקער בענקשאַפט.

צופּאַסונג איז בלויז אַ קינסטלעכע, אַז זי איז נישט געוויינלעכע רו, צואַפּסונג איז בלויז אַ קינסטלעכע, אַז זי איז נישט געוויינלעכע רו, נאָר די שאַרפסטע אָנשטרענגונגען צו רו. אויסערלעך, לויט אונזער לעבנס־שטייגער, איז כּמעט נישטאָ קיין שום חילוק צווישן אונז און בושמענישע נעגערס. אָבער יענע קאָנען תּמיד זײַן אַזוי, ווײַל זיי זענען אַזעלכע פון נאַטור, און די גײַסטיקע אָנשטרענגונג זייערע דאַרפן זיי העכסטנס האָבן, כּדי זיך צו אַנטוויקלען ווייטער. בײַ אונז, דערפאַר, איז פונקט פאַרקערט: אונזערע אינערלעכע כּוחות שטרענגען זיך אָן נישט אויף צו אַנטוויקלען זיך ווייטער, נאָר אויף צו גייז צוריק, יענע זענען אַזוי־אַרום נישט־געשפּאַנט און נאַטירל׳ך. מיר אָבער — אויסערגעוויינלעך שטאַרק געשפּאַנט און קינסטלעך.

און מיט שרעק דערשפּירט מען טיילמאָל בײַנאַכט — בעת מ׳כאַפּט זיך אויף פון אַ חלום, באַהערשט און פאַרכאַפּט דורך דעם כּישוף פון אויפגעשווומענע בילדער — ווי דין ס׳איז די גרעניץ און דער צוים, וואָס שיידן אונז אָפּ פון דער טונקלקייט. מיר זענען קליינע פלאַמען, וואָס מוזן ווערן געשיצט דורך שוואַכע ווענטלעך פאַר דעם שטורם פון חורבן און משוגעת, אַ שטורם, אין וועלכן מיר פלאַקערן און ווערן טיילמאָל שיער נישט דערטרינקען. דעמאָלט

ווערט דאָס צוגעדושעטע ברויזן פון דער שלאַכט ווי אַ רינג, וואָס שליסט אונז צונויף. מיר קאָרטשען זיך איין און גלאָצן מיט גרויסע אויגן אין דער נאַכט אַריין. מיט טרייסט פילן מיר דעם אָטעם פון אונזערע שלאָפנדיקע חברים און אַזוי־אַרום וואַרטן מיר אויפן פרימאָרגן.

*

יעדער טאָג און יעדע שעה, יעדער גראַנאַט און יעדער געפאַלע־נער רייבט ביסלעכווייז אויס אָט־דאָס דינע אָנהאַלטעניש. און די יאָרן פאַרלענדן עס גיך. איך זע, ווי עס פאַלט איין פאַמעלעך אַרום מיר.

אָט איז די נאַרישע געשיכטע מיט דעטערינגען.

ער איז געווען איינער פון יענע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר זיך. זיין אומגליק איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט איינמאָל דערזען אין אַ גאָרטן אַ קירשנבוים. מיר זענען גראָד צוריק געקו־מען פון פראָנט און אָט־דער קירשנבוים איז אויסגעוואַקסן פאַר אונז פלוצלינג אין אַ פאַרטאָג נאָענט צו דער נייער קוואַרטיר, ווו דער וועג דרייט זיך אויס. קיין בלעטער האָט ער נישט געהאַט, אָבער ר'איז אינגאַנצן געווען ווי איין ווייסער קוסט מיט בליטן.

אין אָוונט האָט מען דעטערינגען נישט געזען. צום סוף איז ער געקומען צו גיין און האָט געהאַלטן אין דער האַנט עטלעכע צווייג־לעך מיט קאַרשן־בליטן. מיר האָבן גענומען זיך וויצלען און גע־פרעגט צי ער גייט אָנקוקן אַ כלה. ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר זיך געלייגט אויפן בעט. ביינאַכט האָב איך געהערט, ווי ער פאָרעט זיך. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז ער פאַקט זיך איין. איך האָב דערשמעקט די צרה און בין צו אים צוגעגאַנגען, ער האָט זיך גע־מאַכט נישט ווויסנדיק און איך האָב אים געזאָגט: — טו נישט אָפּ קיין נאַרישקייטן, דע־ערינג.

— אַך, ווער — כ'קאָן בלויז נישט איינשלאָפן.

צוליב וואָס־זשע האָסטו גענומען די קאַרש־־צווייגן? —

—כ'מעג דאָך נאָך האַלטן אַ קאַרשן־צווייג—האָט ער געענטפערט פאַרביסן. און אין אַ ווײַלע אַרום: — אין דער היים האָב איך אַ גרויסן אויבסט־גאָרטן מיט קאַרשן. ווען זיי בליען, זעען זיי אויס

פון היי-בוידעם ווי איין ווײס לײלעך, ווייסט דאָך, ס'איז איצט די צייט.

— אפשר וועט באַלד זיין אורלויב? ס'איז אויך מעגלעך, אַז מ'וועט דיר ווי אַן ערד־אייגנטימער, אָפּקאָמאַנדירן צו ערד־אַרבעט.

ער האָט צוגעשאָקלט דעם קאָפּ, אָבער דער קאָפּ זיינער איז נישט געווען דערבײ. ווען אָט די פויערן זענען אויפגערודערט, האָבן זיי אַ מאָדנע צורה, אַ מין מישונג פון קו און בענקנדיקן גאָט, האַלב נאַדישעוואַטע און האַלב דורכנעמענדיק. כדי אים אָפּצוזייסן פון אָט־דעם געדאַנק, האָב איך געפּרוווט בעטן ביי אים אַ שטיק ברויט. ער האָט עס מיר געגעבן מיט דער פולער האַנט. דאָס איז שוין נישט קיין גוטער סימן, ווייל געוויינלעך איז ער קאַרג. דע־[illegible]ר בי איך געבליבן וואַך באַנאַכט, ס'איז אָבער, גאָרנישט געשען. אויך צו מאָרגנס האָט ער זיך געפירט, ווי אַלעמאָל.

ער האָט, אַפּנים, פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אים אויפן אויג, פונדעסטוועגן איז ער איבערמאָרגן נעלם געוואָרן. איך האָב עס געזען, כ'האָב אָבער קיינעם נישט דערציילט. אפשר וועט עס אים געראָטן. קיין האָלאַנד איז שוין אַוועק נישט איינער.

אָבער ביים אַפּעל האָט זיין פעלן דערוועקט אַ חשד. אין אַ וואָך ארום זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז ס'האָבן אים געכאַפּט די פעלד־זשאַנדאַרמען, די עקלדיקע מיליטער־פּאָליציי. ער איז אַוועק אין דער זייט פון דייטשלאַנד — און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ ברכה לבטלה. אַקוראַט אַזוי נאַריש האָט ער, נאַטירלעך, זיך גענומען צו דעם גאַנצן עסק. יעדער וואָלט דערפון געקאָנט ארויס־דרינגען, אַז אַנטלויפן איז בלויז צוליב בענקעניש אַהיים און אין אַ מינוט פון צוטומלטקייט. אָבער וואָס פאַרשטייען אין די זאַכן מיטגלידער פון קריג־געריכט הונדערט קילאָמעטער הינטער דעם פראָנט? מיר האָבן וועגן דעטערינגען מער גאָרנישט געהערט.

*

טיילמאָל פלעגט אָבער אָט דאָס געפערלעכע, איינגעהאַלטענע אויסברעכן אויף אַן אַנדער אופן, ממש ווי פון אַ צו־שטאַרק ג־הייצטן פּאַרע־קעסל. דאָ איז כדאי צו דערציילן וועגן דעם סוף, וואָס בערגער האָט געהאַט.

אונזערע גרובנס זענען שוין לאַנג צעשאָסן און דער פֿראָנט איז געווען עלאַסטיש, אַזוי, אַז מיר האָבן אייגנטלעך מער נישט געפֿירט קיין אמתדיקע פּאָזיציע־קאַמפּן. נאָכדעם ווי עס זענען פֿאָרגעקומען אַטאַקעס און קאָנטער־אַטאַקעס, בלייבט אַ צעריסענע ליניע און אַ פֿאַרביטערטער קאַמף פֿון גרובן צו גרובן. די פֿאָדערשטע ליניע איז דורכגעבראָכן און אומעטום האָבן זיך געשאַפֿן גרופּעס, צו עטלעכע גרובנס, פֿון וועלכע מ׳האָט אַרויסגעשאָסן.

מיר זיצן אין אַ גרובן. אין אַ זייט געפֿינען זיך ענגלענדער. זיי האָבן צעשלאָגן די זייטיקע ליניע און קומען אויס הינטער אונז. מיר זענען אַרומגערינגלט. ס׳איז שווער זיך אונטערצוגעבן. איבער אונז קייקלט זיך אַ נעפּל און אַ רויך, קיינער וואָלט נישט דערקענט, אַז מיר ווילן קאַפּיטולירן. אפשר ווילן מיר עס טאַקע נישט, אין אַזעלכע מינוטן ווייסט מען אַליין נישט וואָס מען וויל. מיר הערן, ווי די גראַנאַטן רייסן־אויף אַלץ נענטער. אונזער מאַשין־געווער באַשיסט דעם פֿאָדערשטן האַלב־קרייז. דאָס קיל־וואַסער פֿאַרעט אויס. מיר שטעלן זיך אינדערגיך אַוועק ביי די קעסטלעך, יעדער פּישט אַריין און אַזוי־אַרום האָבן מיר ווידער וואַסער און מ׳קאָן ווייטער קנאַלן. אָבער הינטער אונז נעמט קראַכן אַלץ נענטער. אין עטלעכע מינוט אַרום זענען מיר פֿאַרלוירענע.

פֿון דער סאַמע נאָענט נעמט זעצן אַ צווייט מאַשינען־געווער. עס שטאַרט אַרויס פֿון אַ גרובן נעבן אונז. בערגער האָט עס געברענגט. איצט הויבט זיך אָן אַ קעגן־אַטאַקע פֿון הינטן. מיר רייסן זיך דורך און קריגן אַ פֿאַרבינדונג הינטן־אַרום.

ווען מיר האָבן שפּעטער געפֿינען מער־וויניקער אַ בעסערע דעקונג, האָט איינער פֿון די עסן־ברענגער דערציילט, אַז עטלעכע הונדערט טריט פֿון אונז ליגט אַ פֿאַרוווּנדערטער שמעק־הונט.

— ווו — פֿרעגט בערגער.

יענער מאָלט עס אים אָפּ. בערגער לאָזט זיך אַרויס ברענגען דעם כלב, אָדער אים דערשיסן. נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק וואָלטן אים אַזעלכע זאַכן נישט אָנגעגאַנגען, נאָר ער וואָלט זיך געהאַלטן מיושבדיק, מיר פּרוון אים אָפּהאַלטן, אָבער אַז מיר זעען, אַז יענער מיינט עס ערנסט, זאָגן מיר בלויז: „משוגע“ און לאָזן אים לויפֿן.

ווייל די דאָזיקע אָנפֿאַלן פֿון פֿראָנט־משוגעת ווערן געפֿערלעך, אויב מ׳קאָן נישט יענעם גלייך אַנידערוואַרפֿן אויף דער ערד און צוהאַלטן. אָבער בערגער איז אַ מעטער אַכציק די גרויס, דער שטאַרקסטער זעלנער אין דער קאָמפּאַניע.

ער איז פּאַקטיש משוגע, ווייל ער מוז דורכגיין דורכן סאַמע פֿייער. אָבער עס איז יענער בליץ, וואָס לאָקערט סוף־כל־סוף אויף יעדן פֿון אונז. ער האָט אים געטראָפֿן און משוגע געמאַכט. אַנדערע הויבן אָן אין אַזעלכע פֿאַלן צו געוואַלדעווען, צו אַנטלויפֿן. איינער האָט אפֿילו כסדר געפּרוווט זיך איינגראָבן אין דער ערד מיט די הענט, מיט די פֿיס און מיטן מויל.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ סך מאָל סימולירט מען בלויז אַזעלכע אָנפֿאַלן. אָבער דאָס סימולירן אַליין איז, אייגנטלעך, אויך שוין אַ סימן. בערגערן, וואָס האָט געוואָלט פּטור ווערן פֿונם הונט, טראָגט מען שפּעטער אַוועק מיט אַ בעקן־שאָס און אפֿילו איינער פֿון יענע, וואָס האָבן אים אַוועקגעטראָגן, האָט דערביי געקריגן אַ ביקס־קויל אין דער לידקע.

מיללער איז טויט. מ׳האָט אים גאָר פֿון דער נאָענט אַריינגעשאָסן אַ לייכט־קויל אין מאָגן. ער האָט נאָך געלעבט אַ האַלבע שעה ביים פֿולן פֿאַרשטאַנד און מיט גרויסע יסורים. איידער ר׳איז געשטאָרבן האָט ער מיר איבערגעגעבן זיין פּאָרטפֿעל און איבערגעלאָזט בירושה זיינע שטיוול, די אייגענע, וואָס ער האָט דעמאָלט געירשנט ביי קעמעריכן. איך טראָג זיי, ווייל זיי פּאַסן מיר גוט. נאָך מיר וועט זיי קריגן טיאַדען, איך האָב זיי אים צוגעזאָגט.

מיר האָבן אפֿילו געקאָנט מיללערן באַגראָבן, אָבער לאַנג וועט ער סיי־ווי־סיי נישט בלייבן ליגן אין זיין רו. אונזערע ליניעס גייען צוריק. זיי דאָרטן האָבן צופֿיל פֿרישע ענגלישע און אַמעריקאַנישע רעגימענטן. זיי האָבן צופֿיל קאָרנעד־בעף און ווייס ווייצן־מעל. און צופֿיל נייע האַרמאַטן. צופֿיל עראָפּלאַנען.

מיר אָבער זענען אויסגעדאַרט און אויסגעהונגערט. אונזער עסן איז אַזוי שלעכט און געמישט מיט אַזויפֿיל ערזאַץ־מישעכצער, אַז מיר ווערן קראַנק דערפֿון. די פֿאַבריקאַנטן אין דייטשלאַנד זענען רייך געוואָרן. אָבער ביי אונז ווערן די געדערים צעריסן פֿון בלוט־שלשול.

די לאַטרינע־שטאַנגען זענען תמיד געדיכט באַזעצט. מ׳וואָלט זיי געדאַרפט זען אין דער היים, אַט די גרויע, געלע, עלנטע הכנעה־דיקע פּנימער, אַט די פאַרקרומטע געשטאַלטן, ביי וועלכע די קראַנקע געדערים קוועטשן אַרויס דאָס בלוט פון לייב. העכסטנס קאָנען זיי נאָך מיט אויסגעקרימטע ליפּן, ציטערנדיקע פון יסורי־ה. חוזקן: ס׳לוינט גאָרנישט צוריק אַרויפצוציען די הויזן.

אונזער אַרטילעריע איז אויסגעשאָסן, זי האָט צו־ווייניק אַמוניציע. די רערן זענען אויסגעריבן, אַזוי, אַז זיי שיסן נישט זיכער און צעשפּריצן די קוילן נאָך צווישן אונז. מיר האָבן צו־ווייניק פערד. אונזער פרישע מיליטער באַשטייט פון אַנעמישע, אויסגעמוטשעטע יונגלעך, וואָס קאָנען נישט טראָגן קיין טאָרניסטער, און ווייסן בלויז, ווי אַזוי צו שטאַרבן. אין די טויזנטער. זיי קאָנען זיך לחלוטין נישט אין מלחמה־זאַכן, זיי גייען בלויז פאָרויס און לאָזן זיך צעשיסן. איין־און־איינציקער פליער האָט אין אַ שפּאַס אָוועקגעלייגט צוויי קאָמפּאַניעס פון זיי, נאָך איידער זיי האָבן געוווּסט, וואָס ס׳איז אַזוינס דעקונג, באַלד ווי זיי זענען נאָר אַרויס פון צוג.

— דייטשלאַנד מוז שוין באַלד זיין ליידיק — זאָגט קאַט.

מיר האָבן אַפילו נישט קיין האָפנונג, אַז ס׳קאָן אַמאָל נעמען אַן עק. מיר טראַכטן בכלל נישט אויף אַזוי ווייט. מ׳קאָן קריגן אַ קויל און געהרגעט ווערן. מ׳קאָן פאַרוווּנדעט ווערן, דעמאָלט איז די נאָענטסטע סטאַציע — דער לאַזאַרעט. אויב מ׳ווערט נישט אַמפּוטירט, פאַלט מען פריער אָדער שפּעטער אַריין אין די הענט פון יענע דאָקטוירים, וועלכע טראָגן זיך אַרום מיטן מלחמה־אָרדער אין לאָך פון קנעפּל און טוען אַ זאָג: — וואָס איז? דער פוס איז אַ ביסל קורצער? — אויפן פראָנט וועט איר נישט דאַרפן לויפן, אויב איר וועט האָבן מוט. דער מענטש איז ק. פ.*) אָוועקטרעטן!

קאַט דערציילט איינע פון די געשיכטעס, וואָס זענען זיך [illegible]־לאָפן איבערן גאַנצן פראָנט, פון די וואָגעזן ביז פלאַנדריען. אַ מעשה פון אַ שטאַב־דאָקטאָר, וואָס פלעגט אויסרופן אַ נאָמען בעת דעם

---

*) ק. פ. „קריגס־פערווענדונגס־פעהיג", ד. ה. פעיק צו מלחמה־דינסט.

איבערקוק און ווען יענער איז צוגעקומען, פלעגט ער אים אפילו נישט אָנקוקן און גלייך זאָגן: — ק. פּ. מיר דאַרפן האָבן סאָלדאַטן אויפן פראָנט. איינמאָל איז צוגעקומען אַ מענטש מיט אַ הילצערנעם פוס. דער שטאַב־דאָקטאָר זאָגט ווידער ק. פּ. אָבער יענער — קאָט נעמט רעדן דערביי העכער — זאָגט צום דאָקטאָר: אַ הילצערנעם פוס האָב איך שוין. איצט, אַז כ׳וועל אַוועק אויפן פראָנט און מ׳וועט מיר אָפּשיסן דעם קאָפּ אויך, — וועל איך מיר לאָזן מאַכן אַ הילצערנעם קאָפּ און ווערן שטאַב־דאָקטאָר. — מיר זענען אַלע שטאַרק צופרידן פון אָט־דער תשובה.

עס זענען פאַראַן אויך גוטע דאָקטוירים, און אפילו אַ סך. פונדעסטוועגן, איינמאָל צווישן הונדערט וויזיטן פאַלט אַ זעלנער אַריין אין די הענט פון איינעם פון יענער גרויסער צאָל העלדן־כאַפּערס, וואָס באַמיען זיך, וואָס מער א. פּ.*) און ג. פּ.**) פון זייער ליסטע צו פאַרוואַנדלען אין ק. פּ.

מ׳הערט גאַנץ אָפט אַזעלכע מעשיות און על־פּי־רוב — נאָך ערגערע. אָבער זיי האָבן פונדעסטוועגן גאָר נישט צו טון מיט מרידה און דעפעטיזם. די מעשיות זענען ערלעכע און רופן אָן די זאַכן ביים נאָמען. ווייל אַ סך שווינדלעריי, אומגערעכטיקייט און געמיינהייט ווערט אָפּגעטון ביים מיליטער. איז עס דען נישט זייער אַ סך, ווען נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען, גייט פונדעסטוועגן איין רעגימענט נאָכן אַנדערן אין קאַמף, וועלכער ווערט אַלץ יאושדיקער און איין אַטאַקע גייט נאָך דער אַנדערער, כאָטש די ליניע רוקט זיך צוריק און ווערט צעבראָקלט?

די טאַנקען זענען פון אַ חוזק געוואָרן אַ שווער כלי־זין. זיי קומען צו פאָרן געפּאַנצערטע, אין אַ לאַנגער שורה און פאַרקערפּערן מיט זיך מער פון אַלץ דעם גרויל פון דער מלחמה.

די האַרמאַטן, וואָס האָגלען אויף אונז מיט פייער, זעען מיר נישט. די אַטאַקירנדיקע ליניעס פון שונא באַשטייען פון מענטשן, גלייך ווי מיר, אָבער אָט־די טאַנקען זענען מאַשינען, זייערע קייטן־

---

*) A. V. אַרבעטס־פאַרווענדונגס־פעיק ד. ה. פעיק צו קאַזאַרמע־אַרבעט.

**) G. V. גאַרניזאָנס־דינסט־פעיק ד. ה. פעיק צו קאַזאַרמע־דינסט.

בענדער ציען זיך אן א סוף, ווי די מלחמה אליין. ווען זיי פארן אן רחמנות אריין אין א גרובן און קלעטערן צוריק ארויס, לאזן זיי איבער נאך זיך א חורבן. קיין זאך קאן זיי נישט אפהאלטן, עס איז א פלאט פון ברילנדיקע, רויך-שפייענדיקע פאנצערס, שטאלענע חיות, וואס בלייבן אליין שטענדיק גאנץ און צעקוועטשן אפילו טויטע און פארוואונדעטע — — אונזער דינע הויט ווערט איינגעשרומפן פאר זיי, קעגן זייער קאלאסאלער גבורה זענען אונזערע הענט ווי שטרויען און אונזערע האנט־גראנאטן — שוועבעלעך.

גראנאטן, גאז־וואלקן, טאנקן־פלאטילעם — צעטרעטונג, דעפערסונג, טויט.

בלוט־שלשול, גריפע, טיפוס — דערווארגונג, פארברענונג, טויט.

שויץ-גרובן, לאזארעט, מאסן־קבר. מער קיין מעגלעכקייטן זיינען נישט פאראן.

*

ביי איינער אן אטאקע איז געפאלן אונזער קאמפאניע־פירער בערטינק. ער איז געווען איינער פון יענע פרעכטיקע פראנט־אפיצירן, וואס תיכף ווי ס'הויבט אן שמעקן מיט פולווער, גייען זיי פארויס. צוויי יאר צייט איז ער געווען ביי אונז און אפילו קיין איין מאל נישט פארוואונדעט געווארן. האט סוף־כל־סוף געמוזט עפעס געשען. מיר זיצן אין א לאך און זענען ארומגערינגלט. צוזאמען מיטן טשאד פון פולווער ווייעט אריין א געשטאנק פון אייל, אדער נאפט. מיר אנטדעקן צוויי מאן מיט פלאמען־ווארפערס. איינער טראגט דאס קעסטל אויפן רוקן, דער אנדערער האלט אין דער האנט א רער, פון וועלכער ס'שפריצט מיט פייער. אויב זיי וועלן צוקומען נאענט צו אונז דערגרייכן, זענען מיר פארטיקע. ווייל לויפן אויף־צוריק קאנען מיר גראד איצט נישט.

מיר נעמען זיי אונטערן פייער. אבער זיי רוקן זיך פונדעסטוועגן צו אלץ נענטער און ס'ווערט שלעכט. בערטינק ליגט מיט אונז אין לאך. ווען ער דערזעט, אז מיר קאנען נישט טרעפן, ווייל ביי דעם שארפן פייער מוזן מיר כסדר האבן אין זינען די דעקונג, נעמט ער די ביקס, קריכט ארויס פון לאך און צילט, ליגנדיק אנגעשפארט. ער גיט א שאס — אבער אין דער זעלבער רגע פאלט א קויל נעבן

זיִם מיט אַ קנאַקעריי. ס'טרעפט אים. פונדעסטוועגן בלייבט ער ליגן אין צילט ווייטער. אויף אַ ווײַלע רייסט ער איבער און דערנאָך נעמט ער ווידער צילן אויפסניי. צום סוף גיט אַ קראַך אַ שאָס. בערטינק לאָזט אַרויס די ביקס פון האַנט, זאָגט „גוט“ און גליטשט זיך אַראָפּ. דער הינטערשטער פון ביידע פלאַמען־וואַרפערס איז פאַרוואונדעט. ער פאַלט אַנידער. די רער פאַלט אַרויס ביים צווייטן פון דער האַנט, דאָס פייער שפּריצט אויף אַלע זייטן, דער ערשטער נעמט ברענ׳זן.

בערטינק האָט געקריגן אַ ברוסט־שאָס. שפּעטער מיט אַ ווײַלע רייסט אים אַ שפּליטער אָפּ דעם קין, דער זעלבער שפּליטער האָט נאָך אין זיך דעם כוח ביי לעערן אויפצורייסן די היפּט. לעער קרעכצט און גיט אַ פאַל אויף די הענט. ער גייט אָפּ מיט בלוט גאָר־גיך, קיינער קאָן אים נישט העלפן. ווי אַן אויסגעליידיקטע רער פאַלט ער נאָך עטלעכע מינוט שווער אַוועק. וואָס קומט אים איצט אַרויס, וואָס אין דער שול איז ער געווען אַזאַ גוטער מאַטעמאַטיקער?

*

די חדשים רוקן זיך ווייטער. און דער זומער 1918 איז דער בלוטיקסטער און דער שווערסטער. די טעג שטייען נישט צום באַנעמען ווי מלאכים אין גאָלד און אין בלוי איבער דעם קרייז פון פאַרלענדונג. יעדער ווייסט דאָ, אַז מיר פאַרשפּילן די מלחמה. מ'רעדט נישט וועגן דעם אַ סך, מיר גייען צוריק. נאָך אָט־דער גרויסער אָפּענסיווע וועלן מיר נישט קאָנען אַטאַקירן, מיר האָבן מער נישט קיין מענטשן און קיין אַמוניציע.

פונדעסטוועגן, דער קריג געדויערט ווייטער. מ'שטאַרבט ווייטער —

זומער 1918 — קיינמאָל האָט דאָס לעבן אין זיין אָרימער געשטאַלט נישט אַזוי צוציִגן ווי איצט. דער רויטער ווילדער מאָן אויף די לאָנקעס, ווו מיר זענען געשטאַנען, די גלאַטע אינזעקטן אויף די גרעזלעך, די וואַרימע אָוונטן אין די האַלב־טונקעלע, קילע ציטערן, די שוואַרצע סודותדיקע ביימער אין בין־השמשות, די שטערן און דאָס פליסן פון וואַסער, די חלומות און דער לאַנגער שלאָף — אָ, לעבן, לעבן, לעבן!

זומער 1918 — מ'האָט קיינמאָל נישט אַזויפיל געליטן שווייגנ־

דיקערהייט ווי דעמאָלט אין דער רגע פון אַרויסמאַרש צום פראָנט. די ווילדע און אויפבראויזנדיקע ידיעות וועגן וואָפנשטילשטאַנד און שלום זענען אַרויפגעשוווּמען. זיי האָבן צעטומלט די מוחות און געמאַכט דעם אַרויסמאַרש שווערער ווי אַלעמאָל.

זומער 1918 — קיינמאָל איז דאָס לעבן אויפן פראָנט נישט געווען ביטערער און גרויליקער ווי אין די שעהן פון פייער, ווען די בלייכע פנימער ליגן אין שמוץ און די הענט זענען פאַרקראַמפט, פול מיט איין-און־איינציקן: ניין! ניין! נישט גראָד איצט! נישט גראָד איצט אין דער לעצטער רגע!

זומער 1918 — אַ ווינט פון האָפענונג, וואָס גליטשט זיך איבער די פאַרבראַנטע פעלדער, ווילד פיבער פון אומגעדולד און אָפּגענאַרטקייט, ווייטיקטיקער שוידער פון טויט, אַ פראַגע, וואָס לאָזט זיך נישט באַנעמען: פאַרוואָס? פאַרוואָס מאַכט מען נישט קיין סוף? און פאַרוואָס פלאַטערן-אויף די דאָזיקע קלאַנגען וועגן אַ סוף?

*

עס זענען דאָ פאַראַן אַזויפיל פליער און זיי פילן זיך אַזוי זיכער, אַז זיי יאָגן זיך נאָך מענטשן, ווי נאָך האָזן. אויף יעדן דייטשן אַעראָפּלאַן זענען פאַראַן מינדעסטנס פינף ענגלישע און אַמעריקאַנישע, אויף איין דייטשן הונגעריקן מידן סאָלדאַט אין גרובן זענען ביים שונא פאַראַן פינף, געזונטע, פרישע, אויף יעדן דייטשן זעלנערישן ברייטל זענען דאָרטן דאָ פופציק פושקעס פלייש־קאָנסערוון. מיר זענען נישט צעקלאַפּט, ווייל סאָלדאַטן זענען מיר בעסערע און מער אויסגעפּרוּווטע פון זיי. מיר זענען פשוט צעקוועטשט און צוריקגעוואָרפן פון דער מערפאַכיקע איבערמאַכט.

עטלעכע וואָכן האָבן מיר געהאַט רעגנס. אַ גרויער הימל, אַ גרויע צעפלאָסענע ערד, אַ גרוי שטאַרבן. בעת מיר פאָרן אַרויס, נעצט אַריין די פייכטקייט דורך די מאַנטלען און די אוניפאָרמען. און אַזוי בלייבט עס די גאַנצע צייט אויפן פראָנט. מיר קאָנען גאָרנישט טריקן ווערן. ווער ס'האָט נאָך שטיוול, בינדט זיי צו אינדערהויך מיט זאַמד־זעקלעך, כדי דאָס ליימיקע וואַסער זאָל נישט אַזוי גיך אַריינרינען. די ביקסן ווערן באַוואַקסן מיט שמוץ, די אוניפאָרמען אויך, אַלץ איז צעגאָסן און ס'צעגייט — אַ טריפנדיקע, פייכטע, אייליקע

בלאָטע, אין וועלכער ס'שטייען געלע קאַלוזשעס מיט ספּיראַלע רויטע בלוט־ריטשקעס. ס'פּאַרזינקען דאָרטן ביסלעכווייז טויטע, פאַרוואונדעטע און אַזעלכע, וואָס מוטשען זיך נאָך.

דער שטורם שמייסט אונז, דער גראַנאַטן־האָגל רייסט מיט זיך מיט פון דער מטושטשער גרויקייט און געלקייט די שפּיציקע, קינדישע געשרייען פון די געטראָפענע און אין די נעכט קרעכצט לאַנג דאָס צעריסענע לעבן, איידער ס'ווערט פאַרשוויגן.

אונזערע הענט זענען ערד, אונזערע קערפּערס — ליים און אונזערע אויגן — קאַלוזשעס רעגן. מיר ווייסן נישט, צי מיר לעבן נאָך.

דערנאָך נעמט זעצן אין אונזערע לעכער אַריין אַ היץ, פייכט און דושנע און אין יענעם סוף זומער, ביים עסן־ברענגען איז אומגעפאַלן קאַט. מיר ביידע זענען געווען אַליין. איך פאַרבינד אים די וואונד. דוכט זיך, אַז ס'איז צעשמעטערט געוואָרן דער פוס־ביין. עס איז אַ שאָס אין ביין און קאַט קרעכצט פאַרצווייפלט: — גראָד איצט — גראָד איצט —

איך טרייסט אים. — ווער ווייסט ווי לאַנג דאָס גיהנם וועט נאָך דויערן! איצט ביסטו קודם כל געראַטעוועט.

די וואונד הויבט אָן שטאַרק צו בלוטיקן, איך קאָן נישט איבערלאָזן קאַטן אַליין און אוועק נאָך אַ טראָג־בעטל. כ'ווייס אויך נישט, וווּ ס'איז דאָ ערגיץ פאַראַן נאָענט אַ סאַניטאַרן־סטאַציע.

קאַט איז נישט זייער שווער, דערפאַר נעם איך אים אויפן רוקן און גיי מיט אים צוריק צום באַנדאַזשיר־פּלאַץ.

צוויי מאָל רוען מיר זיך אָפּ. צוליב דעם שלעפּן האָט ער שטאַרקע יסורים. מיר רעדן נישט אַ סך, איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָלנער פון מיין קורטקע און סאָפּע שטאַרק. איך שוויץ און מיין פּנים איז אַזש אָנגעדראָלן — אַזוי שטרענג איך מיך אָן ביים טראָגן. אונדעסטוועגן שפּאַר איך מיך איין, אַז מיר זאָלן גיין ווייטער, ווייל דער שטח איז געפערלעך.

— מיר גייען ווייטער, קאַט?

— נישטאָ קיין ברירה, פּאַול.

— איז — געגאַנגען.

איך שטעל אים אויף, ער שטייט אויף דעם געזונטן פוס און

האַלט זיך צו בײַ אַ בוים. דערנאָך נעם איך פּאַרזיכטיק אָן דיָם פּאַרוווּנדעטן פוס. ער גיט זיך אַ רוק אַרויף און כ׳נעם אָן אונטערן אָרעם אויף די קני פון דעם געזונטן פוס.

אונזער וועג ווערט אַלץ שווערער. טײַלמאָל גיט אַ פײַף נאָענט אַ גראַנאַט. איך גיי אַזוי גיך, ווי כ׳קאָן, ווײַל דאָס בלוט פון קאַטס וווּנד קאַפּעט כסדר אַראָפּ. מיר קאָנען זיך קנאַפּ שיצן פאַר די שאָסן, ווײַל איידער מיר נעמען דעקונג, איז שוין די קויל לאַנג אַריבער.

כדי אָפּצוואַרטן, לייגן מיר זיך אַוועק אין אַ קליינעם לאָך. איך גיב קאַטן טיי פון מײַן פעלד־פלאַש. מיר רויכערן אַ פּאַפּיראָס.

— יאָ, קאַט, — זאָג איך מרה־שחורהדיק, — און איצט מוזן מיר זיך צעשיידן.

ער שווײַגט און קוקט מיך אָן.

— געדענקסט נאָך, קאַט, ווי מיר האָבן רעקווירירט די גאַנז? און ווי דו האָסט מיך אַרויסגעראַטעוועט פון קלעם, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער רעקרוט און דאָס ערשטע מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן? דעמאָלט האָב איך נאָך געוויינט. קאַט, ס׳איז שוין איצט כמעט דרײַ יאָר.

ער שאָקלט צו.

עס דערוואַכט אין מיר די שרעק פאַר דעם אַליין זײַן. נאָכדעם ווי מ׳וועט קאַטן אָפּשיקן, האָב איך מער דאָ קיין שום פרײַנט נישט.

— קאַט, מיר מוזן זיך נאָך אויף יעדער פאַל זען, אויב ס׳וועט ווערן שלום איידער דו וועסט צוריקקומען.

— דו האַלטסט, אַז איך וועל מיט דעם אָט־דעם פוס נאָך זײַן אַמאָל ק. פ.? — פרעגט ער ביטער.

— דו וועסט אים רויִק אויסהיילן, דאָס געלענק איז דאָך אין אָרדנונג. אפשר וועט עס נאָך אינגאַנצן ווערן גוט.

— גיב מיר נאָך אַ פּאַפּיראָס — זאָגט ער.

— אפשר וועלן מיר שפּעטער קאָנען עפּעס אויפטון צוזאַמען. קאַט — איך בין זייער טרויעריק, ס׳איז אוממעגלעך, אַז קאַט, — קאַט, מײַן פרײַנט, קאַט מיט די נאָכהענגנדיקע אַקסלען און מיט די דינע, ווייכע וואָנסעס, קאַט, וועלכן איך קען אַנדערש ווי יעדן אַנדערן מענטש, קאַט, מיט וועלכן כ׳בין געווען צוזאַמען אָט די

יאָרן, — ס'איז אוממעגלעך, אַז איך זאָל אפשר קאַטן מער נישט זען.

— גיב מיר דיין אַדרעס פון דער היים, קאַט, פאַר יעדן פאַל. און דאָ האָסטו מיינעם, איך שרייב אים דיר אויף.

איך לייג אַריין דאָס צעטל אין בוזעם־קעשענע. כאָטש ער יאָגט נאָך לעבן מיר, פיל איך מיך שוין אַזוי פאַרלאָזן. זאָל איך מיר גע־שווינד אַריינשיסן אין פוס, כדי צו קאָנען בלייבן מיט אים צוזאַמען?

קאַט נעמט פלוצלינג גאָרגלען מיטן האַלז און ווערט גרין און געל. — לאָמיר ווייטער גיין — שטאַמלט ער.

איך שפּרינג־אויף און גלי אַזש פון ווילן אים צו העלפן. איך הויב אים הויך אויף און נעם לויפן, אויסגעצויגן, פּאַמעלעך און כסדר, כדי זיין פוס זאָל זיך נישט וואַרפן.

איך לויף אַ פאַרעקשנטער, טשאַפּע אָן רחמנות, און ווען כ'קום סוף־כל־סוף אָן אין דער סאַניטאַרן־סטאַציע, איז מיין האַלז אויסגעטרוקנט, פאַר די אויגן לויפן רויטע און שוואַרצע פינטלען.

דאָרטן ברעכן זיך אונטער מיר די קני, כ'האָב אָבער נאָך אויף אַזויפיל כוח אומצופאַלן אין יענער זייט, וווּ ס'הענגט קאַטס געזונ־טער פוס. פּאַמעלעך הויב איך מיך אין עטלעכע מינוט אַרום צוריק אויף. מיינע הענט און פיס ציטערן שטאַרק, עס קומט מיר אָן שווער צו געפינען מיין פעלד־פלאַש, פון וועלכער איך נעם אַ טרינק. די ליפן ציטערן מיר דערביי. אָבער איך שמייכל. קאַט איז אויף אַ זי־כער אָרט.

אין אַ ווײַלע אַרום הויב איך אָן אונטערשיידן די פאַרוווירטע קולות, וואָס הילכן אין מיין אויער.

— דאָס האָסטו דיר געקאָנט פאַרשפּאָרן — זאָגט אַ סאַניטאַר.

איך קוק אים אָן און פאַרשטיי נישט.

ער ווייזט אָן אויף קאַטן: — ר'איז דאָך טויט.

איך באַנעם עס נישט. ער האָט אַ פוס־ביין־שאָס — זאָג איך.

דער סאַניטאַר בלייבט שטיין: — יאָ, דאָס אויך —

איך דריי מיך אוים. מיינע אויגן זענען נאָך אַלץ פאַרטונקלט, ס'באַשלאָגט מיך אויפסניי אַ שוויים און רינט איבער די וויעס.

איך ווייש אים אָפּ און גיב אַ קוק צו קאַטן. ער ליגט שטיל. — אין חלשות — זאָג איך.

דער סאַניטאַר גיט אַ שטילן פֿייף. — איך קען מיך בעסער דערויף, ר'איז טויט. איך וועט מיך, אין וויפֿל דו ווילסט.

איך שאָקל דעם קאָפּ: — אויסגעשלאָסן! ערשט מיט צען מינוט צוריק האָב איך מיט אים גערעדט. ער חלשט.

קאַטס הענט זענען וואַרעם, איך נעם אים אָן בײַ די נאַקעטע אַקסלען, און וויל אים אויסרייבן מיט טיי. אָבער אין דער רגע דערפֿיל איך, ווי מײַנע פֿינגער ווערן נאַס. ווען איך נעם זיי אַרויס הינטער זײַן קאָפּ, זע איך, אַז זיי זענען פֿאַרבלוטיקט. דער סאַניטאַר פֿײַפֿט ווידער פֿון צווישן די ציין: — זעסטו —

אונטערוועגס האָט קאַט — כ'האָב עס אַליין נישט באַמערקט — געקריגן אַ שפּליטער אין קאָפּ. ס'איז דאָ בלויז אַ קליין לעכל, ס'האָט געמוזט זײַן אַ לייכטער, פֿאַרבלאָנדזשעטער שפּליטער, אָבער ר'איז גענוג געווען. קאַט איז טויט.

איך שטיי פּאַמעלעך אויף.

— ווילסטו מיטנעמען זײַן לוין־בוך און זײַנע זאַכן? — פֿרעגט מיך דער געפֿרייטער.

איך שאָקל מיטן קאָפּ און ער גיט זיי מיר.

דער סאַניטאַר וווּנדערט זיך: — איר זענט דאָך נישט קיין קרובים?

— ניין, מיר זענען נישט קיין קרובים. ניין, מיר זענען נישט קיין קרובים.

איך גיי? איך האָב נאָך פֿיס? איך הייב אויף די אויגן, לאָז דעם בליק גיין אַרום און אַרום און איך דריי מיך מיט זיי מיט, אין אַ קרייז, אין אַ קרייז, ביז איך בלייב שטיין. אַלץ איז ווי געווען. בלויז דער לאַנדוועקמאַן סטאַניסלאַוו קאַטשינסקי איז געשטאָרבן.

דערנאָך ווייס איך מער נישט, וואָס ס'טוט זיך מיט מיר.

ס'איז האַרבסט. פון די אַלטע זעלנער איז ווייניק געבליבן, איך בין דער לעצטער פון די זיבן, וואָס זענען געקומען אַהער פון אונזער קלאַס.

אַלע רעדן פון שלום און וואַפנשטילשטאַנד. אַלע וואַרטן. אויב זיי וועלן זיך ווידער אָפּנאַרן, וועלן זיי עס מער נישט אויסהאַלטן. די האָפנונגען זענען צו־שטאַרק, אויב זיי וועלן נישט מקויים ווערן, איז אוממעגלעך, ס'זאָל נישט עקספּלאָדירן. אויב ס'וועט נישט זיין קיין שלום, וועט זיין רעוואָלוציע.

איך באַקום פערצן טעג אָפּרו, ווייל כ'האָב אַראָפּגעשלונגען אביסל גאַז. אַ גאַנצן טאָג זיץ איך אין אַ קליין גערטנדל קעגן דער זון. ס'וועט בקרוב זיין וואָפנשטילשטאַנד, איך גלויב עס איצט אַליין אויך. דאַמאָלסט וועלן מיר אַהיימפאָרן.

דאָ בלייבן מיינע געדאַנקען שטיין און רירן זיך נישט פון אָרט. אויב עפּעס פאַרכאַפּט מיך מיט אַ גרויסער קראַפט און וואַרט אויף מיר — זענען עס בלויז געפילן. עס איז תאווה צום לעבן, ס'איז ליבע צו דער היים, ס'איז דאָס בלוט, ס'איז דאָס שכרות פון געראַטעוועט ווערן. אָבער קיין צילן זענען עס נישט.

ווען מיר וואָלטן אַהיימגעקומען אין 1916, וואָלטן מיר פון דער ווייטאָק און פון כוח פון אונזערע איבערלעבענישן אויפגעהויבן אַ שטורם. אָבער ווען מיר וועלן צוריקקומען יעצט, וועלן מיר זיין מיד, אויסגעוואָרצלט און אָן אַ האָפנונג. מיר וועלן זיך מער קיין אָרט נישט געפינען.

מען וועט אונז אויך נישט פאַרשטיין — ווייל פאַר אונז וואַקסט אַ דור, וואָס האָט, אמת, פאַרבראַכט צוזאַמען מיט אונז יאָרן; ער האָט, אָבער, אַ היים און אַ פּראָפעסיע און איצט גייט ער צוריק צו זייערע אַלטע פּאָזיציעס, אין וועלכע ער וועט פאַרגעסן דעם קריג. הינטער אונז, ווייטער, וואַקסט אַ דור, ווי מיר אַמאָל. ער וועט

אונז זיין פרעמד און וועט אונז אוועקשאַרן אין אַ זייט. מיר זענען איבעריק פאַר זיך אַליין, מיר ווילן וואַקסן, אַ טייל וועט זיך צופּאַסן, אַנדערע וועלן זיך אַריינפּאַסן און אַ סך וועלן זיך טאַקע נישט קאָ־נען קיין עצה טון. די יאָרן וועלן צערינען און צום סוף וועלן מיר גיין צום גרונד.

אָדער אפשר איז דאָס אַלץ, וואָס איך טראַכט בלויז מרה־שחורה און עגמת־נפש, וואָס וועט צעזייט ווערן ווי שטויב, ווען איך וועל ווידער שטיין אונטער די טאָפּאָלעס און צוהערן זיך צום רויש פון זייערע בלעטער? ס׳קאָן נישט זיין, אַז ס׳איז אויסגעטרוקנט געוואָרן אָט־דאָס האַרציקע, וואָס האָט געמאַכט אונזער בלוט אומרויק, אָט־דאָס אומזיכערע, איבערשרעקנדיקע, אָנקומענדיקע, די טויזנטער פנימער פון דער צוקונפט, די מעלאָדיע פון חלומות און ביכער, דאָס רוישן און די פאָרגעפילן וועגן פרויען, עס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז דאָס אַלץ איז אונטערגעגאַנגען אין האַרמאַטן־פייער, פאַרצווייפ־לונג און אין די זעלנער־באָרדעלן.

די ביימער דאָ לייכטן דאָ פאַרביק און גאָלדן, די בערעלעך לייכטן רויט פון צווישן די בלעטער, די לאַנד־וועגן לויפן ווייס צום האָריזאָנט צו און די קאַנטינעס זשומען ווי בינשטאָקן פון די אַלע שלום־קלאַנגען.

איך שטיי אויף.

איך בין זייער רויק. זאָלן גיין די חדשים און די יאָרן, ביי מיר וועלן זיי שוין גאָרנישט צונעמען, זיי קאָנען ביי מיר שוין גאָרנישט נעמען. איך בין אַזוי אַליין און ריכט מיך אַזוי ווייט אויף גאָר־נישט, אַז כ׳קאָן אויף זיי וואַרטן אָן מורא. דאָס לעבן, וואָס האָט מיך געטראָגן אין די דאָזיקע יאָרן, איז נאָך אין מיינע הענט און אין מיינע אויגן. צי כ׳האָב עס גובר געווען — ווייס איך נישט, אָבער אַזוי לאַנג, ווי ס׳איז דאָ, וועט עס זוכן זיין וועג. מעג דאָס, וואָס זאָגט אין מיר „איך“, יאָ וועלן אָדער נישט וועלן.

*   *
*

ער איז געפֿאַלן אין אָקטאָבער 1918, אין אַ טאָג וואָס איז אויפֿן גאַנצן פראָנט געווען אַזוי רויק און שטיל, אַז דער מיליטער־באַריכט האָט זיך באַנוגנט בלויז מיט דעם איינעם זאַץ: אויפֿן מערב־פראָנט — קיין נייעס.

ער איז געפֿאַלן אויפֿן פּנים און איז געלעגן אויף דער ערד, ווי אין שלאָף. ווען מ'האָט אים אויסגעדרייט, האָט מען געזען, אַז ער האָט זיך, מסתמא, לאַנג נישט געמוטשעט. זיין פּנים האָט געהאַט אַזאַ רויקן אויסזען, גלייך ווי ער וואָלט כמעט צופֿרידן געווען דערמיט, וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט.